שרה האַמער־דזשאַקלין

# לעבנס און געשטאַלטן

(דערציילונגען)

צייכענונגען פון לאָלאַ.

אַרויסגעגעבן פון דער נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייעטי

ניו־יאָרק, 1946

# נאָוואָראַדאָמסק

נאָוואָראַדאָמסק — אַ שטעטל אין פּוילן. איידער דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דאָס שטעטל געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַ צען טויזנט, און איז געווען אַ צענטער פון אידישער טראַדיציע און לעבנס־שטייגער. היינט איז פּאַקטיש דאָרט מער ניטאָ קיין אידיש לעבן.

צו שטעלן אַ מאָנומענט די קדושים פון נאָוואָראַדאָמסק איז נאָך צו־פרי, — די וואונד איז נאָך צו־פריש, אָבער צו פאַרפיקסירן קינסט־לעריש דאָס אַמאָליקע אידישע לעבן אין קליינעם שטעטל, איז זיכער ווינשנסווערט און אין צייט.

אונדזער באַגאַבטע לאַנדספרוי, די שריפטשטעלערין שרה האַמער־דזשאַקלין, וואָס שטאַמט פון אַ חסידישער משפּחה, האָט אין אירע דערציילונגען אויפגעלעבט אַ גאַלעריע „לעבנס און געשטאַלטן״ פון אונדזער שטעטל.

די נאָוואָראַדאָמסקער לאַנדסלייט זיינען שטאָלץ, וואָס זייער היים־שטאָט האָט אַרויסגעגעבן אַ באַגאַבטע שריפטשטעלערין, און זיי זיינען העכסט צופרידן וואָס זיי האָבן די געלעגנהייט אַרויסצוגעבן אירע דערציילונגען אין בוך־פאָרם.

די נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייעטי דריקט אויס אַ דאַנק צו אַלע מיטגלידער פונעם בוך־קאָמיטעט, ווי אויך צו אַלע לאַנדסלייט, פאַר זייער הילף אין אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

שרה האַמער־דזשאַקלין בוך קאָמיטעט
פון דער נאָוואָראַדאָמסקער סאָסייעטי.

ס א ל  ג ר י נ ב ע ר ג , ערן־פאָרזיצער.

מיין היים-שטאָט נאָוואָראַדאָמסק געווידמעט.

# אינהאַלט:



## צייכענונגען פון לאָלאַ:

# דער רבי איז נפטר געוואָרן

— דער רבי איז זייער חרוב, און ער דאַרף האָבן גרויס חסד, אַז ער זאָל געזונט ווערן.

אָט־די ווערטער האָט דער טאַטע, אַ דערשלאָגענער, אַרויסגערעדט צו דער מאַמען ווען ער איז אַריין אין הויז בין מנחה למעריב.

— פאַראַיאָרן הושענא רבה, איז ער אויך געווען פאַרביי, און ער איז געזונט געוואָרן, און מיט גאָטס הילף, וועט ער איצט אויך געזונט ווערן, — האָט אים די מאַמע געטרייסט.

— דער אויבערשטער וואַכט און היט־אָפּ אַזעלכע צדיקים ווי ר׳ יחזקאלע ראַדאָמסקער, — האָט זי פרום צוגעגעבן.

דערווייל האָט די שטאָט געקאָכט, קהל איז געלאָפן אויפן „גוטן אָרט״ בעטן פאַרן רבינס געזונט. מען האָט מיט ווייסע לייוונט אויס־געמאָסטן דעם בית־עולם, חסידים האָבן זיך געצויגן פון נאָענט און ווייט צום רבינס הויף, און דער בית־מדרש איז געווען געפּאַקט מיט ישיבה־בחורים, חסידים, סוחרים און באַלעבאַטים, וועלכע האָבן געזאָגט תהילים און געבעטן אַ רפואה שלמה פאַרן רבין.

אין „הויף״, אונטערן פרייען הימל, זיינען געשטאַנען ווייבער מיט פאַטשיילעס אויף די קעפּ און זיך איינגעהערט אין די טרויעריקע טע־נער, וועלכע האָבן זיך געטראָגן פון בית־מדרש „צום דרויסן״ און פאַר־ווייינט די לופט. זיי האָבן זיך פרום געשאָקלט צום טאַקט פון תהילים־ניגון און דערביי עפּעס שטיל געשעפּטשעט. זייערע בליקן זיינען גע־ווען געווענדעט צום רבינס חדר, וואו עס איז געלעגן דער הייליקער חולה.

אויפן שוועל פון רבינס שטוב האָט זיך באַוויזן רב יוחנן, דעם רבינס עלטסטער גבאי. ער האָט געלאָזט וויסן דעם עולם, אַז די היץ האָט אָפּ־געלאָזט און דער רבי פילט, געלויבט השם יתברך, בעסער.

דער עולם האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און זיך געלאָזט מיט גרינגערע געמיטער צו זיך אַהיים.

דורך דער וואָך האָבן זיך אין שטאָט געטראָגן פאַרשיידענע קלאַנ־גען: אָט האָט מען געהערט, אַז דעם רבין ווערט בעסער, און אָט האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דעם רבין איז ערגער.

דערפאַר האָט מיך מיין מאַמע געשיקט צום זיידן יוחנן, געוואָר ווערן וואָס עס מאַכט דער רבי, ווייל מיין זיידע איז דאָך געווען דעם רבינס גבאַי און זיין רעכטע האַנט.

ס'איז געווען אין אַ פרייטיק נאָכמיטיק. געוויינלעך פלעג איך אַלע פרייטיק אין דער צייט גיין צו דער באָבען נאָך אַ יאַגדע־קיכעלע. דאָס מאָל בין איך אָבער געגאַנגען מיט אַ שליחות. ווען איך בין אַריין אין הויז און דערזען דעם גרויסן בעקן, אויף וועלכן ס'זיינען געווען אויס־געלייגט צו פינף אין אַ שורה פריש־געבאַקענע קיכעלעך, פון וועלכע עס איז נאָך געגאַנגען אַ הייסע פאַרע און גערונען דער יאַגדע־סאָק, האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן אָן מיין „מיסיע" און בין אַ פאַרגאַפטע געבליבן שטיין ביים בעקן.

דער זיידע יוחנן איז אַריינגעקומען פון אַ זייטיקן חדר אָן אויסגע־פוצטער. די לאַנגע ווייסע באָרד פאַרקעמט, אין די שבתדיקע מלבושים, אין אַ שוואַרצע אַטלאַסענע זשופּעצע, מיטן שטריימל. די ווייסע זאָקן האָבן געמיניעט פון אונטער דער לאַנגער קאַפּאָטע. אַ נידעריקער, אַ דאַרער, אָן איינגעשרומפּטער פון פאַסטן תעניתים אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק, האָט ער אַלע מאָל אַרויסגעוויזן מער ליבשאַפט צו די איי־ניקלעך ווי צו זיינע קינדער. דערזעענדיק ווי איך שטיי אַזוי צוגעשמידט מיט מיינע אויגן צום בעקן, האָט ער מיט אַ קוים־זעבאַרן שמייכל אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווילסטו, שרהלע ?

— אַ יאַגדע־קיכעלע ! — האָב איך אין איין אָטעם אַרויסגערעדט.

די באָבע האָט, די גאַנצע צייט זיך אַרומגעדרייט איבערן הויז און עפּעס געזוכט. זי האָט געזוכט אין די שופלאָדן, אין קאָמאָד און אין דעם פליישיקן שענקל.

— אַ נאַשערקע ! — האָב איך מיט אַמאָל דערהערט דער באָבעס קול, — וואָלסט בעסער געגעסן ברויט, וואָלטן דיינע באַקן געווען רויט. אָט אַזוי ווי ביי מיר, — האָט זי אָנגעוויזן אויף אירע רויטע בעקע־לעך, — נאָר לאַקטעקעס ליגט איר אין זינען. דערפאַר ביזטו דאָך טאַ־קע גרין ווי גראָז . . . וואָלסט בעסער געפרעגט וואָס דער רבי מאַכט,



וואָס ווילסטו, שרהלע ?

— האָט זי אַ זאָג געטאָן מיט פאַרוואורף.

— וואָס מאַכט דער רבי ? — האָב איך אין איין אָטעם אַ פרעג געטאָן, דערמאָנענדיק זיך פּלוצלינג אין מיין שליחות.

— וואָס ווילסטו פון קינד ? — האָט דער זיידע זיך אַריינגעמישט.

— ס׳קינד ! . . . קוק מיר נאָר אָן אַ קינד ! — האָט די באָבע גע־חוזקט, — אַ מויד פון אַריבער ניין יאָר איז שוין נישט קיין קינד . . . איך אין אירע יאָרן בין שוין געווען אַ כלה. איי, די וועלט בייט זיך, — האָט זי זיך באַקלאָגט, — היינטיקע צייטן אַ מויד פון ניין יאָר איז נאָך גאָר אַ צוציק ! נאַ, — האָט זי מיר דערלאַנגט אַ הייס יאַגדע־קיכעלע, — נאַ, און עס נישט ביז עס וועט זיך אָפּקילן, ס׳איז נישט געזונט צו עסן הייסע יאַגדע־קיכעלעך.

און די באָבע האָט ווידער גענומען זוכן ווי פריער.

יעדן פרייטיק ווען זי פלעגט מיר דערלאַנגען דאָס וואַרעמע קיכע־לע, האָט זי מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל עס נישט עסן ביז ס׳וועט זיך אָפּקילן, פלעג איך אויסהערן, צושאָקלען מיטן קאָפּ, אַז זי איז גערעכט, זיך גלייך געלאָזט מיטן הייסן קיכעלע אין גאַס, און עס אויפעסן, טאָקע ווען דער יאַגד־סאַק אין הייסן טייג האָט געבריט מיין צונג ווי פייער.

— איך קען עס נישט געפינען ! — האָט די באָבע פלוצלינג אַ זאָג געטאָן אַ רעזיגנירטע, — איך האָב שוין געזוכט אין יעדן ווינקל, — האָט זי גערעדט ווי צו זיך אַליין, — עפּעס אַזוי ווי די ערד וואָלט דאָס איינ־געשלונגען . . .

— וואָס זוכסטו ? — האָט דער זיידע געפרעגט.

— עס פעלט מיר אַ זילבערנער לעפל, נישט אַנדערש ווי עמיצער האָט אים צוגעגנבעט !

— שוין לאַנג ?

— שוין דריי טעג.

— אַהאַ, — דער זיידע איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט. פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט צער. זיינע פינגער האָבן לאַנג געקלאַפּט אויפן טיש. ער האָט טרויעריק געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר מיט אַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטאָן:

— ס׳האָט קיינער ביי דיר נישט געגנבעט דעם זילבערנעם לעפל. איך ווייס וואו ער איז !

— דו ? ! — האָט די באָבע אים אָנגעקוקט צעמישט.

אָן צו ריידן אַ וואָרט, איז דער זיידע צוגעגאַנגען צום קאָמאָד, געעפנט ס׳טירל, און פון דאָרטן אַרויסגענומען אַ תפילין־זעקל.

— ס׳איז ישראלקעס, — האָט די באָבע געזאָגט.

— יאָ, דיין מוזיניקל, — האָט דער זיידע טרויעריק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַלע מאָל ווען דער זיידע איז געווען שטאַרק בייז אויף זיינע קינדער, זיינען זיי געווען בלויז דער באָבעס.

ער האָט געעפנט ס׳תפילין־זעקל, און פון אויבן־אויף איז געלעגן דער זילבערנער לעפל.

— נאַ, אַט האָסטו דיין גנבה, — און ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם לעפל אויפן טיש.

— דאָס האָב איך דעם לעפל באַהאַלטן. איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז דער פושע ישראל דאַוונט נישט יעדן טאָג. איצט זע איך דאָך באַשיינפּערלעך, אַז ער וואַקסט אַ גוי, אַן אחדות־יונג. געשיקט אים לערנען אין דער ישיבה אַזש קיין כרזשאַנאָוו ! שיין נחת זיך דערלעבט !

די באָבע האָט אים פאַרענטפערט.

איך האָב מיך אַרויסגעשאַרט פון הויז, בין אַרונטערגעשפּרונגען די עטלעכע שטיגן און בין אַזוי האָצקענדיק אויף איין פוס אַריין אין דער שול־גאַס. ס׳איז מיר אָקעגנגעקומען פעסיע דער מומע חוהס, אַ מיידעלע אין מיינע יאָרן. זי, פונקט ווי איך, פלעגט יעדן פרייטיק גיין צו דער באָבען נאָך אַ יאַגדע־קיכעלע.

— קום, — האָב איך איר פאָרגעשלאָגן, — לאָמיר שפּילן שטרולקעס.

איך האָב דערביי אַרויסגענומען פינף ביינערנע קלעצלעך, וואָס מיר קינדער פלעגן קריגן פון אונדזערע מאַמעס, ווען זיי האָבן געמאַכט פּעטשאַ אויף שבת.

— מען טאָר נישט שפּילן, — האָט פעסיע געזאָגט, — דער רבי איז קראַנק.

— ס׳איז אים שוין בעסער, און מיט גאָטס הילף וועט ער באַלד אינגאַנצן געזונט ווערן, — האָב איך נאָכגערעדט דער באָבעס און מאַמעס רייד. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, און דערביי אַ וואָרף געטאָן די שטרולקעס.

— איך גיי נאָך אַ יאַגדע־קיכעלע, — האָט זי ענדלעך מודה גע־
ווען . . .
— זיי זיינען נאָך נישט פאַרטיק, — האָב איך איר געזוכט אָפּ־
האַלטן פון גאַנג.
— און פון וואַנען האָסטו אַזעלכע שוואַרצע ציין ? — האָט זי מיר
אָנגעוויזן אויף מיין מויל.
— אָ, דאָס איז נאָך פון לעצטן פרייטיק.
— דו ביזט אַ ליגנערקע! — האָט זי מיר אַריינגעשריען אין פּנים,
און האָט מיך איבערגעלאָזט אויף דער ערד מיט די שטרולקעס, און זיך
געלאָזט גיין צו דער באָבעס הויז.

שבת נאָך הבדלה איז די באָבע געקומען צו אונדז. דער זיידע איז
געווען ביים רבין.

די באָבע האָט פון אַ געהעקלטער טעקע אַרויסגענומען איר שטרי־
קעריי, פון פיר לאַנגע שפּיזן איז אַרונטערגעהאַנגען אַ קליינער גרינער
זאָק מיט רויטע שטרייפן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אויף
וועלכן עס איז געשטאַנען דער בליך־לאָמפּ, און געברענט אויף נאַפט, און
גענומען שטריקן דעם רויטן שטרייף און געציילט די „אויגן". דערביי
האָבן זיך געשווינד געדרייט די שפּיזן אַהין־אַהער. בלויז ביים רויטן
שטרייף האָט זי געציילט די אויגן. ווען זי האָט נישט געציילט, האָט
זי געקענט געשווינד שטריקן און דערביי דערציילן מעשות און אַפילו
נישט אַ קוק טאָן אויף דער שטריקעריי.
איך פלעג ליב האָבן זיך איינצוקוקן אין דער באָבעס ליכטיקן פּנים.
אַלע באָבעס, — פלעג איך דערביי טראַכטן, — טראָגןברילן, נאָר נישט
מיינע.
אַ גלייכע, פון הויכן וואוקס, מיט אַ גלאַטיק רונד פּנים און רויטע
באַקן, האָט זי ליב געהאַט צו גיין שיין און ריין אָנגעטאָן. זי האָט גע־
טראָגן די שוואַרצע אַטלעסענע קופּקע מיט פאַרשיידענע קאָלירטע
פּאַטשערקעס אינעם טשיפּיק און דאָס שבתדיקע גרין זיידענע קלייד מיט
האַנט־אויסגענייטע פייגעלעך, וואָס זי האָט אַליין אויסגעהאָפטן. אויף
שטריקן און נייען איז זי געווען אַ גרויסע בריה. זי האָט אויך אַליין
געפירט ס׳געשעפט, אַ שניט־קראָם, און פלעגט אַליין פאָרן אויף מערק.

דער זיידע איז געווען פֿאַרנומען מיט רבין און מיטן לערנען די הייליקע תורה.

מיין טאַטע, דערזעענדיק ווי די באָבע שטריקט אַזוי פֿלייסיק אַ זאָק, האָט ער איר אַ פֿרעג געטאָן:

— מאַמע, פֿאַר וועמען שטריקסטו די זאָקן?

— פֿאַר מיין אינגסטן אייניקל, טשיפּעלען.

האָט זיך דער טאַטע הויך צעלאַכט:

— מאַמע, איך האָב אַ פֿאַבריק פֿון זאָקן, און דו שטריקסט פֿאַר מייז קינד אַ פּאָר זעקעלעך!

— דיינע זאָקן! איך גיב דיר נישט פֿאַר אַלע דיינע זאָקן קיין דרייער, — האָט די באָבע געזאָגט, — דין, טאַנדעט, אַז מען טוט זיי איינמאָל אָן, צעקריכן זיי ווי שפּינוועבס. זעסטו, — האָט זי אָנגעוויזן אויפֿן קליינעם זאָק, וועלכן זי האָט געהאַלטן אין מיטן דער אַרבעט, — אָט דאָס איז סחורה. ס׳וועט דעם קינד זיין וואַרעם. זיי זיינען שטאַרק און באַלעבאַטיש, — און זי האָט ווייטער געשטריקט מיט גרויס ערנסט.

ס׳האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס איז אַריין אונדזער שכנה באַ־שע־לאה. אַ ברייטע קורצע אידענע מיט אַ רויט פּנים. ביים פֿאַרטוך האָבן זיך מיטגעשלעפּט אירע צווילינג־מיידלעך פֿון דריי יאָר: צירע־לע און מירעלע.

— איך בין אַזוי פֿאַריאָגט מיטן צווילינג, זאָל לעבן, — האָט זי אָנגעוויזן אויף די צוויי פּוכקע קינדערלעך, — אַז איך האָב נישט קיין צייט צו לויפֿן אין „הויף״. חוה לעבן, — האָט זי זיך געווענדט צו דער באָבען, — וואָס מאַכט דער רבי?

— בעסערט זיך, געלויבט דעם אויבערשטן, — האָט די באָבע אַ צופֿרידענע געענטפֿערט.

ס׳זיינען אָנגעקומען די מומע יענטל, די מומע חוה און די מומע רחלע מיטן קליינוואַרג. די מענער זיינען אַוועק צום רבין.

אויפֿן אויוון האָט זיך געקאָכט אַ קרופּניק. די מלווה־מלכה איז היינט געווען צעשטערט, ווייל דער רבי איז נאָך אַלץ געווען שטאַרק שלאַף. יענעם שבת־צו־נאַכט האָט די שטאָט נישט געפּראַוועט קיין מלווה־מלכה.

דער טאַטע איז אויך אַוועק אין „הויף״ זיך זען מיט שלמה הע־נעכן, דעם רבינס זון, מיט וועלכן ער האָט געפֿירט אַ שטילן שותפֿות.

אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום גרויסן טיש, וועלכער איז נאָך געווען באַדעקט מיטן שבתדיקן ווייסן טישטוך מיט רויטע קווייטן. פּראָדל די דינסט האָט דערלאַנגט צום טיש, און די באָבע האָט דערציילט מעשהלעך פון נאָוואָראַדאָמסקער רבין:

— וועגן דעם זיידן פון אונדזער רבין דערציילט מען, אַז ווען ער איז אַלט געווען זיבן יאָר, האָט מען אים שוין גערעדט שידוכים. איז אַמאָל אַ גרויסער רבי געקומען אָנקוקן דעם חתן. זעענדיק דאָס אינגל, האָט דער רבי אים אַ פרעג געטאָן:

— איך בין זיכער, אַז דער חתן־בחור ווייס אַפילו נישט וואו גאָט וואוינט.

אויף דעם האָט אים דער זיבן־יאָריקער חתן־בחור באַלד געענט־פערט:

— אויב דער מחותן וועט מיר זאָגן וואו גאָט וואוינט נישט, וועל איך אים זאָגן, וואו גאָט וואוינט יאָ.

— און פון איצטיקן רבינס פאָטער, אים צו לאַנגע יאָרן, פלעגן חסידים זיך אָנדערציילן ניסים און נפלאות.

— מען דערציילט, אַז ווען דעם איצטיקן רבינס פאָטער איז נפטר געוואָרן, פונקט אין דער רגע ווען ער האָט אויסגעהויכט זיין ליכטיקע נשמה, איז אין רבינס חדר שטיין געבליבן דער גרויסער וואַנט־זייגער, וועלכער איז אַ פערטל יאָרהונדערט פריער קיין מאָל נישט געשטאַנען...

און וועגן אונדזער רבין וועל איך אייך דערציילן אַ מעשהלע:

פון פשעדבארז האָבן זיך אַרויסגעלאָזט מיט פערד און וואָגן זעקס חסידים צום נאָוואָראַדאָמסקער רבין. האָבן די חסידים זיך געלאָזט אין וועג אַריין אַ סך פריער ווי אַלע מאָל, ווייל ס׳איז געווען אין קורצן פריי־טיק, און אָנגעזאָגט דעם פורמאַן צו טרייבן די פערד וואָס שנעלער, כדי זיי זאָלן נאָך קענען אָפּגעבן דעם רבין שלום־עליכם אַ שטיק צייט פאַר ליכט־בענטשן.

זיינען זיי געפאָרן און געפאָרן, און דער וועג איז וואָס אַמאָל גע־וואָרען אַלץ גרעסער און פרעמדער.

ס׳איז אָנגעפאַלן אַ הויכער שניי און דאָ פאָרן די חסידים אין אַן אָפענעם וואָגן, דער שניי נעצט זיי דורך, די קעלט קריכט אין די ביינער אַריין.

ס'נעמט צופאַלן די נאַכט, און מען זעט נאָך אַפּילו נישט דעם שפּיץ פון שטאָטישן קלויסטער.

פרעגן זיי ביים אַנטרייבער ווי לאַנג ס'דאַרף נאָך נעמען אַנצוקומען אין נאָוואָראַדאָמסק צום רבין, איז זיך דער פורמאַן מודה, אַז זיי בלאָנ־דזשען. די פערד זיינען אַראָפּ פון שאָסיי. ס'האָט נאָך ביז איצט אַזאַ זאַך מיט אים נישט געטראָפן, און ער ווייסט אַליין נישט ווי אַזוי דאָס האָט געקענט פּאַסירן.

ס'איז די חסידים באַפאַלן אַ גרויסער פּחד, אַז זיי קענען נאָך חלילה מחלל שבת זיין, און גאָט דער איינציקער ווייס וואו זיי קענען אַמאָל פאַרבלאָנדזשען. אויסגעוויייטיקטע פון הונגער, קעלט און נעץ, האָבן זיי תּפילה געטאָן צום אויבערשטן. דער שניי לייגט זיך דערווייל אַלץ העכער, און מיט אַמאָל כאַפּן זיי זיך אַז זיי פאָרן גאָר אין ווילדע פעל־דער.

עס ווערט שוין גאָר טונקל. די שרעק ווערט גרעסער. פאַר מיילן ווייט זעט מען נישט קיין לעבעדיקן מענטשן.

אָבער פּלוצלינג, אַזוי ווי פון דער הוילער ערד, וואַקסט פאַר זיי אויס אַ הויכער פויער, בלייבט שטיין לעבן וואָגן און גיט אַ פרעג אויף פּויליש: „דאָקאָנט ווי יעדזשעטשע?" (וואוהין פאָרט איר דאָ?)

און וואַרט נישט אויף קיין ענטפער, שטעלט אָפּ די פערד, זעצט זיך לעבן טרייבער, נעמט אַרויס פון זיינע הענט די לייצעס, גיט אַ גע־שריי צו די פערד „וויאָ!" און באַלד ווי דורך אַ כּישוף זיינען זיי שוין אויפן ריכטיקן שאָסיי, און נאָך איידער מען קוקט זיך אַרום, געפינען זיי זיך שוין אין שטאָט, און אָט בלייבט די פור שטיין לעבן דעם רבינס הויף.

די חסידים קריכן אַראָפּ פון וואָגן, ווילן באַדאַנקען דעם גוי פאַרן גרויסן חסד וואָס ער האָט מיט זיי געטאָן, ערשט זיי כאַפּן זיך, אַז ער איז נעלם געוואָרן. זיי זוכן אים אויף אַלע זייטן, אָבער נישטאָ דער גוי. ער איז פאַרשוואונדן פּונקט אַזוי ווי ער איז געקומען.

ווען די חסידים זיינען אַריין צום רבין און אים געוואָלט דערציילן וואָס עס האָט מיט זיי געטראָפן, האָט דער רבי אַ מאַך געטאָן מיטן האַנט, אַז זיי זאָלן שווייגן און געזאָגט:

— איך ווייס . . . איך ווייס . . . וואָס עס האָט מיט אייך פּאַ־סירט.

און די חסידים האָבן שוין פאַרשטאַנען ווער יענער „פויער" איז גע־
וועזן • • • "
אויסגעהערט דער באָבעס מעשות, האָבן מיר אַלע געגעסן דעם גע־
שמאַקן קרופניק, וואָס פראַדל האָט דערלאַנגט צום טיש.
מיט אַמאָל האָט זיך געגעבן אַ פּראַל אויף די טיר און עס זיינען מיט
געוואַלדן אַריין ביילע די טיקערן און סאָסיל די גבאיטע.
— געוואַלד, אידישע קינדער, — האָבן זיי געבראָכן די הענט און
געשריען, — דער רבי איז פאַרביי! אוי, אַ ב־ר־אָך, אוי אַן א־ו־מ־גליק!
האָט קיילע די טיקערן אויסגעזונגען און סאָסיל די גבאיטע האָט אונטער־
געכאַפּט דעם ניגון, מיט וועלכן מיין מאַמע פלעגט לייענען די קינות אום
תשעה־באב.
אין הויז איז געוואָרן אַ יללה, אַ געוויין. די באָבע האָט אַ קאָמאַנ־
דעווע געטאָן:
— צום רבינס הויף, ווייבער, צום בית־המדרש!
אַלע האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.
איך האָב זיך מיט אימפּעט אַ הייב געטאָן און געוואָלט מיטלויפן,
מיטאַמאָל האָב איך דערפילט ווי עס הייבט זיך מיט מיר ס׳בענקל, אויף
וועלכן איך בין די גאַנצע צייט געזעסן. איך האָב מיך אַרומגעקוקט און
געזען ווי מיין קליין שוועסטערל חוהלע שטייט אין ווינקל און זי שטיקט
זיך פון געלעכטער. האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז איר אַר־
בעט. איך האָב זיך ווי עס איז אַרויסגעפּלאָנטערט פון דעם צוגעבונ־
דענעם בענקל און בין צוגעלאָפן צו מיין שוועסטערל און איר דערלאַנגט
אַ בוכצע. זי האָט זיך צעוויינט און צו להכעיס מיך גענומען רופן:
— שטרינע מיטן גוואַלד־גלאָק!
דאָס איז געווען מיין צונאָמען וועלכן איך האָב געוואַלדיק פיינט
געהאַט.
„שטרינע" האָט מען מיך גערופן, ווייל איך בין געווען דאַר און
פאַרגרינט. און „גוואַלד־גלאָק", ווייל ווען איך האָב עפּעס געוואָלט און
נישט באַקומען, האָבן מיינע געוואַלדן אָפּגעקלונגען ווי אַ גלאָק איבער
דער גאַנצער גאַס. פאַר אָט דעם צו־נאָמען וועלכע מיין שוועסטער האָט
מיך איצט גערופן, האָב איך מיך נאָכאַמאָל אַ וואָרף געטאָן צום שלאָגן.
— מאַמעשי! — האָט זי גערופן נאָך הילף.
— וואַרט נאַר, וואַרט, — האָט די מאַמע געפאַכעט צו מיר מיט

דער האַנט, מיט אַן אויסגעשטעלטן פינגער,—זאָל נאָר דער טאַטע אהיים קומען, ווערסטו שוין קריגן דיין פּאָרציע . . .

— איצט, ווען עס איז אַזאַ אומגליק אין שטאָט, — האָט די באָבע אַ זאָג געטאָן שוין שטייענדיק ביים טיר, — איצט ליגט אייך אין זינען צו פראַווען שטיק ? !

— די גאַס איז שוואַרץ מיט מענטשן, — האָט קיילע די טיקערן אַריינגעוואָרפן, און אַלע פרויען האָבן זיך געלאָזט גיין צום דרויסן.

איך בין נאָכגעלאָפן, און אויף מיר קוקנדיק איז נאָכגעלאָפן ס׳גאַנ־צע קליינוואַרג.

די מאַמע האָט זיך צוריקגעקערט, אונדז אַריינגעטריבן אין הויז, אָבער מיר האָבן בשום־אופן נישט געוואָלט אַריינגיין. די באָבע חיה האָט געמאַכט אַ פּשרה, אַז פראַדל, די קעכין, וואָס איז געווען פאַררעכנט ווי אַן אייגענע אין הויז, זאָל אונדז דערציילן מעשות, און מיט דעם האָט מען אונדז אונטערגעקויפט.

פראַדל פלעגט ליב האָבן צו דערציילן שוידערלעכע מעשות פון גזלנים, דיבוקים און נישט־גוטע, צוליב וואָס מיר קינדער פלעגן דער־נאָך מורא האָבן צו שלאָפן ביינאַכט אַליין, און פלעגן קריכן צו דער מאַמען אין בעט.

נאָר די מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז היינט זאָל זי אונדז נישט דער־ציילן קיין מעשות פון שדים און נישט־גוטע, נאָר פון דעם קלוגן קעניג מיט די זיבן טעכטער.

ווען איך בין אינדערפרי אויפגעשטאַנען, האָט אַלץ אויסגעקוקט צו גיין מיטן טעגלעכן גאַנג. איך האָב געהערט דאָס רוישן פון די מאַ־שינען, וואָס איז געקומען פון דער פאַבריק, וועלכע האָט זיך געפונען אין שכנות מיט אונדזער וואוינונג. אין ווינקל פון קיך האָט זיך פראַדל גע־פּאָרעט ביים כשר מאַכן אַ הון. די מאַמע האָט מיר געגעבן עסן. זי האָט אויסגעקוקט בלאַס און פאַרוויינט. האָב איך איר געפרעגט:

— וואָס מאַכט דער רבי ?

האָט זי מיר געענטפערט, אַז די גרעסטע דאָקטוירים וועלכע מ׳האָט אַראָפּגעבראַכט פון וואַרשע, האָבן אויפגעגעבן זיין לעבן. בלויז איין גאָט אין הימל קען באַווייזן דעם נס און אים העלפן, — האָט זי אַ פאַר־טרויערטע אַרויסגערעדט און אירע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן. איז מיר איצט קלאָר געוואָרן פאַרוואָס איך הער בלויז דאָס רוישן

פון די מאַשינען, און עס פעלט דאָס געזאַנג פון די אַרבעטער, פון וואָס איך פלעג האָבן גרויס הנאה און מיטזינגען.

מיט אַמאָל האָט זיך אַן אומעטיק קול דערטראָגן פון לייבקע רע־וואָלוציאָנער:

„גוטער פריינט, אַז איך וועל שטאַרבן,
טראָג צו מיין קבר די פרייע פאָן,
די פרייע פאָן מיט די רויטע פאַרבן,
וואָס איז באַשפּריצט מיט אַרבעטער בלוט".

ער איז פאַרשטומט געוואָרן, ווייל קיינער האָט נישט מיטגעזונגען. געוויינלעך פלעגט נאָר איינער דאַרפן אָנפאַנגען, און עס איז באַלד אַוועק אַ קראַנץ לידער: „איך האָב אַ קליין אינגעלע", „אַ בריוועלע דער מאַמען", „דאָס טליתל", נאָר אַממייסטן האָבן זיי פאַרפאַסט אייגענע לי־דער, לויטן גאַנג פון טאָג.

ווען דוד־לייב פּייערמאַנס זון איטשע איז אַוועק קיין אַמעריקע, צו־נעמענדיק ביים פאָטער אַ גרויסע סומע געלט, האָבן זיי גלייך דערפון פאַרפאַסט אַ ליד... האָט אַ יונג אַוועקגעוואָרפן אַ מויד, און זי איז זיך געלאָפן טרינקען, ווייל מען האָט אין שטאָט געזאָגט, אַז זי ריכט זיך אין קימפעט . . . איז דערפון געשאַפן געוואָרן אַ טרויעריק ליד . . . האָט אַ רייך זינדל זיך פאַרליבט אין אַן אָרעם מיידל און איז מיט איר אַוועק אין גאָלדענעם לאַנד, איז דאָס געשאַפענע ליד געווען אַ פריי־לעכס.

אָבער היינט, ווען דער רבי האָט געשוועבט צווישן לעבן און טויט, איז דאָס געזאנג געווען פאַרשטערט. האָב איך אַ שווייגנדיקע אויפגע־געסן מיין פרישטיק און בין אַוועק אין שקאָלע.

ווען איך בין אַהיימגעקומען פון שקאָלע, איז אין הויז געווען אַ מוראדיקע שטילקייט, וואָס האָט געשריגן מיט פאַרשטומטע קולות. איך האָב מיך אַרומגעקוקט און קיינעם נישט געזען. בין איך אַ דערשראָקענע געלאָפן פון איין שטוב אין דער צווייטער און דערביי גערופן „מאַמעשי! פּראַדל!" אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט.

בין איך אַריין אין פאַבריק. די מאַשינען זיינען געווען פאַרשטומט, די רעדער, וועלכע האָבן געוויקלט באַוול אויף גרויסע קולערס, זיינען שטיין געבליבן אין מיטן וויקלען. פון די רונדיקע זאַקן־מאַשינקעס האָבן אַרונטערגעהאַנגען נישט־פאַרענדיקטע שטרימפּ. איבער אַלץ האָט זיך

געטראָגן דער טוכלער ריח פון אויל און נאַפט. אין דער לופטן איז נאָך געהאַנגען אַ שטילער זשומען פון די פאַרשטומטע מאַשינען. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן וואַנט־זייגער און געזען ווי די ווייזערס רוקן זיך נישט, דער באַוועגלעכער זייגער האָט מוראדיק געשוויגן.

מיט אַמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי די לופט זשומעט אויס מאָנאָטאָן: „דער רבי איז נפטר געוואָרן" . . . „דער רבי איז נפטר געוואָרן" . . . „דער רבי איז נפטר געוואָרן" . . .

— וואָס מיינט נפטר, וואָס מיינט נישט זיין ? — האָב איך הויך געפרעגט און זיך דערשראָקן פאַר מיין אייגן קול. איך בין מיט אימ־פעט אַרויסגעלאָפן פון פאַבריק און אַריין אין קיך. עס האָט אַ שלאָג געטאָן מיט אַן אנגענעמען ריח פון געקעכטס. אויפן אויוון האָט זיך געקאָכט אַ הון, וואָס פראַדל האָט נאָך גאַנץ פרי צוגעשטעלט צום קאָכן. עס האָט פאַרשמעקט דאָס הויז. אויפן לאָקשן־ברעט זיינען געלעגן דיך־צעשניטענע לאָקשן און זיך געטריקנט. איך בין צוגעגאַנגען צום אויוון, וועלכער איז געווען אָנגעשטעלט מיט טעפּ און געזען ווי אין איין טאָפּ קאָכן זיך רויטע קאַרשן. דער ריח האָט גערעגט מיינע נאָז־לעכער. איך האָב מיט אַמאָל זיך דערפילט שטאַרק הונגעריק.

פראַדל איז אַריינגעקומען פון גאַס מיט אַ שוואַרצער פאַטשיילע אויפן קאָפּ און אויסגעוויינטע אויגן. זי האָט מיך פאַרוואונדערט אָנגע־קוקט און געפרעגט:

— וואָס טוסטו דאָ איצט אין קיך ?

— איך וויל לאָקשן מיט יויך, — האָב איך געזאָגט.

— וואָס ! עסן ווילסטו ? ! — האָט עפּעס אַ פרעמד קול פון איר אַרויסגעקרעכצט, — איצט, ווען עס איז אַזאַ חורבן אין שטאָט זאָל אַ אידיש קינד וועלן עסן ? !

איך האָב מיך דערשראָקן פאַר איר פרעמד קול און פאַרן חורבן פון אונדזער שטאָט.

איך האָב מיט אַמאָל דערפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז און האָב שטיל אַרויסגערעדט:

— איך וויל בלויז וואַסער.

# נקמה

ס׳איז געווען אין אַ זומערדיקן שבת נאָכמיטיק. די זון האָט העל געלויכטן און געוואָרפן אירע גאָלדענע שטראַלן אויף די נאָוואָראַדאָמ־סקער הייזער, און געוואַרעמט די פאַרבייגייער. אַ מחיהדיק ווינטל האָט אָנגעיאָגט פון מזרח און געשויבערט מיינע גלאַט־פאַרקעמטע האָר, וועל־כע איך האָב געהאַלטן אין איין פאַרגלעטן אויף אַרויף.

איך בין געגאַנגען מיט מיין באָבען צו איר טאָכטער, מיין מומע יענטל, וועלכע האָט מיט פינף טעג צוריק געבוירן אַ אינגעלע. איך האָב מיך פאַרקלאָגט פאַר דער באָבען, אַז מען וויל מיר נישט ווייזן ס׳קינד. אַלע טאָג לויף איך אַהין, און ערשט נעכטן ווען איך בין אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צום בעט און געוואָלט אַ קוק טאָן אויפן קינד, האָט מיך די וואַרטס־פרוי אַרויסגעטריבן פון שטוב.

האָט מיר מיין באָבע צוגעזאָגט, אַז היינט וועט זי אַליין מיר ווייזן ס׳פּיצעלע נפשל . . .

בין איך אַ צופרידענע געגאַנגען ביים זייט פון מיין באָבען און פון גרויס פרייד, וואָס איך וועל באַלד זען ס׳קינד, האָב איך אַזש אונטערגע־האָפּקעט. דערביי האָט זיך שטאַרק געשאָקלט די געהעקלטע „טעקע”, וואָס איך האָב געטראָגן אין וואָס איז געווען אָנגעפּאַקט מיט פאַרשיידע־נע געבעקס, וואָס די באָבע האָט געבאַקן, ווייל „טאָמער קומט אַ מענטש” . . .

— הער אויף צו שפּרינגען ווי אַ קאָזע! — האָט די באָבע באַ־פוילן.

איך האָב אָנגעהויבן גיין סטאַטעטשנע.

מיר זיינען געגאַנגען מיט דער שול־גאַס און אַריין אין מאַרק. איך האָב פון דער זייט געוואָרפן אַ בליק אויפן קלויסטער . . . די באָבע האָט דאָס באַמערקט און געזאָגט מיט פאַרוואורף:

— פאַרוואָס קוקסטו אַהין? די ווייסט דען נישט אַז עס איז אַ גרויסע עברה צו קוקן אויף אַ גויאישן קלויסטער? אידישע קינדער, —

האָט זי פרום אַרויסגערעדט, — טאָרן נישט קוקן אויף קיין טמאה . . .

— פאַרוואָס, באָבע, טאָר מער נישט קוקן ? — האָב איך געפרעגט.

— ווייל ס׳איז טמא, און ווייל זיי דינען צו הילצערנע אָפּגעטער, שטיקלעך ליים, און ווייל די גויים זיינען אונדזערע שונאים.

— פאַרוואָס זיינען זיי אונדזערע שונאים, באָבעשי ?

— ווייל מיר זיינען אידן.

— איז וואָס האָבן מיר געטאָן, וואָס זיי זיינען אַזוי בייז אויף אונדז ?

— הם . . . ווייל . . . ווייל . . . פאַרוואָס פרעגסטו אַזוי פיל נאַרישע פראַגן ? — איז זי פּלוצלינג געוואָרן אומגעדולדיק, — אַ מיידל אין דיינע יאָרן האָט שוין געמעגט וויסן, אַז אַ אידיש קינד טאָר נישט פרעגן אַזוי פיל קשיות . . .

מיר זיינען געגאַנגען און געשוויגן.

— באָבעשי, — האָב איך פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן, — מעג איך דיך עפּעס פרעגן ?

— שוין ווידער מיט די נאַרישע פראַגעס ?

— דאָס איז נישט קיין נאַרישע פראַגע ! — האָב איך מיך געבעטן.

— נו, מילא, פרעג !

— ווי וועט הייסן די מומע יענטלס קינד ?

— ער וועט הייסן, אים צו לאַנגע יאָרן, נאָכן נאָוואָראַדאָמסקער רבין, „תפארת שלמה” זכרונו לברכה, וועלכער איז געווען אַ גרויסער צדיק.

מיר האָבן זיך אַריינגעדרייט אין דער סטאַציע־גאַס. איך האָב פון דערווייטנס דערזען אָנקומען דעם יונגן גלח ביאַנקאָווסקי, וועלכער האָט געלערנט רעליגיע אין דער מאַרזשאַנטאָוויטש פּענסיאָן, וואו איך בין געווען אַ שילערין.

איך האָב גענומען שפּאַנען האַסטיקער, דערביי האָב איך מיך אויס־געדרייט צו דער באָבען און אַ זאָג געטאָן מיט היץ :

— דאָס איז אונדזער גלח . . .

— וואָס עפּעס א ו נ ד ז ע ר גלח ? — האָט די באָבע אויף מיר אַ שאַרפן קוק געטאָן, — ווי אַזוי קען אַ גלח זיין „אונדזערער” ?

— ער לערנט אין אונדזער שקאָלע, דערפאַר איז ער אונ . . .

איך האָב שוין נישט באַוויזן צו ענדיקן דאָס וואָרט, ווייל איך

דער מינוט איז אונדז אַנטקעגן געקומען דער גלח. איך האָב מיך פאַר־נויגט און געמאַכט אַ „קניקסל" . . .

דער גלח האָט אַ צי געטאָן זיין רונד היטעלע און איז געגאַנגען ווייטער.

— אוי, געוואַלד, אידישע קינדער! — האָט פון מיין באָבעס האַלדז זיך מיטאַמאָל אַרויסגעריסן אַ געשריי, וואָס האָט אַ שנייד געטאָן די לופט, — מיין אייניקל בוקט זיך פאַר אַ גלח!

זי איז געבליבן שטיין, ווי די פיס וואָלטן זיך ביי איר אונטערגע־האַקט . . . אַ קאַלטער שווייס האָט אַ שלאָג געטאָן אויף איר הויכן שטערן, און אַ צעווייטיקטע האָט זי אַרויסגעקרעכצט:

— ווי קומט אַ אידיש קינד זיך צו בוקן פאַר אַ גלח!

איך נעם איר אויפקלערן:

— דו זעסט, באָבע, — ווייז איך איר אָן אויף מיין גאַרניטור, — איך בין אַ מיידל אין אַ „אוניפאָרם" — מיר אַלע קינדער וואָס לערנען אין „מאַרזשאַנטאָוויטש פּענסיאָן". מוזן טראָגן טונקל בלויע קליי־לעך מיט ווייסע קעלנערלעך און שוואַרצע אַלפּאַגענע שירצלעך. און אַז אַ קינד פון פּענסיאָן באַגעגנט אַ לערער מוזן מיר מאַכן אַ „קניקסל". דער גלח איז איינער פון די לערער, וואָס לערנט מיט די קריסטלעכע קינדער רעליגיע ווען מיר, אידישע קינדער, גייען אַהיים, אָבער אַזוי ווי ער באַלאַנגט צו אונדזער שולע מוז איך אים באַגריסן, אויב נישט קען מען מיך נאָך אַרויסוואַרפן פון פּענסיאָן . . .

— וואָלט געווען אַ לאַך אין הימל ווען מען וואַרפט דיך אַרויס . . . אַן אומגליק אין שטעטל ווען יוחנן גבאיס אייניקל גייט נישט אין דער גויאישער שקאָלע! מיין זינדעלע יאָסלס איינפאַלן — אַ שקאָלע מיט גלחים . . .

זי בלייבט אַ ווײַלע שטיל, רוקט אַרונטער טיפער די שוואַרצע, אַט־לעסענע קופקע מיטן טשיפּיק, און זאָגט אַרויס פעסט:

— דו מוזט מיר איצט צוזאָגן, אַז דו וועסט נישט מאַכן קיין „קניקסל" פאַר אַ גלח . . .

— איך קען נישט, באָבע, איך  מ ו ז! — האָב איך מיך ביי איר געבעטן.

זי האָט מיך אָנגענומען פעסט ביים האַנט און מיך אַ שלעפּ געטאָן אויף צוריק:

— מיר גייען נישט צו יענטלען, מיר גייען אַהיים צו דיין טאַטן!
און מיט פעסטע טריט האָט זי זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון אונדזער הויז מיטשלעפּנדיק מיך נאָך זיך . . .

אין שטוב ביי אונדז האָט אויסגעבראָכן אַ קריגעריי ווען די באָבע האָט מיט אַ געבראָכן קול און פייכטע אויגן דערציילט ווי אַזוי איך האָב געמאַכט אַ „קניקסל" פאַרן גלח און זיך דערביי געבויגן ביז צו דער ערד . . . און יענער האָט אַרונטערגענומען דאָס גלחשע היטעלע . . .

די מאַמע האָט געהאַלטן מיט דער באָבען, און געזאָגט, אַז מען דאַרף מיך אָפּנעמען פון דער גויאישער שקאָלע און בעסער שיקן אין חדר, און ס'זאָל קומען אַ לערער אין הויז און לערנען מיט מיר פּויליש. נאָר דער טאַטע האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. אויף אַלץ האָט ער געהאַט אַן ענטפער: „ניין", ער וויל אַז איך זאָל אויסוואַקסן אַ געבילדעט מיידל, און איך זאָל ווייטער גיין אין פּענסיאָן. — און אַזוי איז געבליבן.

נאָר רואיק אין הויז איז שוין נישט געווען. ס'איז נאָך צוגעקומען דער זיידע יוחנן, וועלכער האָט אויך געהאַלטן, אַז איך טאָר אין אַ „גויאישער" שקאָלע נישט גיין.

און טאָמער איז דאָס געווען ווייניק, האָב איך נאָך געהאַט צרות אין דער שולע פון מיינע פּוילישע „קאָלעזשאַנקעס". אַממייסטן האָב איך געליטן פון האַלקא גראַבאָווסקי, אַ שיקסל פון אַ יאָר צען, מיט ווייסע פלאַקסענע האָר און מיט אַ פאַרריסן נעזל. זי איז געווען דאָס אינגסטע טעכטערל פון נאָוואָראַדאָמסקער מאַנאַפּאָלניק. זיי האָבן געהאַט אַ גרויס געשעפט פון שאַרפע געטראַנקען.

בין איך געזעסן מיט איר אין איין „לאַווקע" און ווען מיר פלעגן האָבן „דיקטאַנדעס" און ס'איז געקומען צום אויסלייגן ווערטער, אָדער רעכענען, איז איר גויאישער קאָפּ געווען אַזוי פאַרשטאָפּט, אַז פיר מאָל צוויי איז ביי איר געווען דרייצן . . . נאָר דאָ בין איך איר אַלעמאָל צו־נוץ געקומען, און האַלקאַ פלעגט טאָקע כסדר קוקן אין מיין קאַיעט און אַרונטערקאָפּירן דעם אונטערשטן ציפער און אויך דאָס אויסלייגן פון שווערע ווערטער . . .

איך האָב איר נישט געשטערט, פאַרקערט, איך פלעג איר נאָך יעדן מאָל אונטעררוקן דעם קאַיעט אַז די לערערין זאָל חלילה נישט באַמערקן, אַבי זי זאָל מיט מיר לעבן בשלום . . .

אויף רעכענען בין איך געווען אַ גרויסע בריה. איך האָב אויף גיך איבערגערעכנט דעם שווערסטן רעכענונג. עס זיינען אָבער אין קלאַס געווען אַ פּאָר גויאישע קעפּלעך, וועלכע זיינען געווען זייער שטומפּיק אויף רעכענען און אויסלייגן שווערע ווערטער און זיי פלעגן מוזן אָנקו־מען צו מיר . . . האָבן מיר באַשאַפן אַזאַ מין פינגער־שפּראַך, און דורך פאַרשיידענע דרייען מיט די פינגערלעך האָב איך זיי איבערגעגעבן די אונטערשטע שורה פונעם רעכענונג, און אויך דאָס אויסלייגן פון אַ שווער וואָרט . . .

די לערערין איז געוואָרן פאַרדעכטיק. עפּעס האָבן אַלע שטומפּיקע קעפּלעך מיט איין מאָל גענומען אַרויסווייזן גרויס קענטעניש אין די שווערסטע רעכענונגען . . . פּלוצלינג, דורך עפּעס אַ געהיימען וועג זיי־נען זיי געוואָרן „גרויסע" קענערס אין רעכענען און אין אויסלייגן שווע־רע ווערטער . . .

ס'איז געווען ביי אַ פּוילישער לעקציע : די לערערין, פּאַננאַ שוואַט־לאַווסקא, אַ הויכע, דאַרע, עלטערע פריילין, מיט אַ פּאָר דינע ליפּעלעך, וועלכע האָבן קיינמאָל נישט געשמייכלט צו קיין אידישע קינדער, האָט געשריבן „דיקטאַנדע".

פּלוצלינג האָב איך פון דער צווייטער „לאַווקע" געקראָגן אַ שטופּ מיט אַ פּיסל. איך האָב פאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט, עס האָט געהאַל־טען ביי זייער אַ שווער וואָרט . . . איך האָב מיך אַרומגעקוקט און האָב זייער פאָרזיכטיק גענומען געבן צייכנס מיט די פינגער . . .

מיט אַמאָל האָב איך דערהערט די בייזע שטימע פון מיין לערערין :

— סאַלקא האמער, אויפשטייך !

איך האָב מיך אויפגעשטעלט.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ סיגנאַלן וואָס דו האָסט געמאַכט מיט דיי־נע פינגער ?

— וועלכע סיגנאַלן ? — האָט איך געפרעגט תמעוואַטע.

— וועלכע סיגנאַלן ? — האָט זי נאָכגערעדט מיט גאַל, — די סיג־נאַלן מיט דיינע פינגער ! וואָס מיינט דאָס, וויל איך וויסן !

— אָ, דאָס . . . איך האָב געוואָלט כאַפּן אַ פליג ! — איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק אַזוי צו ענטפערן, מיינענדיק אַז אַזוי־נאָך וועל איך זיך אַרויסדרייען פון אַ שטראָף . . .

אין קלאַס האָט אויסגעשאָסן אַ הויך, קינדערש געלעכטער.

פון מיין „גליקלעכן געדאַנק" איז מיין לערערין שוואַטלאָווסקא גע־וואָרען אַזוי דערצאָרנט, אַז זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די „לינעיקע" און רויט־ווערנדיק פון כעס האָט זי הויך אויסגעשריגן:

— אַהער די האַנט!

איך האָב אויסגעשטעלט די האַנט. איבערן קלאַס האָט אָפּגעהילכט אַ פייערדיקער פּאַטש.

— און איצט וועסטו קניען אַ שעה אין ווינקל פון קלאַס, — האָט זי באַפוילן.

— איך וועל נישט קניען! — האָב איך פעסט אַרויסגערעדט.

— ווי וואַגסטו זיך צו שטעלן אַנטקעגן מיינעם אַ באַפעל?! — האָט זי זיך צעשריגן.

— איך וועל נישט קניען, ווייל איך בין אַ אידיש קינד, און מיר, אידן, טאָרן נישט קניען. איך קען שטיין אין ווינקל פון קלאַס, אָבער נישט קניען.

— דו וועסט יאָ קניען! — האָט זי שוין איצט גערעדט מיט שוים אויף די ליפּן.

— איך וועל נישט... ניין... איך וועל נישט!...

זי האָט זיך אַלץ שטאַרקער צערעוועט.

אין קלאַס איז געוואָרן אַ גרויסער טומל.

אין דער מינוט איז אַריינגעקומען די עלטסטע אויפזעערין, פּאַני מאַרזשאַנטאָוויטש, אויף וועמענס נאָמען מען האָט גערופן דעם פּאַנסיאָן.

זי האָט געוואָלט וויסן פאַרוואָס עס איז אַזאַ טומל אין קלאַס. די לע־רערין האָט איר דערציילט און דערביי זיך באַקלאָגט, אַז איך וויל נישט אויספאָלגן איר באַפעל צו קניען, ווייל איך בין אַ אידישקע...

איך בין די גאַנצע צייט געשטאַנען גלייך ווי אַ זעלנער פאַר אַן אָפיצער...

די פּאַני מאַרזשאַנטאָוויטש האָט געזאָגט, אַז עס איז ריכטיק, אי־דישע קינדער קניען נישט, זי קען מיך אָבער דערפאַר שטעלן אין אַ ווינ־קעל פון קלאַס פאַר צוויי שעה...

איך בין אָפּגעשטאַנען די צוויי שעה און בין ווייטער אַנגעגאַנגען מיט מיין אַרבעט פון אונטערזאָגן מיינע „קאָלעזשאַנקעס". און די שיק־זאַל האָבן מיך דערפאַר ליב געהאַט און מיך גערופן „מאַנדרא" (קלוגע).

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אין שולע. אַזוי שנעל ווי מיר זיינען אַרויס אין גאַס בין איך געווען „זשידאָוויצא פּאַרכאַטאַ״ . . .

נאָר מיינע גרעסטע צרות בין איך אויסגעשטאַנען פון האַלקאַ גראַבאָווסקי. אין שול־הויף, וואו מיר קינדער פלעגן זיך מיטיק־צייט שפּילן, איז האַלקאַ געווען די גאַנצע רעדל־פירערין. און האָב איך אַמאָל געטאָן עפּעס וואָס איז איר נישט געפעלן, האָט זי פאַר מיר קיין אַנדער נאָמען נישט געהאַט ווי „זשידאָוויצאַ״. ס׳איז אָבער געווען נישט אַזוי דאָס וואָרט, ווי דער טאָן אין וועלכן זי פלעגט דאָס וואָרט אַרויסרעדן קריצנדיק אַזש מיט די ציינער . . . דער גאַנצער פּוילישער האַס איז געלעגן אין דעם איינעם וואָרט : „זשידאָוויצאַ״ . . .

פלעגט מיין יונג הערצל אַזש זיך פאַרקלעמען פון ווייטיק און פאַרדרוס. איך פלעג זיך אָנטאָן אַ כוח און איר צוריקשליידערן : „פּיאַניצאַ !״ (שיכורטע), ווייל ביי זיי אין מאַנאָפּאָל פלעגן זיך וואַלגערן שיכורים . . . איך האָב זי אויך אָנגערופן : „קורנאסא״, ווייל זי האָט געהאַט אַ פאַרריסן נעזל, מיט נאָך און נאָך צונעמען — ס׳איז אָבער אַלץ אַרויסגעקומען בלאַס אין פאַרגלייך מיט איר איין וואָרט „זשידאָוויצאַ״ . . .

אין דער היים האָב איך קיין איין וואָרט נישט דערציילט, צוליב דער מורא מען זאָל מיך נישט אַרויסנעמען פון פענסיאָן. איך האָב ליב געהאַט דאָס לערנען און האָב שטיל אַרונטערגעשלונגען אַלע באַליידיקונגען. איך האָב נאָר גאָט געבעטן ער זאָל מיר אויך צושיקן עפּעס אַזאַ נאָמען פאַר האַלקאַן, וואָס זאָל איר בריען ווי מיך „זשידאָוויצאַ״.

איינמאָל, ווען מיר קינדער האָבן מיטיק־צייט זיך געשפּילט אין שול־הויף, האָט אונדז האַלקאַ דערציילט, אַז זי מיט אירע עלטערן זיינען זונטיק געווען אין טשענסטאָכאָוו אויף דער „יאַסנע גורע״ („הייליקער באַרג״), האָט זי מיט אירע אייגענע אויגן געזען, ווי אַ בלינדער האָט גע־קניט פאַר דער „מאַטקאַ באָסקאַ״ און ווען ער איז אויפגעשטאַנען איז ער געווען זעעוודיק . . . זי האָט אויך געזען ווי אַ לאָמער האָט אַוועקגעוואָרפן זיינע קוליעס און איז געגאַנגען מיט אַלע מענטשן גלייך . . . און נאָך און נאָך וואונדער האָט זי אָנדערציילט וואָס זי האָט אַליין געזען זייענדיק אויף דער „יאַסנע־גורע״ . . .

מיר זיינען געשטאַנען אַרום איר אַ גרויס רעדל קינדער, אידישע און מייסטע קריסטלעכע, און זי האָט ווייטער דערציילט, אַז צו

דער „יאָסנע־גורע״ ציען זיך פּילגרימען פון פאַרשיידענע שטעטלעך און דערפער, מיט קאַליקעס, און אַלע ווערן געהאָלפן . . .

איך האָב געמאַכט אַ זויערע מינע און געזאָגט שאַרף:

— און איך גלויב עס נישט!

האָט האַלקאַ אויף מיר אויסגעשטעלט אַ פּאָר ווילדע אויגן, און מיט פאַרביסענע ליפּן אַרויסגערעוועט:

— דו פאַרשיווע זשידאָווקאַ, ווי וואַגסטו צו צווייפלען אין אונדזער הייליקער מאַריאַ מיט דער „יאָסנע־גורע״, וואָס היילט אויס אַלע קראַנקע און ליידנדיקע! . . .

— און פּאַראַליזירטע מענטשן קען זי אויך העלפן? — האָב איך געפרעגט.

— געוויס! — האָט זי זיכער אַרויסגערעדט.

— לאָמיר זען צי זי קען אויסהיילן מיין פעטער הארצקע, וואָס איז שוין פּאַראַליזירט דאָס צווייטע יאָר.

— דאָרטן היילט מען נישט קיין אידן, בלויז קריסטן . . .

די קריסטלעכע קינדער האָבן זיך צעלאַכט.

איך בין אַ ווײַלע געשטאַנען צעטומלט, נאָר באַלד האָב איך מיך אָן עפּעס דערמאָנט און געזאָגט:

— בלויז קריסטן, זאָגסטו, ווערן געהיילט, גוט! ביי אונדז אין הויז וואוינט דער סטרוזש ביעצעק, האָט ער זייער אַ שיין טעכטערל, יאַדוויגאַ, זי איז זיבן יאָר אַלט און איז זייער אַ גערעטענע, נאָר זי לאָמט אויף אַ פיסל. זיי זיינען זייער ערלעכע קריסטן, גייען אין קאָשטשאָל. לאָמיר זען זאָלסט ברענגען דאָס קינד קיין טשענסטאָכאָוו צו דער „יאָס־נע־גורע״ און איר דאָרטן אויסהיילן. און אויב דאָס מיידעלע וועט אַהיים קומען אָן קוליעס און זי וועט גיין אויף אירע פיס אַזוי נאָרמאַל ווי איך און דו, ערשט דעמאָלט וועל איך דיר גלויבן . . .

— גוט, איך וועל דיר דאָס באַווייזן! — האָט זי אַרויסגערעדט מיט טריאומף — פיר מיך נאָך היינט צום סטרוזש ביעצעק.

— ער איז זייער אָרעם, דער סטרוזש, — האָב איך דערקלערט די קינדער, — לאָמיר צוזאַמענלייגן געלט אויף דער רייזע.

איך האָב דערביי אַליין אַרויסגענומען אַ זילבערנעם גילדן וואָס איך האָב געהאַט מיט זיך און עס דערלאַנגט האַלקאַן:

— איך מאַך אַן אָנפאַנג ! — האָב איך געזאָגט.

— מען דאַרף נישט קיין „דזשידאָווסקי״ גערן ! — האָט זי אָפּגע־שטופּט מיין האַנט, — זיי וועלן פאַרן פאַר אונדזער געלט.

צו יענער צייט האָט די שטאָט געקלונגען מיט אַ געהיימען מאָרד, און געשען איז עס אַזוי :

פון נאָוואָראַדאָמסקער באַבראָווער טייך, וואָס האָט זיך געצויגן פון טשענסטאָכאָוו, איז געשוואומען אַ פאַרמאַכטער קאַסטן. און ווען מען האָט דעם אַרויסגעצויגענעם קאַסטן געעפנט, איז דאָרטן געלעגן אַ קער־פּער פון אַ דערמאָרדעטן מאַן. דער דערמאָרדעטער איז געווען אַ קריסט.

האָט מען גלייך אַרעסטירט דריי באַלעבאַטישע אידן פון שטאָט אויפן חשד פון מאָרד. מען האָט זיי געמוטשעט, געפּייניקט זיי זאָלן זיך מודה זיין, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן, מען האָט נישט געפונען קיין שום באַווייזן קעגן זיי. מען האָט זיי אָבער אויך ווייטער געהאַלטן אונ־טער שלאָס און ריגל, אפשר וועלן די דריי אידן זיך פאָרט מודה זיין אין מאָרד פונעם קריסט . . .

פון טשענסטאָכאָוו און פון לאָדז זיינען אָנגעקומען געהיים־פּאָליציי צו פאָרשן דאָס געהיימניש פון מאָרד. זיי זיינען ענדלעך דערגאַנגען, אַז דער דערמאָרדעטער איז דער מאַן פון דער שיינער העלענאַ פון לאָדז, נאָר ווער עס איז באַגאַנגען דעם מאָרד איז נאָך אַלץ געווען איינגעהילט אין אַ טיפער געהיימניש.

דערווייל האָבן אויסגעבראָכן אומרוען אין שטאָט, מען האָט גע־שלאָגן אידן . . .

ווען מען האָט ענדלעך אַנטדעקט דעם מערדער, האָט עס אויפגע־שטורעמט נישט בלויז אונדזער שטאָט, נאָר גאַנץ פוילן און אייראָפּע. די נייעס איז אויך שנעל אַריבערגעשוואומען די ווייטע ימען צום אַמעריקאַ־נער קאָנטינענט . . .

ווייל דער מערדער איז געווען נישט קיין אַנדערער, ווי דער הויכער גייסטלעכער און קאַטוילישער גלח דאָמאזאָ מאַצאָך . . . די אויספאָר־שונג האָט געוויזן אַז דער גלח האָט געפירט אַ געהיימע ליבע מיט דער שיינער העלענאַ, וועלכע איז געווען די פרוי פון דעם דערמאָרדעטן — אַט־דער מענטש איז זיי געשטאַנען אין וועג, און איז געווען אַ שטערונג צו זייער געהיימען ראָמאַן, האָט אים דער גלח, מאַצאָך, אָפּגעראַמט פון

וועג, און זיין געליבטע העלענאַ האָט אים אַביסל צוגעהאָלפן דורכצופירן דעם מאָרד . . .

מען האָט אויך געזאָגט, אַז דאָס ברילִיאַנטענע „אויג״ פון דער היי־ליקער מאַריאַ אויף דער „יאַסנע־גורע״, וואָס מען האָט מיט אַ צייט צו־ריק אַרויסגעגנבעט און אַריינגעשטעלט אַ שטיק גלאָז אויפן זעלביקן אָרט פון אויג, איז אויך געווען די אַרבעט פונעם גרויסן גייסטלעכן דאָ־מאַזאַ מאַצאָך, וואָס האָט נויטיק געדאַרפט האָבן אַ סך געלט אום צו קע־נען אָנהאַלטן זיין געהיימע ליבע מיט דער שיינער העלענאַן . . .

אָט פון דער גרויסער געשעעניש איז די שטאָט געגאַנגען אויף רעד־לעך . . .

אין הויז ביי אונדז האָט מען צוליב אָט־דער גרויסער פּאַסירונג גע־קויפט אידישע און פּוילישע צייטונגען, וועלכע זיינען אָנגעקומען פון די אַרומיקע גרויסע שטעט און מען האָט נייגעריק געשלונגען יעדעס וואָרט.

פון גרויס אויפרעגונג האָב איך יענע נאַכט נישט געקענט איינ־שלאָפן. אויפצומאָרגנס בין איך געגאַנגען אין פענסיאָן פריער ווי אַלעמאָל. דערביי האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז איך טרעט ניט אויף ערד, נאָר אַז אונטער מיינע פיס ליגן פּוכקע, ווייכע וואָלקנס וועלכע טראָגן מיך צו האַלקאַ גראַבאַוווסקאַ . . .

אַזוי ווי עס איז נאָך געווען פרי, בין איך אַריין אין שול־הויף און דאָרטן שוין געטראָפן פאַרזאַמלט אַ היפּשע צאָל קינדער. איך האָב דער־זען האַלקאַן זיצנדיק אין אַ ווינקל, בין איך גלייך צוגעגאַנגען צו איר און האָפערדיק אַרויסגערעדט:

— דזשיען דאָברי, האַלקאַ . . . — דערביי האָב איך פאָרשנדיק זי אָנגעקוקט.

זי האָט אויף מיר אַ צעמישטן קוק געטאָן און אויף גיך אַוועקגע־דרייט דעם קאָפּ. איך אָבער האָב זי נישט אָפּגעלאָזט און מיט אַ געמאַכ־טער געלאַסנקייט זיך אָנפרעגן:

— וואָס זאָגסטו נישט צו דער שרעקלעכער געשיכטע וואָס האָט זיך געטראָפן מיט אייער גלח דאָמאַזאַ מאַצאָך ?

זי איז רויט געוואָרן און נישט געענטפערט.

— ווי איך זע ווייסטו נאָך גאָרנישט פון דער גאַנצער פּאַסירונג, נו, גוט, וועל איך דיר דערציילן . . . נעכטן האָט מען אויסגעפונען אַז...

זי האָט מיך אָבער נישט געלאָזט דערענדיקן. זי איז פּלוצלונג אויפ־געשפּרונגען און מיט בייזן צאָרן אויסגעשריגן:

— ס׳איז אַ ליגן, אַ געמיינער ליגן! ס׳איז אַ בילבול וואָס אידן האָבן אויסגעטראַכט . . .

— עס איז נישט קיין בילבול, עס איז אמת! — האָב איך איר טראַציק אַריינגעשריגן אין פּנים אַריין.

עס האָבן זיך גענומען אַרום אונדז אַרומשטעלן קינדער. איך מיט האַלקאַן זיינען אָבער ווייטער אָנגעגאַנגען מיט אונדזער ווערטער־קריג. עס זיינען געפלויגן די ווערטער: „דאָמאַזאַ מאַצאָך", „זשידאָוויצאַ", „ליגן", „אמת", „יאָ", „ניין", און נאָכאַמאָל „מאַצאָך" און ׳זשידאָוויצאַ׳. קריסטלעכע בלויע קינדער־אויגן האָבן זיך צוגעקוקט צעטומלטע . . . אי־דישע שוואַרצע גלות־אויגן האָבן זיך געצונדן מיט פייערלעך פון נצחון...

מיט אַמאָל איז האַלקאַ ווילד געוואָרן און אַ שפּרונג געטאָן צו מיר מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט, מיט וועלכער זי האָט זיך פאַרמאָסטן צום שלאָגן, און דערביי געקוויטשעט אויף די העכסטע טענער, אַז איך האָב אויסגעטראַכט אַ געמיינעם ליגן אויף זייערע הייליקע . . .

די גויאישע קינדער האָבן איר אונטערגעהעצט און זיי האָבן דער־וואַרט, אַז עס וועט באַלד אויסברעכן אַ געשלעג, וואו יעדער פון זיי וועט האָבן אַ געלעגנהייט צוצולייגן אַ האַנט אויף אַ אידיש קעפּל . . .

— וואַרט איין מינוט, — האָב איך אויסגערופן, זוכנדיק זיך צו ראַ־טעווען פון קלעפּ, — איך דאַרף אייך אַלעמען עפּעס ווייזן, און אויב זי וועט נאָך דעמאָלט זאָגן אַז עס איז אַ ליגן, וועט איר קענען טאָן וואָס איר ווילט.

עס איז געוואָרן שטיל. אַלע האָבן מיט גרויס שפּאַנונג געוואַרט צו זען וואָס אַזוינס איך האָב זיי צו ווייזן. איך האָב זיך אָנגעבויגן אויף דער ערד וואו ס׳איז געלעגן לעבן מיינע פיס מיין לעדערנע „טעקע", אין וועלכער איך האָב געהאַלטן מיינע ביכער. איך האָב די טעקע געעפנט און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ פּוילישע צייטונג. איך האָב די צייטונג אויפגעהויבן אין דער הויך אַזוי אַז אַלע קינדער זאָלן קענען לייענען.

אויף דער פאָדערשטער זייט איז מיט גרויסע אותיות געווען גע־שריבן, אַז דער געהיימער מאָרד איז ענדלעך אַנטדעקט געוואָרן, און אַז דער גלח, דאָמאַזאַ מאַצאָך, איז אַרעסטירט געוואָרן אַלס דער מערדער.

ס׳איז אויך געווען געדרוקט אַ בילד פונעם מערדער, מאצאָך, מיט זיין געליבטע, העלענאַ, און אַ פאָטאָגראַפיע פונעם דערמאָרדעטן . . .

אין קלענערע בוכשטאַבן איז געווען באַשריבן געגנוי, ווי אַזוי דער מאָרד איז באַגאַנגען געוואָרן . . .

בלויז אַ רגע איז געווען מוראדיק שטיל. מיטאַמאָל האָט זיך האַל־קא געגעבן אַ ריס אַרויס פונעם רעדל קינדער, אַ כאַפּ געטאָן די צייטונג פון מיין האַנט און זי אַ שליידער געטאָן צו דער ערד, און מיט אימפּעט זיך געלאָזט לויפן פון שול־הויף.

און פלוצלונג האָט זיך ספּאָנטאַן אַרויסגעריסן אַן אויסגעשריי פון אַלע אידישע העלדזלעך:

„דאָמאזאָ מאצאָך! דאָמאזאָ מאצאָך! מאַצאָך . . . מאצאך . . . מאַצאָך! . . . " — האָט אָפּגעקלונגען ווי אַן איינגעשטודירטער כאָר.

די קריסטלעכע קינדער זיינען זיך צעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און מיר, אידישע, זיינען פריילעכע, מיט געפילדער אַריין אין דער שקאָלע.

אַ היים פון שקאָלע בין איך געגאַנגען אַ געלייטערטע, מיט לייכטע, פליענדיקע טריט און מיט אַ גרינג געמיט, און געהאַט האָב איך דאָס גע־פיל אַז גאָט האָט דערהערט מיין געבעט און מיר צוגעשיקט די „געשיכ־טע מאצאָך", כדי איך זאָל האָבן פאַר האַלקא גראבאָווסקא אַ נאָמען, וואָס זאָל איר אַזוי בריען און וויי טאָן ווי מיר „זשידאָוויצאַ" . . .

# דער צעבראָכענער שליסל

ס׳איז געווען אום ראש־השנה, אין אַ שפּעטן נאָכמיטיק. איך בין אַ פּאַריתומטע געזעסן אין אַ ווינקל פון שטוב און געבענקט נאָך מיין מאַמען.

דער ערשטער ראש־השנה אָן דער מאַמען. אין הויז האָט זיך שוין אַרומגעדרייט אַ שטיף־מאַמע.

איך האָב נאָך אַמאָל איבערגעלעבט יענעם שרעקלעכן אויף דער נאַכט, ווען דער טאַטע איז צוריקגעקומען פון לאָדז און מיטגעבראַכט עפּעס אַ פרעמדע הויכע דאַמע, וואָס האָט געטראָגן אַ גרויסן קאַפּעלוש מיט גרינע פּעדערן.

דער טאַטע האָט צוגערופן אונדז קינדער, דריי קליינע מיידלעך, און געזאָגט:

— דאָס איז אייער נייע מאַמע . . . איר זאָלט איר אַלע רופן מאַמעשי.

די דאַמע האָט אויסגעטאָן דעם גרויסן הוט מיטן מאַנטל און עס דערלאַנגט דער דינסט, און איר געהייסן פּאַרזיכטיק אויפהענגען דעם מאַנטל. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו אונדז קינדער און געפרעגט ווי מיר הייסן.

— איך הייס חוהלע, — האָט די מיטלסטע געענטפערט.

— און איך הייס טשיפּעלע קרוין . . . — האָט די אינגסטע, די דריי־יעריקע, אַרויסגערעדט מיט שטאָלץ, און גלייך האָט דאָס קינד אַ פרעג געטאָן:

— און ווי הייסטו?

— איך הייס גוטשע, נאָר דו זאָלסט מיר רופן מאַמעשי . . .

— אַ נייע מאַמעשי, — האָט דאָס פּיצעלע אַרויסגערעדט און זיך אָזש צעטאַנצט פאַר פרייד.

— נו, און דו ווי הייסט? — האָט זי אָנגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר קאַלטע אויגן, פון וועלכע מיר איז געוואָרן שווער אויפן האַרצן . . .

— שרה, יע . . . — האָב איך נישט באַוויזן צו ענדיקן.

זי האָט אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— פע, אַ נאָמען אַביסל! פון איצט אָן און ווייטער וועסטו הייסן סאַלטשאַ!

איך בין אַרויסגעלאָפן פון שטוב, בין אַריין אין קיך און מיך דאָרט פאַרשטעקט אין אַ ווינקל און זיך שטיל צעוויינט.

ס'איז אָנגעקומען די משפחה. דער זיידע מיט דער באָבען, פעטערס און מומעס. געקומען אָנקוקן דעם טאַטנס נייע ווייב. איך בין נישט אַריינגעגאַנגען אין דער גרויסער שטוב וואו אַלע זיינען געווען פאַרזאַמלט. איך בין נאָך אַלץ געווען פאַררוקט אין אַ ווינקל פון דער קיך און שטיל געהעשעט. די באָבע איז אַריינגעקומען אין קיך און מיך געטראָפן אַ פאַרוויינטע. זי האָט מיך פאַרשטאַנען און געזאָגט:

— נו, מען טאָר נישט וויינען, שרהלע. דו מיינסט, אַז דיין טאַטן איז גוט? — האָט זי פאַרענטפערט איר זון, — דו ביזט דאָך שוין, אָן אַן עין־הרע, אַ מיידל פון אַריבער עלף יאָר, דאַרפסטו פאַרשטיין, אַז ס'הויז דאַרף האָבן אַ באַלעבאָסטע. מען צעגנבעט, מען צעטראָגט די שטוב . . . ס'איז ווי אַ שיף אָן אַ רודער . . .

— דער טאַטעשי זאָגט, — האָב איך אַ פאַרביטערטע אַרויסגעקרעכצט, — אַז איך מוז איר רופן מאַמעשי, און איך קען נישט, באָבעשי . . . איך קען נישט . . .

— אַ מאַמע אָן בויכווייטיק, — האָט די באָבע אַזוי ווי פאַר זיך אַרויסגערעדט, — ניין, דו מוזט איר נישט רופן מאַמע . . . דו קענסט איר רופן מומע . . .

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט און עס איז מיר עפּעס געוואָרן גרינגער אויפן האַרצן.

איך בין מיט דער באָבען אַריין אין דער גרויסער שטוב, אין דער סאַליע, וואו עס איז געווען פאַרזאַמלט די משפחה.

דורך די עטלעכע חדשים וואָס די מומע גוטשע האָט זיך געפונען ביי אונדז אין הויז האָט זי איבערגעדרייט דאָס גאַנצעווירטשאַפט . . . זי האָט אָפּגעשאַפן די אַלטע גוטע דינסט פראַדל און האָט אַריינגענומען

אַ פּוילישע שיקסע. צו אונדז קינדער האָט זי גערעדט פּויליש. זי האָט איבערגעשטעלט דאָס מעבל, צוגעקויפט נייע זאַכן, אַרויסגעוואָרפן אַלטע. זי האָט זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פּריצה איבערן הויז, „גערזשאָנדזשעט" (רעגירט), געגעבן באַפעלן ווי אַ גענעראַל זיינע זעלנער . . . זי איז געווען פּונקט דער היפּוך פון מיין גוטער, שטילער מאַמען, וועלכע האָט נישט געקענט וויי טאָן אַ פליג אויף דער וואַנט.

אַ מאָדנע ווירקונג האָט זי געהאַט אויף מיין פאָטער, וועלכער האָט זיך איינגאַנצן געפונען אונטער איר איינפלוס. זי פלעגט אונדז קינדער האַלטן אין איין פאַרמסרן פאַר אים, און פאַר יעדער קלייניקייט, וואָס מיר קינדער האָבן גאַנץ אומשולדיק געטאָן, זיינען געפלויגן פּעטש. נאָר דאָס גרעסטע כפּרה־הינדל בין איך געווען . . . ווייל איך בין דאָך געווען די עלטסטע און זי האָט מיר בשום־אופן נישט געקענט מוחל זיין, וואָס איך רוף איר „מומע", און נישט ווי די אינגערע קינדער, „מאַמע". ס'איז נישט געווען דער טאָג וואָס די מומע גוטשע זאָל מיך נישט פאַרקלאָגן צום טאַטן. און דער טאַטע, אָן מיך צו פרעגן, האָט זיך גלייך געכאַפּט צום פּאַסיק, און אַלע מאָל מיט דער זעלבער פזמא:

— שוין זאָלסטו איבערבעטן די מאַמעשי! . . .

פלעג איך עפּענען ס'מויל און וועלן דערציילן, אַז איך האָב קיין שלעכטס נישט געטאָן, אָבער מיין פאָטער האָט מיך נישט געלאָזט ריידן:

— שווייג, מען פרעגט נישט ביי דיר! טו וואָס איך הייס דיר!

פלעג איך בלייבן שטיין אָן איינגעעקשנטע און זיך נישט רירן פון אָרט.

— ענטפער, דו וועסט איבערבעטן די מומעשי; יאָ, צי ניין? — איז זיין שטימע געוואָרן אַלץ שטרענגער און דער פּאַסיק מיט דער אויפגעהויבענער האַנט נעענטער . . .

— איך וועל נישט!

פלעגט זיך דעמאָלט דער פּאַסיק אַראָפּלאָזן אויף מיין קליינעם דאַרן גוף, און אומרחמנותדיקע שמיץ האָבן אָפּגעהילכט איבערן הויז. דערביי האָט דער טאַטע געשריען אויף מיר צערייצט:

— שטיקער וועל איך פון דיר פאַסעווען אויב דו וועסט נישט אָפּגעבן כבוד דער מאַמעשי!

דערביי איז געשטאַנען די „מומעשי" מיט פאַרביסענע פאַרשנורעוועטע ליפּעלעך, און מיט גרויס הנאה זיך צוגעקוקט צום „ספּעקטאַקל".

אירע שפּיזן־אויגן האָבן געפינקלט מיט נצחון פון אַ זיגער.

איך פלעג דערפילן ווי פייערדיקע ריטער ברענען זיך אַריין אין מיין לייב, און בין שוין געווען גרייט אויף אַלץ, אַבי דער ווייטיק מיט די שמיץ זאָלן אויפהערן. האָב איך אָבער דערזען דער מומע גוטשעס קאַלט גזלניש פּנים מיטן סאַרקאַסטישן שמייכלען, און איך בין געווען גרייט אויסצושטיין דאָס גיהנום אויף דער וועלט, אַבי נישט איבערצובעטן מיין שטיף־מאַמען פאַר אַ זינד, וואָס איך בין נישט באַגאַנגען.

יענעם ראש־השנה, ווען איך בין אַזאַ פאַראומערטע געזעסן און גע־בענקט נאָך דער מאַמען, האָב איך מיך מיט אימפּעט אַ כאַפּ געטאָן און בין געלאָפן צו דער מומע חוה, וועלכע האָט געהאַט אַ פולע שטוב מיט קינדער, און וואו איך פלעג אין טומל און שפּילערייען זיך כאַטש אויף אַ ווייַלע פאַרגעסן אין מיין בענקעניש.

ווען איך בין אַריין אין הויז, האָב איך גראָד געטראָפן ווי דער פעטער יצחק האָט זיך אַביסל צעווערטלט מיט דער מומען. ער האָט גע־זאָגט, אַז פון די עלף קינדער, וואָס די מומע האָט אים געבוירן, איז קיין איינס נישט קיין לייטיש. אפשר, — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — וועט דאָס צוועלפטע זיין לייטישער . . .

האָט זיך מיין מומע חוה אָנגעברוגזט און געענטפערט, אַז אַלע זייערע קינדער זיינען, אָן עין־הרע, זייער געראָטן און לייטיש.

מיין קוזין יחיאל, אַ שטאַרק געוויקסיק אינגל פון אַ יאָר פופצן, האָט צו מיר אַ וואונק געטאָן, אַז איך זאָל אים נאָכגיין.

מיר זיינען אַרויס אין גרויסן הויף. עס איז אונדז אַקעגנגעקומען מישא, אַ יונגער סטודענט. ער האָט געלערנט ביי פאַביאַנען. ער איז געווען אין איין עלטער מיט מיין קוזין. דאָס סטודענטן־היטל האָט ער געטראָגן פאַררוקט אויף אַ זייט, און אַ באַגייסטערטער האָט ער דער־ציילט:

— דו ווייסט, יחיאל, מען גייט אויפפירן אין „הזמיר" „דאָס פּינ־טעלע איד". מיין עלטערער ברודער וועט מיטשפּילן.

— גיי אַוועק, — האָט יחיאל געזאָגט, — איך דאַרף עפּעס ריידן מיט שרהלען.

— סודות מיט אַזאַ קליין מיידעלע ? — האָט דער סטודענט גע־חוזקט.

ס'האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן דער אויסדרוק „קליין מיידעלע",

און איך האָב מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און וואַזשנער מינע זיך געלאָזט אַוועקגיין.

— זעסט וואָס דו האָסט געטאָן, — האָט מיין קוזין געזאָגט, — דו האָסט איר באַליידיקט . . .

זיי זיינען מיר ביידע נאָכגעלאָפן. דער סטודענט האָט זיך אַנטשולדיקט און געוואָלט אַוועקגיין, האָט אים יחיאל ניט געלאָזט און געזאָגט אַז ער מעג הערן, וואָס ער גייט מיט מיר ריידן:

— פאַר דיר, — האָט ער געזאָגט צום סטודענט, — האָב איך ניט קיין סודות . . . איך וויל, — האָט יחיאל ענדלעך מיר מודיע געווען, — אַז דו זאָלסט מיר טאָן אַ טובה, און דו ביזט טאַקע די איינציקע, וועלכע קען מיר העלפן.

איך האָב מיט אַמאָל זיך דערפילט זייער וואַזשנע, וואָס „איך בין די איינציקע, וואָס קאָן אים העלפן", און בין געווען גרייט אויף אַלץ. און זאָל דער סטודענט זען, אַז איך בין שוין נישט קיין „קליין מיידעלע".

— אויב איך וועל נאָר קענען, וועל איך דיר טאָן די טובה. זאָג, וואָס ווילסטו? — האָב איך מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ געזאָגט.

— איך מוז אויף היינט ביינאַכט האָבן אַ גומענעם קאָלנער, און אַזוי ווי אַלע געשעפטן זיינען געשלאָסן, וויל איך, אַז דו זאָלסט עפענען אייער געוועלב און פון דאָרט אַרויסנעמען אַ גלאַנציקן גומענעם קאָלנער.

— וואָס רעדסטו, ס'איז דאָך יום־טוב! מען טאָר נישט עפענען!

— ס'וועט קיינער נישט וויסן, — האָט ער מיר פאַרזיכערט, — און אַבי דו נעמסט נישט קיין געלט, איז עס נישט קיין עבירה . . .

— איך האָב דאָך אָבער נישט די שליסלען, — האָב איך זיך נאָך אַלץ געוועהרט.

דאָ האָט זיך דער סטודענט אָנגערופן:

— נו, דו זעסט דאָך שוין, אַז זי האָט מורא!

זיינע רייד האָבן מיר אַ ברי געטאָן און איך האָב פעסט אַרויסגערעדט:

— איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט. איך ווייס וואו די שליסלען זיינען, און אויב די מומע גוטשע איז נישטאָ אין הויז, וועל איך קענען נעמען די שליסלען און עפענען ס'געשעפט.

— ס'וועט זיין גוט ווי גאָלד, — האָט מיין קוזין יחיאל מיר פאַרזיכערט, — דו וועסט צוריקלייגן די שליסלען אויפן זעלבן אָרט פון וואַ־

נען דו האָסט זיי גענומען, און עס וועט קיינער קיינמאָל נישט וויסן וועגן דעם אַ חוץ מיר דריי.

איך בין באַשטאַנען, אָבער מיט אַ תנאי, אַז איך זאָל אויך מיטנע־מען מיין קוזינע איטע, יחיאלס שוועסטער, וועלכע איז געווען מיין בעס־טע חברטאָרין.

מיר האָבן זיך זאַלבעפיר אַוועקגעלאָזט צו אונדזער הויז. בלויז איך אַליין בין אַריין אין שטוב. ס׳איז קיינער נישט געווען אין הויז, בין איך אַריין אין טאַטנס קאַנטאָר, האָב פון אַ זייטיקן שופלאָד אַרויס־גענומען די שליסלען און בין אויף די שפיץ פינגער צוריק אַרויס פון הויז.

מיר זיינען דאַן אַוועק אויפן נייעם מאַרק, וואו עס האָט זיך געפו־נען אונדזער גאַלאַנטעריי־געוועלב. איך האָב פאָרזיכטיק אויפגעשלאָסן איין שלאָס נאָכן אַנדערן, האָב אַראָפּגענומען דעם לאַנגן אייזערנעם פרענט און געעפנט די טיר.

מיר זיינען אַריין אינעווייניק. מישא איז געשטאַנען אין דרויסן און געהאַלטן די טיר אַביסל אָפן, אז עס זאָל אַריין ליכט און צו דער זעל־בער צייט האָט ער געדאַרפט האַלטן אַ וואַכזאַם אויג, און אונדז לאָזן וויסן צי עס קומט נישט אָן עפּעס אַ באַקאַנטער . . .

איך האָב אויף שנעל אויסגעזוכט אַ גומענעם קאָלנער פון זיין בו־מער און פאַסאָן. יחיאל האָט דעם איינגעוויקלטן קאָלנער פאָרזיכטיק אַריינגעלייגט אין קעשענע, און מיר זיינען צוריק אַרויס פון געוועלב. איך האָב זיך גענומען צום פאַרשליסן. כ׳האָב פאַרשלאָסן די ערשטע טיר, אויך די צווייטע, דערנאָך אַרויפגעלייגט דעם לאַנגן אייזערנעם פרענט, אָנגעטאָן דעם גרויסן אייזערנעם שלאָס און צוגעשלאָסן מיטן לעצטן גרויסן שליסל. איך האָב זיך געפילט אַביסל שולדיק פאַר אָפּ־טאָן אַזאַ זאַך אָן מיין פאָטערס וויסן, און האָב דערפאַר געוואָלט זיין דאָפּלט זיכער, אַז דאָס געוועלב איז ריכטיק פאַרשלאָסן.

— איטע, — האָב איך געזאָגט, — פּרוביר דו צי עס איז גוט פאַרשלאָסן.

זי איז צוגעגאַנגען, אַ דריי געטאָן דעם שליסל און געזאָגט, אַז עס איז גוט פאַרשלאָסן.

איך בין נאָך אָבער אַלץ נישט געווען זיכער, און איך האָב געבעטן יחיאלן, אַז ער זאָל פּרובירן. האָבן זיינע שטאַרקע יונגע הענט אַ דריי געטאָן דעם שליסל. איך האָב דערהערט אַ קריץ צוזאַמען מיט אַן „אוי״,

און דערזען ווי ער האַלט אַ האַלב־אָפּגעבראָכענעם שליסל אין דער האַנט.

איך האָב פאַר גרויס שרעק אַזש געציטערט . . . איך האָב אָבער איינגעהאַלטן מיינע טרערן.

— נו, האָב נישט קיין מורא, שרהלע, — האָט יחיאל געזאָגט, — און זאָרג נישט. דער שליסל וועט נאָך היינט זיין פאַריכט.

— ווי אַזוי ? — האָב איך אַ געפּלעפּטע געפרעגט.

— איך האָב אַ באַקאַנטן גוי, אַ שלאָסער, ער וואוינט וויט הינטערן שטאָט, וועלן מיר גלייך גיין צו אים. ער וועט דעם שליסל פאַרריכטן און דו וועסט אים דערנאָך צוריקלייגן אויפן אייגענעם אָרט פון וואַנען דו האָסט אים גענומען, און עס וועט זיין שאַ־שטיל . . .

איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט, און מיר האָבן זיך באַלד אַלע פיר געלאָזט גיין צו דער גויאישער קוזניע.

מיר זיינען געגאַנגען מיט דער שול־גאַס און זיך פאַרנומען אויפן וועג וואו מען פאָרט קיין פּרזשעדבאָרזש. עס איז געווען אַ גרויסער מהלך. מיר זיינען פאַרבייגעגאַנגען דעם בית־עולם. איך בין אינסטינקטיוו געבליבן שטיין. כ׳האָב מיט בענקשאַפט און פייכטע אויגן געוואָרפן אַ בליק צום „גוטן אָרט״, וואו עס האָבן גערוט די ביינער פון מיין מוטער. די קינדער האָבן מיך אָבער נישט געלאָזט זיך לאַנג פאַרטראַכטן. זיי האָבן מיך אונטערגעיאָגט, און געזאָגט אַז עס ווערט שפּעט.

אַ רויטע זון איז פאַרגאַנגען אין מערב־זייט. אויפן הימל האָבן זיך געשפּרייט געדיכטע וואָלקנס. מיר זיינען ענדלעך אָנגעקומען אינעם קליינעם דאָרף. מיין קוזין האָט אונדז צוגעפירט צו דער קוזניע, נאָר צו אונדזער גרויסער אַנטוישונג איז די קוזניע געווען פאַרמאַכט. מיר זיינען אַריין אין דער קליינער פויערשער כאַטקע, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן, און וואָס האָט באַלאַנגט צום שלאָסער. אַ גרויסע געזונטע גויע האָט אונדז געזאָגט, אַז דער מאַן אירער, דער שלאָסער, איז היינט געפאָרן אין שטאָט אַריין, און זי ווייסט נישט ווען ער וועט קומען צוריק. מיר זיינען געוואָרן שטאַרק פאַרצווייפלט און איר דערציילט פון אונדזער אומגליק. זי האָט אונדז גלייכגילטיק אויסגעהערט און דערביי האָט זי צעשניטן אַ שטיק קאָלבאַס אויף קליינע שטיקלעך און עס אַריינגעוואָרפן אין דער סקאָוואָראָדע צו פּרעגלען. פון דעם ריח האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ נישט־גוטקייט . . . מיר האָבן געוואַרט איבער אַ שעה.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, און דער שלאָסער איז נאָך אַלץ נישט געקומען. מישא האָט פאַרגעלייגט, אַז מיר זאָלן גיין אַהיים. זיינע עלטערן, — האָט ער געזאָגט, — וועלן ניט וויסן וואו ער איז אַהינגעקומען און וועלן מסתמא זיין שטאַרק באַזאָרגט. ער האָט אונדז צוגערעדט, אַז מיר זאָלן אַלע גיין אַהיים. איך האָב נישט געוואָלט הערן דערפון.

— איך וועל נישט אַוועקגיין פון דאַנען, — האָב איך פעסט געזאָגט, — ביז דער שליסל וועט זיין אַ פאַרריכטער.

נאָך אַ לאַנגן וואַרטן און דינגעניש, האָבן מיר ענדלעך באַשלאָסן צו גיין מיט דער האָפענונג אפשר וועלן מיר טרעפן דעם גוי אויפן וועג.

מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין, וואָס פירט צו דער שטאָט, און דערביי האָבן מיר זיך איינפאַרשטאַנען, אַז מיר ריידן פויליש, ווייל מיר האָבן גוט געוואוסט, אַז עס איז אַ גרויסע סכנה פאַר אידישע קינדער צו גיין שפּעט ביינאַכט הינטער דער שטאָט און רעדן אידיש . . .

די אינגלעך זיינען געגאַנגען פאָראויס. איך מיטן איטען פון הינטן. ס'איז געווען אַ פינצטערע נאַכט און ס'האָט אָנגעהויבן זיך אַראָפּלאָזן אַ דראָבנער רעגן. מיר זיינען ווידער פאַרבייגעגאַנגען דעם בית־עולם, און איך בין געבליבן שטיין.

— פאַרוואָס שטייסטו ? — האָט איטע געפרעגט.

— איך וויל ריידן מיט מיין מאַמען.

— „ס'גוטע אָרט" איז איצט פאַרמאַכט און זי וועט דיך נישט הערן, — האָט איטע געזאָגט.

— זי וועט מיך יאָ הערן, — האָב איך פעסט געענטפערט.

איך בין צוגעגאַנגען נאָענט צום פּלויט און האָב שטיל געזאָגט :

— מאַמעשי קרוין, עס איז מיר נישט גוט, עס איז נאָך נישט קיין יאָר צייט זינט דו ביזט אַוועק פון אונדז און מיר האָבן שוין אַ שטיפמאַמע. זי איז זייער אַ שלעכטע און איך האָב איר פיינט. היינט האָב איך צעבראָכן דעם שליסל פון געוועלב און איך האָב מורא אַהיימצוגיין, ווייל איך ווייס, אַז דער טאַטעשי וועט מיך שלאָגן. ער שלאָגט מיך איצט זייער אָפט . . . איך וויל אַנטלויפן פון דער היים, נאָר איך ווייס נישט וואוהין איך זאָל לויפן . . . מאַמעשי, טייערע, איך בענק אַזוי נאָך דיר. פאַרוואָס ביזטו אַזוי שנעל אַוועק פון אונדז. פאַרוואָס ?

און איך האָב מיך שטיל פאַנאַנדערגעוויינט. די אינגלעך האָבן אונדז דערווייל גערופן, בין איך אַ שווייגנדיקע צוריק אַרויף אויפן שאָ־

סיי. ווען מיר זיינען שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ האַלבן וועג, האָבן מיר פון דערווייטנס דערזען פאָרן אַ פערד מיט אַ וואָגן. מיר האָבן גענומען שפּאַנען האַסטיקער. יחיאל איז דער ערשטער צוגעקומען צום וואָגן און מיט פרייד אויסגערופן, אַז עס איז דער שלאָסער, זיין גוטער באַקאַנטער. מיין קוזין האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה. דער שלאָסער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט דעם שליסל פאַרריכטן און אונדז געהייסן אַרויפ־קריכן אויפן וואָגן. מיר האָבן אים דערקלערט, אַז עס איז יום־טוב, און אַז מיר אידישע קינדער טאָרן נישט פאָרן אום יום־טוב, דעריבער האָבן מיר אים געבעטן, אַז ער זאָל פאָרן פאַמעלעך, וועלן מיר קאָנען נאָכ־גיין זיין פור.

מישאַ האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און זיך געלאָזט גיין אַהיים, און איך, איטע און יחיאל זיינען נאָכגעגאַנגען דעם וואָגן.

דער שלאָסער האָט אין אָנהייב געהאַלטן וואָרט, און געפאָרן פאַמע־לעך, אָבער באַלד, ווייזט אויס, איז אים דאָס שלעפּן זיך נמאס געוואָרן, האָט ער אונדז נאָך אַמאָל אָנגעבאָטן אַרויפצוגיין אויפן וואָגן. נאָר אַז מיר האָבן אַלץ ניט געוואָלט, האָט ער אַ קנאַק געטאָן מיט דער בייטש, אַ געשריי געטאָן „וויאָ״, און באַלד האָבן זיך די פערד אַ לאָז געטאָן ווי פייל פון בויגן . . . מיר האָבן גענומען לויפן געשווינד . . . נאָך אַ היפּ־שע ווײַלע פון נאָכלויפן דעם וואָגן, האָבן מיר זיך געמוזט אָפּשטעלן כדי צו כאַפּן דעם אָטעם. מיר האָבן זיך אַביסל אָפּגערוט און ווייטער גע־לאָפן . . . אויסגעווייקטע פון רעגן און שוויס, זיינען מיר ענדלעך אָנגעקומען צום שלאָסערס הייזל. דער שלאָסער איז אָנגעקומען פריער פאַר אונדז און, ווי עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, האָט ער שוין געהאַט באַוויזן צו דערציילן זיין ווייב פון אונדזער „לויפעניש״, ווייל מאַן און ווייב האָבן זיך ממש געהאַלטן ביי די זייטן פון געלעכטער.

די גויע האָט געזאָגט, אַז צוערשט מוז איר מאַן עסן וועטשערע און ערשט דאַן וועט ער זיך נעמען פאַרריכטן דעם שליסל. ער האָט זיך ברייט אָוועקגעזעצט ביים טיש, זיך אַריינגעגאָסן אַ גלאָז ווייסע וואָדקאַ, עס אויסגעטרונקען מיט איין צי און זיך גענומען צו אַ גרויסער שיסל מיט קאַרטאָפליעס, מיט קרויט און קאַלבאַסע. ער האָט גענומען אַ שטיק חזיר פון זיין טעלער, עס שקאַצעוואַטע צוגעטראָגן צו אונדזערע נעז און אונדז געהייסן עסן . . .

דער הונגער, וועלכער האָט אונדז דערקוטשעט די גאַנצע צייט, איז

אונדז מיט אַמאָל פאַרגאַנגען זעענדיק בלויז דאָס ווייסע שטיק קאָלבאַס... מיר האָבן אונטערטעניק געשמייכלט און געזאָגט, אַז עס הונגערט אונדז נישט . . . מיר האָבן אים נאָך אַמאָל געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אויב ער פאַררינכט חלילה נישט דעם שליסל, וועט מען נישט קאָנען עפענען דאָס געוועלב און מיר וועלן זיך נישט טאָרן ווייזן אין הויז . . . יחיאל האָט דעם שלאָסער עפּעס איינגערוימט אין אויער און עס האָט געהאָלפן, ווייל ער איז מאָמענטאַל אויפגעשטאַנען, איז אַרויס און געעפנט די קוזניע, און אין ווייניקער ווי אין פינף מינוט איז דער צעבראָכענער שליסל געווען אַ גאַנצער. איך האָב מיט גרויס פרייד געכאַפּט דעם שליסל. מיר האָבן באַדאַנקט דעם שלאָסער און זיך ווידער אַמאָל געלאָזט אין וועג אַריין.

ס׳איז נאָך אַלץ געפאַלן אַ דראָבנער רעגן. אַ טיפע פינצטערניש האָט איינגעהילט די הייזלעך אַרום. וואו נישט וואו האָט אין אַ פענצטער זיך געצונדן אַ פייערל פון אַ פויערשע כאַטקע.

דריי אידישע קינדער זיינען געגאַנגען איבער פוילישע וועגן, יעדער מיט זיין מורא אין האַרצן. דער גאַנצער שליסל, וועלכן איך האָב איצט פעסט געהאַלטן אין מיין האַנט, און וועלכער האָט מיך ערשט אַזוי שטאַרק דערפרייט, האָט איצט ביי מיר אַרויסגערופן שרעק און מורא. וואָס פאַרא תירוץ וועל איך געבן מיין פאָטער ? וואו בין איך געווען ביז אַזוי שפּעט אין דער נאַכט ?

איך האָב פאַרטראַכט פאַרשיידענע תירוצים. ס׳האָט אָבער מיין מורא נישט פאַרמינערט אויף אַ האָר. איך האָב קלאָר געזען און געהערט מיין פאָטערס שטרענג קול, וואָס פרעגט און וואַרט נישט אויף אַן ענטפער . . . און איך האָב דערזען און ממש דערפילט דעם פאַסיק, וואָס לאָזט זיך מיט אימפּעט אַראָפּ אויף מיין אויסגעדאַרט לייב.

מיר זיינען אַריין אין שטאָט. דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוועלף. איך האָב מיך מיט שרעק אָנגעכאַפּט אין איטעס האַנט. זי האָט עס דערפילט און געזאָגט :

— גיי נישט אַהיים. קום מיט מיר צו אונדז. וועסט ביי אונדז עסן און שלאָפן. מאָרגן וועט מיין מאַמע דיך אַהיים פירן.

— ניין, עס וועט זיין נאָך ערגער, ווען מ׳וועט מיך זוכן און געפינען ביי אייך אין הויז.

ס׳האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן אין מיין מוח.

— אַ שאָד, — האָב איך מיך מיט אַמאָל געכאַפּט, — וואָס איך האָב מיך נישט דערטראַכט צו דעם געדאַנק פריער . . .

— אַז וואָס ? — האָבן ביידע געפרעגט.

— איך וואָלט מיך געדאַרפט געווען פאַרנעמען קיין פּרזשעבאַרזש, וואו עס וואוינט מיין מאַמעס שוועסטער, די מומע דבורהלע. נאָך יום־טוב, — האָב איך מיך אָנגעכאַפּט אָן דעם געדאַנק, — וועל איך אַהין אַנטלויפן . . .

מיר האָבן זיך געזעגנט און יעדער האָט זיך פאַרנומען אין דער ריכטונג פון זיין היים. ווען איך בין צוגעקומען צו אונדזער הויז, בין איך געבליבן שטיין אין פאָדער־הויז און נישט געהאַט גענוג מוט אַריינ־צוגיין. איך האָב מיך אָבער סוף־כל־סוף אָנגענומען מיט קוראַזש, האָב אַרויפגעלייגט מיין האַנט אויף דער קליאַמקע פון דער טיר, און בין אַזוי געשטאַנען באַוועגלאָז און נישט געוואָגט צו עפענען די טיר . . . איך האָב פּאַוואָליע גענומען דרייען דאָס „הענטל". מיט אַמאָל האָט זיך די טיר אַ האַסטיקן עפן געטאָן און אַ פּאָר שאַרפע שפּיזן־אויגן האָבן מיך דורכגענומען :

— ס'קאָצל קומט, — האָט די מומע גוטשע אויסגעדונערט, — זי איז דאָך שוין דאָ ! עס וואַרט אויף דיר די ריכטיקע פּאַרציע. יאָסל ! יאָסל ! — האָט זי גערופן מיין פאָטער, — דיין שאָדן האָט זיך אָפּ־געזוכט . . . איי, וועט ער שינדעווען, אַז דו וועסט עס האָבן צו גע־דענקען אויף דיין גאַנצן לעבן !

איך בין געבליבן שטיין ביים טיר אין קיך און האָב פּאָר שרעק נישט געקאָנט רירן מיט די פיס. מיין שטרענגער טאַטע איז אַריינגע־קומען פון דער צווייטער שטוב. זיין ברייטלעכע מיטל־וואוקסיקע פּי־גור האָט ווי אויפגעציטערט ווען ער האָט מיך דערזען. זיין פּנים היינ־טער דער שוואַרצער באָרד האָט עפּעס אויסגעקוקט בלאַסער ווי אַלע מאָל. זיין הויכער שטערן איז געווען טיפער געקאַרבט און אין זיינע שוואַרצע אויגן האָט געברענט אַן אומעטיק פייערל.

— וואו ביזטו געווען ביז איצט ? — האָט ער שטרענג געפרעגט. אָבער זיין שטימע איז אויסגעקומען געשפּאָלטן און האָט כמעט גע־קלונגען מילד. עס האָט געפעלט יענער מוראדיקער ברען פאַר וועלכן איך פלעג ווערן אַ פּאַרציטערטע.

— זאָג מיר דעם אמת, — האָט ער שטיל צוגעלייגט.

זיין טאָן האָט מיך באַרואיקט און איך האָב דערציילט אַלץ, ווי אַזוי כ׳האָב גענומען די שליסלען, געעפנט דאָס געוועלב כדי צו נעמען אַ גו־מענעם קאַלנער פאַר יחיאלן, ווי אַזוי דער שליסל איז צעבראָכן געוואָרן, און ווי אַזוי מיר קינדער האָבן זיך געשלעפּט אַהין און צוריק פונעם שלאָסער, ביז ער האָט ענדלעך פאַרריכט דעם שליסל.

— ווייסטו דען נישט, אַז מען טאָר נישט עפענען אַ געוועלב אום יום־טוב ? — האָט דער טאַטע געפרעגט, אָבער שוין אין אַ ווייכן טאָן, — און גרעסער איז נאָך די עבֵרה פון פאַרריכטן אַ שליסל, — האָט ער צוגעגעבן.

— יאָ, איך ווייס, אָבער איך האָב מורא געהאַט אהיימצוקומען מיט אַ צעבראָכענעם שליסל . . . איך האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט מיך...

— נו, גענוג שוין, — האָט ער מיך נישט געלאָזט ענדיקן די לעצ־טע ווערטער, — קום אַריין און לאָמיר עסן.

איך בין אַ מיד־אויסגעשעפּטע אַריין אין דער גרויסער שטוב און כ׳האָב באַמערקט, אַז די חלות זיינען נאָך געלעגן אויפן טיש מיט אַ צו־געדעקט טישטעכל. דער ווייַן איז געווען נישט גערירט. ס׳זילבער־וואַרג איז געלעגן גלייך אויסגעלייגט, נאָר די ליכט האָבן שוין געהאַט אויסגעברענט. ס׳איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז מ׳האָט נאָך נישט געגעסן. מיין קליין שוועסטערל טשיפּעלע איז שוין געשלאָפן. חוהלע איז אַ פאַרוויינטע געזעסן ביים טיש. ביי מיין אַריינקומען האָט זי זיך אַ הייב געטאָן פון טיש, איז צוגעלאָפן צו מיר און האָט פון גרויס פרייד זיך צעוויינט און דערציילט, אַז מען האָט מיך אַרומגעזוכט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַז מען האָט מורא געהאַט, אַז עס האָט מיט מיר גע־טראָפן אַן אומגליק . . .

דער טאַטע האָט געמאַכט קידוש, און ווען ער האָט זיך געוואַשן צום עסן, האָט די מומע גוטשע שטיל אַ זאָג געטאָן צו מיר :

— דו מיינסט אוודאי, אַז עס וועט דיר אַזוי גלאַטיק אָפּגיין, הייבט זיך גאָרנישט אָן . . . דער טאַטע האָט דיך נישט געשלאָגן, ווייל עס איז היינט יום־טוב . . . אָבער דו וועסט ס׳דייניקע קריגן נאָך ראש־השנה . . .

מיין פאָטער האָט געהערט די לעצטע ווערטער, און צום ערשטן מאָל האָב איך באַמערקט ווי ער האָט אויף איר געוואָרפן אַ בייזן בליק. ער האָט געמאַכט אַ ברכה איבער דער חלה, מיר דערלאַנגט אַ שטיקל

חלה און געזאָגט: „נאָ, מאַך אַ המוציא און עס, האָב קיין מורא נישט, איך וועל דיך נישט שלאָגן".

ווען איך האָב יענע נאַכט פאַרן שלאָפן גיין געלייענט קריאת שמע, האָב איך צוגעגעבן די ווערטער:

— טייערע מאַמעשי, איך ווייס, אַז דו האָסט מיך געהערט, ווייל דער טאַטעשי האָט זיך צו מיר היינט באַנומען פונקט אַזוי ווי דו וואָלסט געווען מיט אונדז אין הויז.

# די הייליקע מאַמע

מיט דער ערשטער גרויקייט וואָס הייבט אָן צו צעשניידן די נאַכ־טיקע הימלען, הויבן זיך אָן אויסצושלייכן מענטשלעכע געשטאַלטן אין דער טשענסטאָכאָווער געטאָ צו צוואַנג־אַרבעט. מען גייט מיט געבויגע־נע קעפּ, מיט מורא אין האַרצן און אַ תפילה אויף די ליפּן, וועלכע בעטן צו גאָט, אַז מען זאָל בשלום אַהיים קומען און טרעפן די וואָס מען לאָזט איבער און וועלכע ווערן אַלץ ווייניקער, די הייזער ליידיקער און די גאַסן פּוסטער.

צווישן די גייענדיקע מענטשן־שאָטנס מיט אויסגעלאָשענע אויגן, גייט חיהלע קאַלקע. זי און איר מאַמע און איר קינד, אַ מיידעלע פון אַ יאָר פיר, זיינען די איינציקע פאַרבליבענע פון אַ משפחה פון צוואַנציק נפשות. איר יונגער שלאַנקער קערפּער איז איינגעבויגן, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט אויף זיך געשלעפּט אַ שווערע משא, און יעדן מענטשן וואָס זי גייט פאַרביי באַגריסט זי מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ און גיט שטיל צו : אַ פאַרזאַמלונג הייַנט פון די „הייליקע מאַמעס" אין באָנקער 39, הינטער דער אַלטער שול.

די פרויען כאַפּן אויף די ווערטער און גיבן צוריק אַ צייכן און גייען ווייטער.

חיהלע גייט צוריק אין איר באַהאַלטענער נאָרע. איר בלאָנד מיי־דעלע מרימל שלאָפט רואיק. דעם קינדס ליפּעלעך צעשמייכלען זיך אומשולדיק גליקלעך.

חיהלע קוקט אויף איר קינד. אירע אויגן ווערן אָנגעפּילט מיט טרערן. אַ קאַלטער שווייס באַשלאָגט איר קערפּער, פון דעם געדאַנק, אַז עס קאָן נאָך חלילה טרעפן מיט איר איינציק קינד דאָס וואָס ס'האָט גע־טראָפן צו אַלע קינדערלעך פון איר גרויסער משפחה.

זי לייגט זיך אויף דעם בינטל היי לעבן איר קינד. זי גלעט אירע גאָלדענע האָר און פאַרגינט זיך נישט צו קושן דעם קינדס קעפּעלע.

— שלאָף און חלום, קינד מיינס, פון אַ ליכטיקערע וועלט, — שעפּ־

טשעט זי שטיל. — אוי, ווי גוט עס איז וואָס דו פאַרשטייסט ניט . . .
ס׳קינד וועקט זיך איבער און רופט פאַרשלאָפן: מאַמע, מאַמעשי! און טוליעט זיך צו דער מוטער.
ווי אַ שוואַלבל וואָס דעקט צו און באַשיצט אירע שוואַלבן, אַזוי דעקט חיהלע איין איר קינד און דריקט עס צו איר יונגן וואַרעמען בוזעם און שעפּטשעט שטיל:
— מיט דיר, מיין מרימל, וועל איך מיך נישט שיידן. אויב גיין, וועלן מיר צוזאַמען, צוזאַמען מיין קינד . . .
די אַלטע גאָלדע־לאה ליגט אין אַ ווינקל, ווי איינגעוואַקסן אין אַ באַרג שמאַטעס. איר קערפּער איז אַרומגעהילט מיט אַ גרויסע וואָלענע פאַטשיילע. אויפן קאָפּ טראָגט זי דעם שוואַרצן זיידענעם שבתדיקן שאַל. דאָס זיינען די איינציקע צוויי זאַכן וואָס זי האָט אָפּגעראַטעוועט פון איר גרויסער באַלעבאַטישקייט.
מיט אַמאָל נעמט זיך דער באַרג שמאַטעס רירן און עס הויבט זיך פון דאָרט אַרויס גאָלדע־לאהס קאָפּ. אין דער פינצטערניש פון דער נאַרע דערהערט זיך אַ שטיל, אַ קוים־הערבאַר קול:
— חיהלע, צי ביזטו שוין ווידער געוועזן אין דרויסן? וויי, וויי,
— יאָמערט דאָס קול, — דו מאַכסט דיך אומגליקלעך!
— איך האָב געברענגט אַ האַלב ברויט, מאַמע.
— וויפיל מאָל האָב איך דיר שוין געזאָגט, אַז דו זאָלסט מיך לאָזן גיין? — בעט זיך דער מאַמעס קול פון דעם באַרג שמאַטעס אַרויס.
מיט אַמאָל גיט זי זיך אַ זעץ אויף און בלייבט זיצן אַן איינגעהויקערטע. אין דער טונקעלער שאָטנדיקער נאַרע קוקט עס אויס ווי דער באַרג איז מיט אַמאָל קרום געוואָרן.
— איך וויל איינשטעלן אין קאָן מיין לעבן, — זאָגט גאָלדע־לאה אַרויס מיט אַ געדעמפּטער שטימע, — אַז איך וועל מיין לעבן פאַרלירן, וועל איך געווינען . . .
— וואָס רעדסטו, מאַמע?! — פרעגט חיהלע דערשראָקן פון דער מאַמעס ניט־פאַרשטענדלעכע רייד.
— ווען די מערדער וועלן מיין לעבן אויסלעשן, אַזוי ווי זיי האָבן אויסגעלאָשן די לעבנס פון מיין גרויסער משפחה, וועל איך ערשט דעמאָלט האָבן די ריכטיקע וועלט. איך וועל גיין אַהין, וואו עס וואַרט אויף מיר מיין מאַן און מיינע קינדער . . . אין דער אייביקער וועלט

אריין . . .  דו אָבער מיט דיין קינד זיינען נאָך יונג און איר דאַרפט אָפּ־היטן אייער יונג לעבן, איך אָבער . . .

— מאַמע, איך בעט דיך, שווייג, מען טאָר אַזוי ניט רעדן, מען מוז קעמפן !

— קעמפן מיט וועמען ? . . .

— מיט די מערדער !

— מן־הסתם איז אַזוי גאָטס ווילן, — האָט גאָלדע־לאה אָפּגעענט־פערט און איז ווידער פאַרזונקען געוואָרן אין באַרג שמאַטעס.

חיהלע קען נישט פאַרשטיין דער מאַמעס פּלוצומדיקן אויסברוך, ווייל די אַלטע גאָלדע־לאה פלעגט אָפּליגן שעהן אויף דעם באַרג שמאַטעס און שווייגן. עפּעס האָט זי זיך געשראָקן פאַרן קלאַנג פון ווערטער, פלעגט זי שווייגנדיק קוקן מיט שטאַרע, פאַרבענקטע אויגן אין פוסטן רוים אַריין. אין מיטן דער נאַכט פלעגט זי אָפטמאָל זיך צעיאָמערן און רופן די נעמען פון איר מאַן און קינדער.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט טריט פון אויבן. חיהלען ווייזט זיך אויס, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געלעגן אין אַ פאַרשאָטענעם גרוב און עמי־צער טרעט אויף איר קבר.

— אוי, — קרעכצט אַרויס חיהלע, — טריט ! ווי איז מיר, טריט ! מען גייט אַהער ! — און זי דריקט פעסט איר קינד צו איר בוזעם.

— שאַ, טאָכטער, איך בעט דיך, מען קאָן נאָך דערהערן.

זי האַלט איין דעם אָטעם. די טריט ווערן וואָס אַמאָל שוואַכער און שוואַכער, ביז זיי שטאַרבן אינגאַנצן אָפּ.

— בלויז פאַרבייגייער, — זאָגט חיהלע און אָטעמט אָפּ פרייער. מיט אַמאָל פאַלט איר איין, אַז עס זיינען מער נישטאָ קיין קברים מיט אויפשריפטן פון אייגענע. די נאַצישע מערדער באַגראָבן ניט . . .  מען וועט קיינמאָל נישט קענען גיין אויף קבר־אבות.

גאָלדע־לאה גראָבט איין טיפער דעם קאָפּ אין באַרג שמאַטעס. אַן אויסגעהונגערטע פון נישט עסן, אַ פאַרפייניקטע פון בענקעניש, דרימלט זי איין.

עס חלומט זיך איר, אַז זי פליט אַרויף צום הימל. ס׳איז אַ לאַנגער וועג. זי שפּאַרט זיך דורך וואָלקנס. פליט אַלץ העכער און העכער, ביז זי קומט אָן אין זיבעטן הימל און דער מלאך גבריאל עפנט פאַר איר ברייט די טויערן פון יענער וועלט. עס דערהערט זיך אַ געטלעך געזאַנג.

עס פליען אַרום מלאכים. צוויי מלאכים נידערן אַראָפּ און בלייבן שטיין ביי גאָלדע־לאהן. זי קוקט אויף זיי: צוויי אַלטע פרויען מיט אַזעלכע ליכטיקע פּנימער. עס רוט אויף זיי די שכינה און עס שפּרייט זיך אַרום זיי שטראַלן פון דער זון.

— ווער זענט איר? — פרעגט גאָלדע־לאה.

— איך בין די מוטער רחל, — זאָגט איינע.

— און איך בין די מוטער שרה, — זאָגט די צווייטע, — זאָג אונדז, קינד, וואָס דו ווילסט, וואָס איז דיין פאַרלאַנג, דו, פאַרפּייניקטע פון אונדזערע טעכטער.

— איך וויל זען מיין מאַן און קינדער, — ענטפערט גאָלדע־לאה.

זיי נעמען איר אונטערן אָרעם און פירן איר איבער הימלשע פּאַ־לאַצן. זי טרעט אויף וואָלקנס. עס איז דאָ אַזוי שיין. פון פרייד נע־מען רינען טרערן פון אירע אויגן. דערזעט די מוטער רחל ווי זי וויינט, הייבט זי אויף די הענט און רייסט אָפּ פון אַ לויפנדיקן וואָלקנדל אַ טי־כעלע פון וויייס־זיידן שפּינוועבס און ווישט אויס גאָלדע־לאהס אויגן און זאָגט:

— האָסט שוין גענוג געוויינט, מיין קינד, — און די מוטער שרה פאַרענדיקט, — מיר גייען דיך פירן צו די הייליקע קדושים, כדי איר זאָלט זיך פרייען צוזאַמען.

די מוטער רחל און די מוטער שרה גיבן אַ מאַך מיט די הענט און זאָגן:

— זאָלן געעפנט ווערן די טויערן צום פּאָדער־הויז פון גן־עדן.

צוויי ווייסע מאַרמאָרנע טויערן גיבן זיך מיט אַמאָל אַ עפן, און גאָלדע־לאה דערזעט אַ גאָרטן מיט ביימער, וועלכע זיינען גרינער פון גרין. זוניקע בלומען פון גאָלדענע שטראַלן, זילבערנע לבנה־בלעטער, וואָס לייכטן אַזוי צאַרט און איידל, און רויטע רויזן וואָס וואַרפן פון זיך קאַלטע פייערלעך פון דער פאַרגייענדיקער רויטער זון. זיי טרעטן אויף הימל־בלויע גראָזן. איבער אַלעם פליען אַרום פייגל און זינגען ליבּ־גע־זאַנגען צו זייער באַשעפער. זי האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזאַ געזאַנג. עס צויבערט און גלעט אויס דאָס פאַרפּייניקטע האַרץ. עס לייטערט די נשמה. עס דערהויבט. זי פילט צוריק יונג און שטאַרק.

די מוטער רחל און די מוטער שרה גיבן אַ מאַך מיט דער האַנט און זאָגן:

— זאָלן זיך עפענען די טויערן פון גן־עדן פאַר דער הייליקער נשמה פון אונדזער געלייטערטער טאָכטער גאָלדע־לאה בת ישראל.

צוויי מלאכים עפענען ברייט די טויערן. עס דערהערט זיך אַ שטיל געטלעך געזאַנג. ביי איר אַריינגיין אין די טויערן ווערט דאָס געזאַנג העכער. גאָלדע־לאה בלייבט שטיין און קוקט פאַרגאַפט אויף דעם צווי־בער אַרום. די קאַמאָדן און שאַנקען זיינען געמאַכט פון קרישטאָל, אַרום לאַנגע טישן זיצן אויסגעזעצט גאַנצע משפחות. די טישטוכער זיינען פון ווייסע זיידענע שפּינוועבס. אויף די טישן שטייען בריליאַנטענע קאַנדעלאַבערס מיט ליכט וואָס ברענען מיט זון־שטראַלן. אין אַן אָפּגע־זונדערטער זייט, ביי רונדע טישן, זיצן רבנים, איינגעהילט אין ווייסע קיטלען. די מוטער רחל און די מוטער שרה פירן גאָלדע־לאהן צו צו אַ גרויסן לאַנגן טיש. עס ברעכט אויס אַ גרויסע פרייד.

— מאַמע, — רופט אויס גאָלדע־לאהס יונגע טאָכטער שפרה, און איר זון, שמחה־בינם, שרייט אויס מיט פרייד: — קינדער, די מאַמע איז דאָ! ס׳איז דאָ די גאַנצע משפחה. די מומע חוה, די באָבע נעכעלע, די עלטער־באָבע, גאָלדע־לאהס פעטערס און מומעס, די קליינע קינדער־לעך, די אייניקלעך, די משהלעך, יאָסעלעך, רבקהלעך און אַלע. גאָלדע־לאה איז גליקלעך. ענדלעך צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה. נאָר מיט אַמאָל בלייבט זי שטיין אַ פאַרטרויערטע און פרעגט מיט מורא:

— וואו איז ערגעץ מיין מאַן אהרן־וואָלף? וואו איז אייער טאַטע, קינדער?

די קינדער צעשמייכלען זיך און זאָגן מיט שטאָלץ:

— ביים רבין, מאַמע.

— ביי וועלכן רבין?

— ביים נאָוואָראַדאָמסקער רבין, — זאָגט די טאָכטער פעסיע, און איר זון פישל ווייזט איר אָן אויף די רונדע טישן אַנטקעגן.

— זעסט, מאַמע, ביי יענע טישן זיצן רביים. יעדער רבי מיט זיי־נע חסידים. און יעדער רבי האָט זיך זיין אייגענעם ניגון, וואָס ער זינגט ביי זיין טיש. אָט ביי יענעם טיש זיצט דער אַלעקסאַנדער רבי מיט זיי־נע חסידים, דער דזשוריקער רבי מיט זיינע חסידים, דער ראַספּשער רבי מיט זיינע. דער טאַטע זיצט ביים טיש פון אונדזער רבין, דעם נאָוואָראַ־דאָמסקער.

גאָלדע־לאה הויבט אויף די אויגן און זעט ווי איר מאַן זיצט אויבן־

אָןביים זייט פון תפארת שלמה, חסד אברהם, ר׳ האַסקעלע און שלמה הענעך ראַבינאָוויטש.

די לעצטע צוויי רבנים האָט זי געקענט, נאָר פון די ערשטע האָט זי בלויז געהערט דערציילן וואונדער־מעשות.

מיט אַמאָל זעט זי ווי עס הויבט זיך אויף איר מאַן פון דעם טיש און זאָגט עפּעס שטיל דעם רבין. ער גייט איר אַקעגן מיט אויס־געשטרעקטע הענט. שלמה־חיים מיט זיין קאַפּעליע שפּילט אויף אַ פּריי־לעכס.

גאָלדע־לאה פאַרשעמט זיך און ווערט רויט. דאָס ווייסע זיידענע טיכל וואָס זי טראָגט אויפן קאָפּ ציט זי אַרונטער טיפער איבער די אויגן. די גאַנצע משפחה שטעלט זיך אַרום זיי אין אַ ראָד, פּאַטשן מיט די הענט און טאַנצן. זי און איר מאַן דרייען זיך אין מיטן. זיי האַלטן זיך ניט פאַר די בלויזע הענט . . . נאָר דורך אַ רויט מענעריש טאַשן־טיכל... איי ווי גוט, איי ווי וואויל, אַלע צוזאַמען, אַלע . . . פּלוצלונג טוט זי זיך אַ כאַפּ, בלייבט שטיין און פרעגט דערשראָקן:

— וואו איז ערגעץ מיין טאָכטער חיהלע און מיין אייניקל מרימל?

— שאַ, שאַ, — באַרואיקט איר איר מאַן, — זיי וועלן אַלע קו־מען . . . — זי לאָזט זיך אָבער נישט טרייסטן און רופט אַלץ העכער און העכער: חיהלע! מרימל! חיהלע! מרימל! — — — — —

— מאַמע, מאַמע, פאַרוואָס שרייסטו אַזוי? אָט בין איך דאָך דאָ! און אָט איז ס׳קינד! מיט דיינע קולות קאָנסטו אונדז נאָך אומגליקלעך מאַכן!

גאָלדע־לאה עפנט די אויגן און קוקט צעמישט אויף דער טאָכטער. ס׳דויערט לאַנג ביז זי באַגרייפט וואו זי איז. זי דערזעט זיך אין דער שרעקלעכערווירקלעכקייט. זי איז נאָך פול מיטן געטלעכן חלום. אין אירע אויערן קלינגט נאָך דאָס געזאַנג פון די הימלען.

ס׳איז איר אַ שאָד, אַזאַ שאָד, וואָס די טאָכטער האָט איר אויפגע־וועקט. זי פאַרמאַכט צוריק די אויגן און וויל ווייטער וועבן איר גאָל־דענעם חלום, נאָר עס חלומט זיך נישט מער, דער פאָדעם איז איבערגע־ריסן. די הימלען זיינען פאַר איר צוריק פאַרשלאָסן.

גאָלדע־לאה רוקט זיך צו נעענטער צו איר טאָכטער און אייניקל, וועלכע איז שוין אויך וואַך. זי דערציילט זיי שטיל, אָבער מיט גרויס עקסטאַז פון איר וואונדערלעכן חלום, ווי אַזוי זי האָט דאָרטן אין גן־עדן

באַגעגנט די גאַנצע משפחה. זי מאָלט פאַר דער טאָכטער און אייניקל אויס די הימלשע פּאַלאַצן, די גערטנער, די זוניקע רויזן, דאָס געטלעכע געזאַנג. ס׳איז גליק, אייביק גליק פאַר די וועלכע זיינען זוכה אַנצוקו־מען אַהין אויף דער אמתער וועלט, וואו מען לעבט אייביק.

אין דער טונקלקייט פון דער דעמפער נאָרע ליגן באָבע, טאָכטער און אייניקל און חלומען אויפן וואָר און פאַנטאַזירן פון אַ שענערער וועלט, וועלכע געפינט זיך בלויז אויבן, אין די הימלען, און אַלע צוזאַמען שפּי־נען ווייטער דעם איבערגעריסענעם חלום . . .

צום באַנקער 39 הינטער דער אַלטער איינגעפאַלענער שול, ציען זיך איינצלנע פּרויען־געשטאַלטן. נישט ווייט פון דער חרובער שול שטייט חיהלע אויף דער וואַך. זי גיט צייכנס צו די אָנקומענדיקע פרויען און ווייזט זיי אָן אויף אַן אָפענעם גרוב, וואָס ציט זיך טיף אַרונטער דער ערד. די פרויען לאָזן זיך אַהין אַרונטער און ווערן פאַרשוואונדן.

ווען אַלע זיינען שוין אינעווייניק, שלעפּט חיהלע צו אַ ברעט, אויף וועלכן עס ליגן אָנגעלייגט גראָזן מיט בלעטער. זי לאָזט איבער אַ קליי־נעם אַריינגאַנג, דאַן שאַרט זי זיך אַהין אַריין. ווען זי נידערט אַרונטער, שאַרט זי קונציק מיט די הענט צו דאָס אויבערשטע ברעט און דאָס פלאַ־כע ברעט מיט גרינע בלעטער גלייכט זיך אויס מיט דער אַרומיקער באַ־וואַקסענער גרינער ערד.

אינעווייניק אין דער נאָרע ווערט אָפּגעהאַלטן אַ געהיימע פאַרזאַמ־לונג פון אַ גרופּע אידישע פרויען, וועלכע רופן זיך „די הייליקע מאַמעס״. דאָס האָבן זיך יונגע אידישע מאַמעס אָרגאַניזירט און געשוואוירן זיך נישט צו צעשיידן מיט זייערע קליינע קינדער. דאָס פינצטערע באַ־העלטעניש איז באַלויכטן בלויז דורך אַ ליכטל. די יונגע פרויען, וועל־כע טוליען זיך איינע צו דער צווייטער, קוקן אויס ווי אַ סטאַדע צעשראָ־קענע שעפסן. ביי אייניקע ברענט נאָך אַ קעמפערישער פייערל אין די אויגן. ביי אַנדערע בלויז צער — אויסגעלאָשענע בליקן, וועמענס שווייגן שפּאַלט הימלען.

אין מיטן דער פאַרזאַמלטער פרויען־גרופּע שטייט חיהלע און אַגי־טירט. זי רעדט מיט אַ פעסטער שטימע, נאָר אָפט בלייבט זי שטיין אין מיטן רעדן, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך אָנזאַפּן מיט כוחות און קו־ראַזש, כדי נישט אויסצופּלאַצן אין אַ געוויין . . .

— הייליקע מאַמעס! מען רעדט שוין ווידער פון אַן „אַקציע”. די ווילדע רוצחים וועלן זיך באַלד ווידער באַווייזן און נעמען שלעפן אַלטע לייט און קליינע קינדער, כדי זיי צו שיקן אין די גאַז־אויוונס . . . אונדז יונגע מאַמעס וועט מען נאָך דערווייל לאָזן לעבן, ווייל אונדז יונגע דאַרפן זיי נאָך האָבן פאַר פאַרשיידענע צוועקן. נאָכדעם ווי אונדזערע כוחות וועלן זיך אויסשעפּן, וועט מען אונדז אויך פאַרגאַזעווען,אָדער לאָזן אויס־גיין מיט אַ לאַנגזאַמען טויט. אין בעסטן פאַל וועלן זיי אונדז דערשיסן ווי הינט.

— הייליקע מאַמעס, ווען מען וועט קומען נאָך אונדזערע קליינע שוואַלבן, טאָרן מיר זיך מיט זיי נישט שיידן. מיר מוזן מיטגיין מיט אונדזער פלייש און בלוט, ווייל ווען מאַמע ווייל דען לעבן, נאָכדעם ווי מען האָט ביי איר אויף אַזאַ מערדערלעכן אופן אַוועקגעריסן אירס אַ קינד? סיי־ווי־סיי וואָלטן מיר דעמאָלט געוווען טויט לעבעדיקערהייט. אויב גיין, וועלן מיר גיין צוזאַמען! . . . דערווייל פאַרלירט נישט קיין מוט, גייט אָן מיטן קאַמף פון אויסבאַהאַלטן אייערע קינדער, סוף־כל־סוף וועט דאָך די גערעכטיקייט זיגן. דערווייל זייט פאָרזיכטיק, באַהאַלט אייערע קינדער, און אויב עמיצער פון אייך איז נישט זיכער מיט איר נאָרע, האָב איך פאַר אייך אַ נייעם אַדרעס . . . הינטערן אַלטן בית־עולם האָט מען אויסגעגראָבן אַ טיפע נאָרע, מען האָט מיר געלאָזט וויסן וועגן דעם.

צוויי פרויען זיינען צוגעגאַנגען צו חיהלען און גענומען דעם נייעם אַדרעס. יעדע מאַמע האָט געגעבן איר הייליקע שבועה זיך נישט צו צעשיידן מיט איר קינד.

חיהלע האָט אַוועקגעשאַרט ס׳ברעט און איז אַרויף אויבן, האָט גע־געבן אַ צייכן אַז אַרום איז רואיק. די פרויען זיינען זיך איינציקווייז צעגאַנגען. יעדע צו איר באַהעלטעניש און צו איר קינד.

שוין דער דריטער טאָג ווי די קליינע מרימל איז שטאַרק קראַנק, די אויגעלעך האַלט זי פאַרמאַכט, די בעקעלעך ברענען, די ליפּעלעך זיי־נען צעשפּאָלטן און טרוקן, ס׳קינד פלאַפּלט פון היץ. זי האַלט אין איין בעטן וואַסער. די מאַמע און די באָבע זיינען שטאַרק פאַרצווייפלט. זיי ווילן העלפן דעם קראַנקן קינד, אָבער ס׳איז ניטאָ מיט וואָס . . . ניטאָ קיין מעדיצין, ניט קיין מילך, אויך נישט קיין ביסל וואַסער.

ס׳קינד בעט אַ טרונק און רופט אָן אַן אָפּשטעל: וואַסער, וואַסער!

דעם קינדס רופן וואַרפט אָן אַ שרעק. חיהלע רייסט זיך צום דרויסן, נאָר די אַלטע גאָלדע־לאה לאָזט נישט. זי פאַרשטעלט דעם וועג און באַשווערט די טאָכטער צו פאַרבלייבן מיטן קינד, און אַליין לאָזט זי זיך צום דרויסן, וואו זי האָפט צו געפינען עפּעס אַ רפואה און אפשר אויך אַביסל וואַסער.

מיט אַ שעה שפּעטער קומט גאָלדע־לאה צוריק. פון הינטער דער פאַטשיילע נעמט זי אַרויס אַ פּעקל מיט אַ פלעשל וואַסער. מיט גרויס פאָרזיכט, ווי דאָס וואָלט געווען אַ טייערער אוצר, גיסט זי אָן אין אַ טע־פּעלע אַביסל וואַסער און גיט עס צום קראַנקן קינד. די קליינע מרים שלינגט זשעדנע דאָס ביסל פליסיקייט. די באָבע נעמט פונעם פּעקעלע אַרויס אַ מאַראַנץ, שיילט עס אָפּ און גיט עס דעם קינד. ס׳קינד פאַלט צו דעם צו און שלינגט די שטיקלעך מיט גרויס הנאה, וואָס גאָלדע־לאה גיט איר. פּאַמעלעך קריגט דאָס קינד צוריק אַ קאָליר, כ׳פּנימל שיינט אויף. זי זעצט זיך אויף און זאָגט, אַז זי פילט בעסער.

באָבע און מאַמע קוקן זיך אָן צופרידן.

מיטאַמאָל דערהערן זיי טריט פון אויבן. מאַמע און טאָכטער האַלטן איין דעם אָטעם. די טריט ווערן נעענטער. ס׳קינד דערשרעקט זיך און צעוויינט זיך הויך.

חיהלע לויפט צו צום קינד און פאַרשטאָפּט איר ס׳מויל.

עס דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ אין טיר. עס ווערט קלאָר, אַז די מענטשן אויבן האָבן געפונען דעם געהיימען אַריינגאַנג. אַ רגע איז שטיל. מען שטייט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, נאָר באַלד דערהערט זיך אַ שטאַרקער קלאַפּ. מיט אַמאָל נעמט זיך די טיר לייכט ברעכן.

באָבע, טאָכטער און אייניקל שטייען פאַררוקט אין אַ ווינקל. אַ סטאַטוע פון דריי. זיי זיינען ווי פאַרשטיינערט געוואָרן.

די טיר לאָזט אַרויס איר לעצטן סקריפּ און גיט אַ פאַל צו דער ערד. די פינצטערע נאָרע ווערט באַלויכטן מיט אַ פאָס ליכט פונעם כמורנעם דרויסן.

אויף דער שוועל שטייט אַ עס. עס. מאַן אין נאַצישן מונדיר, מיט אַ זאַט אָנגעפרעסן פּנים. ער רופט אויס מיט אַ סאַדיסטישער הנאה:

— געפאַקט אייך, הינט! באַהאַלטן זיך, האַ? געוואָלט אָפּנאַרן

דעם דייטשן רייך ? פאַרפלוכטע יודען ! וויפיל הינט זייט איר דאָ ?

די אַלטע גאָלדע־לאה מיט איר טאָכטער, וועלכע האָט ס׳קינד אויף די הענט, שווייגן.

— ענטפערן ! — דונערט זיין שטים.

די געפלעפטע סטאַטוע פון באָבע, טאָכטער און אייניקל נעמט זיך מיט אַמאָל לייכט באַוועגן. זיי רוקן זיך הינטערוויילעכטס, דאָרט וואו עס איז פינצטער.

נאָר דער נאַצישער מונדיר גייט זיי נאָך :

— שטיין בלייבן !

זיי בלייבן שטיין. ס׳קינד צעוויינט זיך.

— אָ, אַ קינד אויך ! גוט, גוט, — רייבט ער זיך די הענט פון גרויס הנאה, — דו אַלטע מכשפה, איך האָב געזען ווי דו האָסט זיך פריער אַזוי גנביש־אידישלעך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן. בין איך דיר נאָכגעגאַנגען ; אָפּנאַרן דעם רייך ווילט זיך דיר, אויסבאַהאַלטן ! כאַ־כאַ־כאַ, — האָט ער זיך ספּאָזמיש צעלאַכט. מיט אַמאָל האָט ער אויפגעהערט לאַכן און אָנגעשטעלט אַ פּאָר ווילדע אויגן :

— וואָס איז דאָס ? ! אַ קראַנק קינד ? — האָט ער געצאָרנט, דער־זעענדיק דאָס איינגעקאָרטשעט קינד אין דער מאַמעס אָרעמס, — מיר טאָלערירן נישט קיין קראַנקע אידישע קינדער. אַרויס פון דאַנען. נו, גיכער !

זיי זיינען זאַלבעדריט אַרויס אין גאַס.

— שטיין בלייבן !

גאָלדע־לאה, חיהלע מיטן קינד אויף די הענט זיינען שטיין געבליבן.

דער עס. עס. מאַן באַטראַכט זיינע קרבנות מיט אַ שטעכיקן בליק, שטעלט זיך אָפּ אויף חיהלען.

— דו בלייבסט דערווייל דאָ . . . דיך דאַרפן מיר נאָך האָבן . . . ביסט יונג און געזונט ! זיי גייען . . .

חיהלע ווערט בלאַס, ס׳טוט איר אַ שווינדל פאַר די אויגן. זי האַלט זיך איין מיט די לעצטע כוחות כדי נישט צו פאַלן, און רעדט אַרויס מיט אַ געשפּאָלטענער שטימע :

— איך בין נישט געזונט . . . שפּיי מיט בלוט . . . די לונגען . . .

דער עס. עס. מאַן באַטראַכט איר בלייך פּנים, צייגערט אַ ווײַלע, טוט אַ מאַך מיט דער האַנט און גיט אַ באַפעל :

— איז אויך געגאַנגען ! נו, שנעל, שנעלער ! — זיינע גרינע שפּי־
נען־אויגן קוקן זיך אַרום אויף אַלע זייטן און זוכן שוין פרישע קרבנות.
— צוזאַמען גייען מיר . . . — שעפּטשעט חיהלע צו איר קינד און
דריקט איר שטאַרקער צום האַרצן, — צוזאַמען, מיין מרימל, גייען מיר...
איך וויל מיך מיט דיר נישט שיידן. צוזאַמען . . . צוויי טרערן רינען
אַרונטער פון חיהלעס באַקן. מיט אַמאָל גיט זי זיך אַ וואַקל. די אַלטע
גאָלדע־לאה כאַפּט איר אונטער, נעמט אַרויס ס׳קינד פון אירע אָרעמס,
אויף איין האַנט האַלט זי ס׳אייניקל און מיט דער צווייטער פירט זי פעסט
איר טאָכטער. זי דערפילט מיט אַמאָל ווי זי האָט צוריק געקראָגן אי־
רע יונגע כוחות. זי שפּאַנט מיט לייכטע טריט, דעם קאָפּ האַלט זי הויך
פאַרריסן, אירע אויגן קוקן מיט אַ הייליקן עקסטאַז צום הימל:
— וואו גייען מיר, באָבעשי ? — פרעגט מרימל שוואַך.
— אַרויף ! — ווייזט גאָלדע־לאה, — אויבן, וואו עס געפינט זיך
דיין טאַטעשי.
— און מיין שוועסטערקינד משהלע איז אויך דאָרטן דאָ ?
— אויך.
— און שרהלע אויך ?
— אויך.
— און די מומע חוה מיטן פעטער שמואל זיינען אויך דאָרטן דאָ ?
— אויך.
— און דער זיידע ?
— אַלע זיינען דאָרטן דאָ, די גאַנצע משפּחה.
ס׳קינד שמייכלט צופרידן. אויך חיהלע ווישט אויס די טרערן און
קוקט אַ געלייטערטע צום הימל. זי דריקט זיך שטאַרקער צו צו איר מו־
טער, וועלכע קוקט מיט אַ געהויבענעם קאָפּ צו די הימלען און גייט מיט
פעסטע טריט צו דער אייביקייט . . .

# ביינאַכט אויף אַ בית־עולם

אין אויגוסט, ווען אין שטאָט האָט געברענט אַן אומרחמנותדיקע היץ, בין איך, אויף דער רעקאָמענדאַציע פון פריינט, אַוועקגעפאָרן אין אַ שטילן פּלאַץ אין די בערג זיך אויסרוען.

איך בין אָנגעקומען אַרום מיטיק־צייט, און באַלד בין איך צוגעצויגן געוואָרן צו דער קליינער גרופּע מענטשן, וואָס האָט זיך דאָרטן געפונען.

ווען מיר זיינען אַלע געזעסן ביי די טישן און געגעסן סאַפּער, האָט זיך פון ערגעץ אַריינגעשלייכט אַ יונגערמאַן, זיך שטיל אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, און פּונקט אַזוי שטיל האָט ער זיך אויפגעהויבן, נאָך איידער דאָס עסן איז געווען פאַרענדיקט, און איז פאַרשוואונדן.

האָב איך מיך אויסגעדרייט צו מיין שכנה און גלאָט אַזוי אַ פרעג געטאָן:

— מסתמא אַ נייער?

— אָ, יענעם מיינט איר? — האָט זי געוויזן אויף דער טיר, וואו דער יונגערמאַן איז פאַרשוואונדן, — ניין, ער איז שוין דאָ לענגער פון אונדז אַלעמען, אָבער ער איז אַ מאָדנער מענטש, ער רעדט כמעט נישט צו קיינעם, איז קאַרג אויף אַ וואָרט, האַלט זיך פון וייטנס, ער פאַר־שווינדט ווי רויך. קומט נאָר אָפּעסן און ווערט נעלם. אָפּט טראָגט ער מיט זיך בערשטעלעך מיט קענוועס. מסתמא אַ מאלער. איבעריקנס, ווער ווייסט? — האָט זי אַ צי געטאָן מיט דער פּלייצע, — עפּעס אַ מיסטעריעזער מענטש.

איך האָב מיט אינטערעס געקוקט צו דער טיר וואו ער איז פאַר־שוואונדן.

צומאָרגנס צום פרישטיק האָב איך אים ווידער געזען. ער איז געזעסן איינער אַליין אין אַ ווינקל ביי אַ טישל, מיט אַראָפּגעלאָזטע בליקן און געגעסן; מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהויבן זיין קאָפּ און זיך אַרומגע־קוקט — זיין בליק איז פּונקט געפאַלן אויף מיר. ער האָט ברייט אויפ־געריסן די אויגן, מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און אַ שמייכל געטאָן,

און טאַקע באַלד, ווען דער מיטיק האָט זיך פאַרענדיקט, איז ער צוגעגאַנ־
גען צו מיר ווי צו אַן אַלטער באַקאַנטער, זיך וואַרעם באַגריסט און מיך
אויסגעפרעגט ווען איך בין געקומען און ווי לאַנג איך רעכן דאָ צו פאַר־
בלייבן. איך האָב אים געזאָגט, אַז געקומען בין איך נעכטן און וועל
דאָ פאַרבלייבן אַ וואָך אָדער צוויי. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט. איך
האָב מיך גוט איינגעקוקט אין אים. פון דער נאָענט האָט ער אויסגעקוקט
אַ סך עלטער; זיין הויכע פיגור, וואָס האָט פון ווייטנס אויסגעקוקט
גלייך ווי אַ ליניע, איז פון דער נאָענט געווען אַביסל איינגעבויגן, זיין
שיינער קאָפּ מיט שוואַרצע האָר איז געווען היפּשלעך באַזילבערט, זיין
ברוין, פון דער זון פאַרברענט פּנים, האָט געוויזן קנייטשלעך, וואָס האָבן
דערציילט, אַז ער איז שוין אַ מאַן אין די שפּעטע פערציקער, נאָר זיינע
גרויסע שטאָלענע אויגן האָבן מיך צעטומלט: אָט האָבן זיי אויסגע־
קוקט מילד ווי ביי אַ קינד, און אָט שטרענג און געהיימניספול, האָבן
דערציילט פון עלטער און שווערע איבערלעבונגען, און אָט האָבן זיי זיך
צעטאַנצט שקאָציש, ווי ביי אַ מאַטראָס, וואָס וואָגלט איבער ימים.

עפּעס פאַרמאָגט ער אַ מאַגנעטישע קראַפט; ווער קען ער זיין?
— האָב איך אַ טראַכט געטאָן.

— איר ווייסט, — האָט ער איבערגעשלאָגן מיינע געדאַנקען, —
איך האָב גערעכנט דאָ צו פאַרבלייבן דעם גאַנצן זומער, נאָר איצט האָב
איך באַשלאָסן צוריק צו פאָרן צוזאַמען מיט אייך.

ער האָט מיר דאַן דערקלערט, אַז איך דערמאָן אים אַן עמיצן, וואָס
איז אים געווען זייער טייער; ווי צוויי טראָפּנס וויין בין איך אין יענער
געראָטן. „רייזעלע האָט יענע געהייסן, געווען מיין גרויסע ליבע, זי איז
געשטאָרבן, און איך צוזאַמען מיט איר"... — ווען ער האָט גערעדט
האָבן זיינע אויגן זיך פאַרצויגן מיט אַ נעפּל. ער האָט עפּעס אינגאַנצן
ווי פאַרגעסן, אַז איך שטיי לעבן אים.

— אַ שאָד, — האָב איך געזאָגט און געוואָלט אַוועקגיין.

— ניין, ניין, — האָט ער מיך אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט, — איך
בעט אייך, גייט נישט, ווייל איר און יענע . . . — ער האָט נישט פאַר־
ענדיקט און מיר געזאָגט, אַז ער וויל מיר ווייזן זיינע בילדער, וואָס ער
האָט דאָ געשאַפן.

געמאָלן האָט ער לאַנדשאַפטן, מיט דער רייפקייט פון אַ גרויסן
קינסטלער, איינס פון זיינע ווערק, פון וועלכן ער האָט שטאַרק געהאַלטן,



„איך וויל אייך ווייזן אַ וואונדערלעכן פלאץ"

איז געווען אַ בית־עולם.

— איר ווייסט, — האָט ער פאַרטראַכט אַרויסגערעדט, — ווען נישט אָט־דער בית־עולם, וואָלט איך קיין איין טאָג דאָ נישט געווען. גוט וואָס איר זענט דאָ, — האָט ער מיט אַמאָל געביטן זיין טאָן, — עס איז דאָ שיין, איך וועל אייך באַקענען מיט דעם פּלאַץ. דאָ איז וואונ־דערלעך! איר וועט זען.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער און די זון האָט געבריט אַפילו אין די טאָלן פון די בערג; איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין אָוונט וועלן מיר גיין אויף אַ לאַנגן שפּאַציר.

— ביינאַכט כישופט דאָ, — האָט ער געהיימניספול גערעדט, — איך בין שוין דאָ גוט באַקאַנט, וועל איך אייך וויזן דעם געגנט!

אין קליינעם האָטעל איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאָכע. דער „מאָד־נער" מענטש רעדט, ער שמייכלט, מען האָט אויך אויסגעפונען, אַז זיין נאָמען איז גאַטשיאַ.

אין אָוונט בין איך און גאַטשיאַ אַוועק אויף אַ שפּאַציר. ער האָט מיך געפירט דורך פאַרשיידענע געדרייטע וועגן. אָט האָבן מיר זיך גע־פונען אין אַ טאָל, און אָט אויף אַ הויכן באַרג. מיר זיינען אַ ווײַלע גע־בליבן שטיין. איך האָב פאַרגאַפט געקוקט אויף די פעלדער אַרום.

עס איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט. דער הימל איז געווען איינגעז־טונקען אין שטערן. אַ גרויסע, קלאָרע לבנה האָט באַלויכטן דעם טאָל. אַ פּאָר הייזלעך זיינען געווען צעוואָרפן. אָט האָט זיך אַ באַרג צעצונדן און עס איז דערפון געוואָרן אַ הייזל, און אָט האָט זיך דאָס פענצטערל פאַרלאָשן, און דאָס הייזל איז צוריק אין אַ באַרג פאַרוואַנדלט געוואָרן. אַרום האָט זיך געטראָגן אַ פליסטערן פון פעלד־חיהלעך. מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט און זיך איינגעהערט צו דעם שטילן סווישטשען.

— דאָס שפּילן זיי אויס זייערס אַ סימפאָניע, — האָט גאַטשיאַ גע־זאָגט.

— ניין, דאָס רעדן זיי זיך אַדורך, — בין איך באַשטאַנען, — מסתמא דערציילן זיי זיך וואָס זיי האָבן דורכן טאָג איבערגעלעבט.

גאַטשיאַ האָט זיך פלוצלונג צעזונגען, עפּעס אַן אָריענטאַליש ליד. געזונגען האָט ער שטיל, אָבער שיין און מיט געפיל. דאָס זינגען זיינס האָט געהאַט אויף מיר אַ מיסטישע ווירקונג.

עס איז מיר געוואָרן עפּעס אומהיימלעך, האָב איך מיך אויפגע־שטעלט און אים געזאָגט, אַז איך וויל גיין צום האָטעל. ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט איבער מיין פּלוצלונגדיקן באַשלוס, און מיר געזאָגט, אַז עס איז נאָך פרי, „צו ביינאַכט איז נאָך וויט", און מיר אויך מודיע געווען, אַז מיר געפינען זיך זייער וויט פון האָטעל.

איך האָב באמת נישט געוואוסט וואו איך געפין מיך, ווייל דער וועג איבער וועלכן ער האָט מיך געפירט, איז געווען אַ געשלענגלטער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען גיין. איך בין אים שטיל נאָכגעגאַנגען. ער האָט מיך ווידער געפירט דורך געדרייטע וועגן. איך האָב אים שאַרף אַ פרעג געטאָן:

— וואוהין ?

— איך וויל אייך ווייזן אַ וואונדערלעכן פּלאַץ; אַז מען קומט אַהין, פאַרגעסט מען אין אַלץ און עס ווילט זיך לעבן. „ווידער לעבן", האָט ער אַרויסגערעדט געהיימניספול. ער האָט מיך גענומען הינטערן אָרעם און האָט אָנגעהויבן פעסטער שפּאַנען.

מיין אומהיימלעך געפיל האָט זיך איצט פאַרוואַנדלט אין מורא, דאָך האָב איך מיך געשטאַרקט און נישט געוואָלט אַרויסווייזן מיין פּחד. מיט אַמאָל האָט ער זיך פאַרקירעוועט אויף אַ זייטיקן וועג, וואָס האָט פון וויייטנס אויסגעקוקט ווי אַ וואַלד און גענומען אַלץ האַסטיקער שפּאַנען. ער האָט געהאַלטן מיין אָרעם פעסט און מיך כמעט ווי געשלעפּט. „איך מוז אַנטלויפן", — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — „עס איז נאָך אפשר צייט". איך האָב מיך אָפּגעשטעלט, מיך אַרומגעקוקט מיט מורא און זיך דערזען אין אַ וויסטעניש, מען האָט קיין לעבעדיקן מענטשן ניט געזען פאַר מיילן וויט; אַ געדאַנק איז מיר דורכגעלאָפן, אַז ווען ער הרגעט מיך דאָ, וואָלט קיינער קיינמאָל ניט געוואוסט וואו איך בין אַהינגעקומען.

— איך וויל גיין אַהיים, — האָב איך מיט שרעק אויסגערופן.

— אָבער פאַרוואָס ? — האָט גאָטשיאָ געפרעגט מיט ווייכקייט אין קול.

— ווייל, ווייל כ'האָב מורא . . . — האָב איך געשטאַמלט, — איך וויל וויסן וואו איר פירט מיך.

— אָט איז עס דאָך, דו זעסט נישט ? — איז ער פּלוצלונג איבער־

געגאַנגען אויף דו, — וואָס שרעקסטו זיך, קינד ? עס איז דאָך דער וואונדערלעכסטער בית־עולם, וועגן וועלכן איך האָב דיר דערציילט, דעם וואָס איך מאָל. עס איז דאָך דאָ אַזוי שיין און רואיק, וואָס איז זיך דאָ וואָס צו שרעקן ?

זיינע צאַרטע רייד, זיין ווייך קול, האָבן מיך באַרואיקט, נאָר דאָס אומהיימלעכע געפיל, וואָס איך האָב געהאַט ביים אָנפאַנג פון אָוונט, האָב איך גענומען פילן בולטער.

ביינאַכט אויף אַ בית־עולם ! מיט אַמאָל האָב איך מיך דערמאָנט אין די מעשות וואָס מיין מאַמע און באָבע פלעגן מיר דערציילן ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד, ווי אַזוי נשמות פון טויטע קומען אַרויס פון די קברים פונקט צוועלף ביינאַכט, ווי זיי שלייכן זיך שטיל אַרויס און פאַר־שווינדן און קערן זיך צוריק אין זייער רו אַריין באַגינען, ביים ערשטן קריי פון אַ האָן. אפשר וועל איך דאָס אַליין זען ? — איז מיר איינגע־פאַלן אַ משונהדיקער געדאַנק.

ער האָט מיך אָן ווייטערדיקע פראַגן גענומען פעסט ביים אָרעם און אָנגעפאַנגען האַסטיקער שפאַנען. מיר זיינען געקומען אַלץ נעענטער צום פלאַץ, וואָס האָט פון ווייטנס אויסגעקוקט ווי אַ וואַלד, און פון דער נאָענט איז דאָס אין אַ בית־עולם פאַרוואַנדלט געוואָרן. קברים האָבן זיך אַלץ בולטער גענומען אַרויסרוקן פאַר מיינע אויגן.

עס איז מיך ווידער באַפאַלן אַן אימה, און איך האָב אַ טראַכט גע־טאָן, אַז איך דאַרף אַנטלויפן. נאָר מאָדנע, עפעס אַ געהיימע קראַפט האָט מיך געצויגן אַהין. וואָס שטאַרקער מיין האַרץ האָט געקלאַפט, אַלץ פעסטער האָבן זיך מיינע טריט באַוואויגן צו דעם פלאַץ פון וועלכן איך וואָלט באַדאַרפט אַנטלויפן. און אָט זיינען מיר שוין ביים טירל. ער עפנט עס לייכט אויף. איך בלייב שטיין און פיל ווי די פיס האָבן זיך מיר אונטערגעהאַקט. איך נעם צוזאַמען מיינע לעצטע כוחות און רעד אַרויס שוואַך און מיט מורא :

— איך בעט אייך, לאָמיר גיין צוריק.

ער הערט שוין אָבער נישט וואָס איך זאָג. ער נעמט מיך פעסט אָן און שלעפט מיך כמעט אַריין. און אָט זיינען מיר שוין אינעווייניק. ער פירט מיך איבער קברים און לייענט פאַר מיר פאָר די אויפשריפטן איבער די מצבות. די לבנה באַלייכט יעדן קבר, אַזוי אַז מען קען גרינג

לייענען די אויפשריפטן, און מיר ווייזט זיך אויס, ווי די מתים וואָלטן זיך פון די קברים אַרויסגעשלייכט און גייען אונדז נאָך.

און מיט אַמאָל דערפיל איך אַ פּאָר הענט נעמען מיך אַרום. איך טו מיך אַ צאַפּל און פיל ווי אָט־אָט און איך פאַל אין חלשות.

— שרעק זיך נישט, קינד, דאָס בין איך דאָך, גאַטשיאַ. איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך וועל קומען דיך זען. אָט בין איך דאָ, רייזע־לע, — רופט ער מיך פּלוצלונג מיט אַ פרעמדן נאָמען, — איך האָב דיך ליב און איך האָב אויף קיין איין מינוט דיין הייסע ליבע נישט פאַר־געסן . . .

ער רעדט פאַרשטיקט און הייזעריקלעך, עפּעס אַזוי ווי זיין שטימע וואָלט זיך אָפּגעשלאָגן אין די קברים, און מיט אַמאָל באַדעקט ער מיך מיט קושן. עס טוט מיר אַ שווינדל אין די אויגן, און עס באַשלאָגט מיך אַ קאַלטער שווייס. איך האָב מיך אָנגעשטרענגט נישט אומצופאַלן, און פּלוצלונג, איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָב איך מיך דערפילט שטאַרק און מיט איבערמענטשלעכע כוחות, האָב איך מיך אַ ריס געטאָן פון זיינע אָרעמס און גענומען לויפן.

איך בין געלאָפן איבער פעלדער, איבער טאָל און באַרג. אין מיין פאַרצווייפלונג האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך פאַרקריך אַלץ טיפער אין דער ווילדערניש. נאָר דאָ האָב איך דערזען, ווי עפּעס באַוועגט זיך פון ווייטנס. בין איך געלאָפן אַלץ נעענטער צו יענעם פּלאַץ, בין ארויף אויפן שאָסיי. דורך דעם שיין פון דער לבנה האָב איך איצט קלאָר גע־זען, אַז דאָס איז אַ וואָגן. איך האָב מיט מיינע לעצטע כוחות גענומען רופן נאָך הילף; דער וואָגן האָט זיך אָפּגעשטעלט. אַ מענטש איז פון דאָרט אַראָפּגעקראָכן און איז מיר געלאָפן אַנטקעגן. דאָס איז געווען אַן אַלטער פּאַרמער פון אַ דערבייאיקן דאָרף.

— ווער ביסטו? — האָט ער אַ פאַרוואונדערטער געפרעגט, — און ווי קומסטו אַהער?

— איך בין אַ גאַסט פון „רייפערס האָטעל”. איך האָב פאַר־בלאָנדזשעט און איך קען נישט געפינען דעם וועג צוריק.

איך האָב מיך פּלוצלונג פאַנאַנדערגעוויינט.

— וויין נישט, מיידל, איך וועל דיך צופירן צום האָטעל.

צו מאָרגנס בין איך אויפגעשטאַנען באַגינען און בין אַרויס אויף

דער לאַנקע פֿאַר אַ שפּאַציר. פֿון דער ווייטנס האָב איך דערזען, ווי גראַטשאַ זיצט ביים קענוועס און מאָלט זייער פֿיבערהאַפֿט און איך האָב מיך פֿאַרנומען אין אַן אַנדער ריכטונג. ער האָט מיך אָבער דערזען און איז מיר געגאַנגען אַנטקעגן, מיר פֿאַרשטעלט דעם וועג און האָט אויס־געזאָגט, ווי צווישן אונדז וואָלט נעכטן גאָרנישט פֿאָרגע־קומען:

— גוט מאָרגן! קום אַהער, איך וויל דיר עפּעס ווייזן, און אָנ־געוויזן אויף דער קאַנווע.

איך בין אַ פֿאַרוואונדערטע צוגעגאַנגען און דערזען זיין באַליבט בילד: „דער בית־עולם״. נאָר עס איז צוגעקומען דאָס געשטאַלט פֿון אַ מיידל, וואָס הויבט זיך ווי דורך אַ נעפּל אַרויס פֿונעם קבר. צו מיין גרויסער איבערראַשונג איז דאָס געשטאַלט פֿונעם מיידל געווען זייער ענלעך אויף מיר.

— ס׳איז מיין רייזעלע, — האָט גראַטשאַ געזאָגט, — זעסט ווי די אויגן שיינען? און די ליפּן שמייכלען? זי לעבט! דאָס האָסטו איר צוריקגעבראַכט צום לעבן.

— ווען פֿאָרסטו אַהיים רייזעלע? — פֿרעגט ער מיך און שמייכלט גליקלעך. — זאָג, ווען? ווייל איך פֿאָר אויך מיט.

# אַ גאַסט

מיט ליבשאַפט מײַן שוועסטער חוה אַ מתּנה.

אין הויז בײַ די מילסטיינס איז שטיל.

דבורה־זיסל ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן אויף דער סאָפע, נאָר די אויערן זײַנען בײַ איר וואַך. ביים מינדסטן שאָרך פון קינדס בעטל איז זי אויף די פיס און גרייט דעם צו דינען.

די שנור איז אַוועק אין די מאָוויס און איר זון אַרבעט בײַנאַכט אין אַ פאַבריק פון אַמוניציע, און ווען עס קומט דער אָוונט און דער זון גייט צו דער אַרבעט און איר שנור גייט אַוועק מיט אירע פרײַנדינס שפּילן „ברידזש", צי אין אַ טעאַטער און מען לאָזט איבער דבורה־זיסלען אַליין מיטן קינד, האָט זי שטאַרק הנאה וואָס זי איז כאַטש אויף אַ ווײַלע די גאַנצע באַלעבאָסטע פונעם הויז און האָט דאַן די פולע אויפזיכט איבערן קינד. און ליב האָט זי דאָס נפשל מיטן גאַנצן האַרצן, פּונקט ווי עס וואָלט געווען איר אייגן קינד. אָפט דאַכט זיך איר, אַז זי ציטערט איבער דעם זעקס־חדשימדיקן אייניקל מער ווי אַמאָל איבער אירע אייגענע קינ־דער.

ס'קינד האָט אַ פּישטשע געטאָן. דבורה־זיסל האָט זיך אַ הייב גע־טאָן פונעם געלעגער און מיט דער שנעלקייט פון אַ קאַץ, האָט זי אַ שפּרונג־צו געטאָן צום קינדס בעטל. ס'קינד האָט פאַרשלאָפן געדרייט מיטן קעפל און דערבײַ אונטערגעסטענקעט, האָט דבורה־זיסל לײַכט גע־שאָקלט דאָס בעטעלע און דערבײַ געוואָרפן אומרואיקע בליקן צו דער טיר. מער וואָלט איר נישט געפעלט, נאָר עס זאָל איצט אָנקומען די שנור און זען ווי שאָקלט מיטן בעטל.

— אַ מאָדנע דערציאונג, אַ קינד, — זאָגט זי — דאַרף מען לאָזן וויינען, מעג עס אַפילו זיך רײַסן אויף די העכסטע טענער, דאַרף מען דאָס צורו לאָזן. ס'וועט אים גאָרנישט זײַן . . . ער וועט קריגן שטאַר־קערע לונגען . . .

ס'איז דאָך הימל עפן זיך ! ווי קאָן דאָס אַ מאַמע צוהערן און דער־

ביי זיך זיצן רואיק און לייענען די „פּאַניס״ !

— אוי, אַמעריקע, אַמעריקע ! — קרעכצט זי אונטער.

ס׳קינד איז איינגעשלאָפן, האָט דבורה־זיסל מיט גרויס פאָרזיכט אים איינגעדעקט און דערביי באַמערקט, אַז ער איז אינגאַנצן ענלעך אויף איר פאַרשטאָרבענעם מאַן, אים צו לאַנגע יאָר.

אַ טייערער מענטש געווען איר זעליק. ער זאָל נאָר האָבן זיין כאַ־ראַקטער. אַ מענטש אָן אַ גאַל, פלעגט מען אויף אים זאָגן, אַ גאָלדן האַרץ.

זי איז אַריין אין פּאָיע, וואו עס איז געשטאַנען איר אויפשטעל־בעטל, האָט זי עס פאָרזיכטיק געעפנט, אויסגעבעט איר געלעגער און זיך געלייגט שלאָפן. זי האָט אויסגעלאָשן דאָס ליכט און אַלץ געהאַלטן די אויערן וואַך.

אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט האָבן גענומען פאַר איר אויפ־שווימען בילדער פון אַמאָל, און דער אַמאָל האָט זיך איר איצט אויסגע־וויזן ווי ערשט נעכטן וואָלט דאָס געווען. עס איז פלוצלונג אָפּגעווישט געוואָרן דער אַמעריקאַנער קאָנטינענט. זי זעט זיך צוריק אין איר שטעטל פלאָווגע. איר מאַן זעליק מילשטיין איז אַ תבואה־סוחר. ער פירט גרויסע געשעפטן, און זי, דבורה־זיסל, פירט ס׳באַלעבאַטישקייט מיט אַ ברייטער האַנט, האַלט אַ דינסט פאַרן הויז און אַ דינסט צו די קינדער. זייערע צוויי אינגלעך גייען אין חדר. מען האַלט צו זיי אַ רוסישן און פוילישן לערער. איר שרהלע איז נאָך קליין, אינגאַנצן דריי יאָר אַלט. היינט איר הויז האָט דאָך געשמט אין דער גאַנצער אומגעגנט. די שענסטע פּאַסאַזשן און מעבל האָט זי געהאַט. אָנגעטאָן זיינען זיי אַלע געגאַנגען ווי די גראַפן, און פאַר אירע קינדער איז קיין זאַך אין דער וועלט נישט געווען צו טייער. זי האָט אָבער אויך אין אָרעמע לייט נישט פאַרגעסן. זי האָט געוואוסט ווי אָפּצושאַצן גאָטס מתנה, און האָט באַדאַנקט דעם וואָס לעבט אייביק, וואָס גיט איר מיט דער פולער האַנט, און זי האָט זיך דערפאַר קיינמאָל נישט געזעצט צום טיש עסן ביז עס איז נישט געזעסן אַן אורח, און אָפטמאָל צו עטלעכע אורחים. אָפט האָט זי אויך אַרויסגעשיקט אַ טייל פון איר עסן צו אָרעמע פאַמיליעס, און וואו עס האָט זיך געפונען אַ נויט־באַדערפטיקער, איז ער געקומען צו די מילשטיינס אין הויז, און קיין ליידיקער איז ער שוין פון דאָרט

נישט אַוועק. איר מזל ביי איר מאַן האָט געלויכטן ווי אַלע זיבן זו־נען. ער האָט זיך ממש געשפּיגלט אין איר, נאָר ווייזט אויס, אַז זי איז נישט ווערט געווען אַזויפיל גוטס. ווי איצט גערענקט זי דאָס קלאָר. איר מאַן איז קראַנק געוואָרן אויף אַ לייכטער פאַרקילונג, אַ מענטש אַ פאַר־נומענער, האָט ער נישט געשאָנקען קיין שום אויפמערקזאַמקייט צו זיך און ווען ער האָט זיך ענדלעך אַוועקגעלייגט, איז שוין געווען צו שפּעט. אין משך פון אַ פּאָר טעג איז ער געשטאָרבן.

געבליבן איז זי דעמאָלט אַ יונגע אלמנה מיט דריי קליינע קינדער. זי האָט געקענט חתונה האָבן, אָבער זי האָט דערפון נישט געוואָלט הערן. אויף אַלע טענות פון אירע אייגענע האָט זי געהאַט איין ענטפער: איך וויל נישט אַז מיינע קינדער זאָלן האָבן אַ שטיף־טאַטן! . . .

איר ברודער, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַמעריקע, האָט איר דער־מאָלט געהאַלטן אין איין שרייבן, אַז זי זאָל קומען קיין ניו־יאָרק. „ווייל די צוקונפט פון דיינע קינדער", האָט ער געשריבן, „ליגט אין אַמעריקע".

ס'איז איר ניט געווען גרינג זיך צו שיידן מיט איר היים, וואו זי האָט אירע שענסטע יאָרן פאַרבראַכט, און אַוועקפאָרן אין אַ פרעמד לאַנד. ס'איז איר ליב געווען יעדע גאַס פון איר שטעטל: דער אַלטער מאַרק, דער זאַקסישער גאָרטן, וואו זי פלעגט ליב האָבן צו שפּאַצירן, די בריק מיט דער ווייסל, וואס האָט זיך פאַרדרייט אין אַ קליין טייכל, וואו זי פלעגט זיך מיידלוויז באָדן, נאָר זי האָט דאָס אַלץ איבערגעלאָזט און איז אַוועק אין גאָלדענעם לאַנד, צוליב דער צוקונפט פון אירע קינדער.

אוי, ווי זי האָט זיך דאָ געפּלאָגט! די גרויסע שטאָט ניו־יאָרק האָט איר איינגעשלונגען. זי איז געלאָפן אין שאָפּ, געשטופּט זיך אין דער סאָב־ווייַ, די קינדער אין גאַס איבערגעלאָזט... און אַז זי פלעגט אַהיים קומען אַן אויסגעשעפּטע, האָט זי זיך ערשט גענומען צו דער שטוב־אַרבעט און צום קאָכן.

מיטן ברודערס הילף האָט זי געעפנט אַ „קענדי־סטאָרקע" און עס איז איר געוואָרן בעסער, אָבער ניט לייכטער . . . אַבי די קינדער זאָלן זיך נישט דאַרפן אַרומדרייען אין גאַס. זיי האָבן איר טאַקע אַרויסגע־האָלפן אין די „ביזנעס".

און אַזוי האָט זי אויסגעהאָדעוועט אירע דריי קינדער. געראָטענע, וואוילע, אָבער זיי זיינען זיך צעלאָפן. דער עלטסטער זון וואוינט אין

קאַליפאָרניע, האָט דאָרטן חתונה געהאַט און זי קען אַפילו ניט זיין פרוי... נאָר מען שיקט איר פאָטאָגראַפיעס . . .

ווען די טאָכטער אירע האָט חתונה געהאַט, האָט זי פאַרקויפט איר געוועלבל און מיט דעם געלט געפּראַוועט אַ שיינע חתונה. זיי האָבן זיך אָבער באַזעצט אין שיקאַגע, וואו עס גייט זיי זייער גוט, האָבן שוין אַ קינד, אַ מיידעלע, פון אַ יאָר דריי.

איי, ווי זי וואָלט וועלן זען ס׳קינד . . . דאָס חיות גייט איר אויס, האָט ערשט דערהאַלטן פון זיי בילדער אין פאַרשיידענע פּאָזעס ; בלויז בילדער . . . ווען מען שיקט איר אַ בילעט און מ׳פאַרבעט איר, וואָלט זי געפאָרן און זיי געזען מיט די אייגענע אויגן... כ׳וויס, — טראַכט דבורה־זיסל,—ס׳איז דאָך אַמעריקע און מען איז פאַריאָגט . . . זי וועט זיי נאָך זען . . . זאָל מען נאָר זיין געזונט. ס׳איז איר דען, חלילה, שלעכט ?

נאָך דער טאָכטערס חתונה איז זי געבליבן וואוינען מיטן יונג־סטען זון און איז געווען די באַלעבאָסטע פון הויז. ער פלעגט איר אַפילו אָוועקגעבן זיינע שכירות. זי האָט געפירט דאָס באַלעבאַטישקייט און געזען צו שפּאָרן אַ דאָלער צו אַ דאָלער, און ווען איר זון האָט חתונה גע־האַט, האָט זי אים איבערגעגעבן דאָס באַנק־ביכל מיט צוועלף הונדערט דאָלער.

— דבורה־זיסל איז, חלילה, ניט בייז. אַזוי האָט זי אים דאָך בפירוש געזאָגט :

— האָסט איצט אַ ווייב, מיין זון, דאַרפסטו איר אָוועקגעבן די פאַר־דינסטען.

און אַזוי האָט ער געטאָן. זיי האָבן זיך איינגעאָרדנט אַ שיינע היים און זי איז שוין פאַרבליבן וואוינען מיט די קינדער. זי איז, חלילה, ניט געזעסן ביי זיי אויף קעסט. זי האָט אויפגערוימט, געקאָכט, געבאַקן, און ווער שמועסט נאָך ווען די שנור איז פאַרגאַנגען אין טראָגן, האָט איר דבורה־זיסל אַפילו נישט געלאָזט זיך איינבייגן. זי האָט, ווי אַ געטרייע מאַמע, אַלץ געטאָן פאַר איר, און טוט איצט אויך. זינט ס׳קינד איז גע־בוירן געוואָרן, זאָל ער זיין מיט לאַנגע יאָר, איז איר שנור געוואָרן עפּעס גאָר אַן אַנדער מענטש. וואָס זי טוט פאַרן קינד געפעלט איר נישט. זי

זעט ווי די שנור געטרויט איר נישט ס׳קינד. בלויז ווען זי דאַרף ער־געץ־וואו אַוועקגיין לאָזט זי איבער דאָס אייניקל אין איר רשות. אויך איצט האָט זי איבערגעלאָזט ס׳קינד אונטער איר אויפזיכט, און פאַר דבורה־זיסלען איז גאָרנישט פאַראַן קיין גרעסער פאַרגעניגן.

זי האָט מיט אַמאָל דערהערט טריט און באַלד דאָס שליסן פון שלאָס. די טיר האָט זיך געעפנט. ס׳איז אַריין איר שנור. ערשט איצט האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואַכזאַמע קייטן, וואָס האָבן איר געהאַלטן ווי צוגעשמידט צום קינדס בעטל.

זי איז באַלד איינגעשלאָפן אַ צופרידענע, וואָס דאָס קינד האָט איצט אַ צווייטן שומר, כאָטש ווי ס׳האָט זיך איר אויסגעוויזן, נישט אַזאַ גוטן ווי זי איז . . .

ווי לאַנג דבורה־זיסל איז אַזוי אָפּגעשלאָפן האָט זי אַליין נישט גע־וואוסט. זי האָט אין שלאָף דערהערט דאָס וויינען פונעם קינד, האָט זי אַ דערשראָקענע געעפנט די אויגן און דערהערט ווי דאָס קינד וויינט מיט באַנומענע קולות, איז זי אַראָפּ פון איר געלעגער און צוגעלאָפן צום קינדס בעטל און איז שוין געווען גרייט עס אַ שאָקל צו טאָן, צי גאָר אים אי־בערטאָן אַ פּריש ווינדעלע, נאָר דאָ האָט זי מיטאַמאָל דערהערט איר שנורס שטימע:

— איך בעט אייך, שוויגער, גייט אַוועק פון בעטל, שאָקלט אים נישט! אין אַמעריקע, — האָט זי געשריען אַלץ העכער — שאָקלט מען נישט קיין קינדער. וויפיל מאָל דאַרף איך אייך איבערחזרן דאָסזעלבע?

איר שטימע איז געווען בייז, האַרט און באַפעלעריש.

דבורה־זיסל האָט מיטאַמאָל דערפילט ווי עמיצער וואָלט איר אָנגע־פּאַטשט. אמת, זי האָט איר שוין אַ סך מאָל געזאָגט, אַז זי זאָל דאָס נישט טאָן, אָבער קיינמאָל האָט זי צו איר נישט גערעדט אין אַזאַ טאָן... זי האָט זיך שטיל אַרויסגערוקט פון דער שטוב און צוריק זיך אַוועקגע־לייגט אין פּאָיע אויף איר געלעגער. אָבער דעם קינדס געוויין איז גע־וואָרען אַלץ שטאַרקער. עס זיינען אַזוי אַוועק אַ צען מינוט און דבורה־זיסל האָט געפילט ווי עס הייבט איר פון געלעגער. עפּעס מוז דאָך ס׳קינד וועלן. אַזאַ פּיצל, אַז עס וויל עפּעס, קען עס נישט זאָגן „גיב מיר״, וויינט עס. דאָס איז זייער שפּראַך. נישקשה, זי האָט אויסגעכאָוועט אירע קינדער געזונטע, שיינע און געראָטענע, קיין עין־הרע נישט, און זי־

געדענקט גוט, אַז זי האָט אירע קינדער נישט געלאָזט זיך אויסרייסן דאָס האַרץ גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. ס׳האָט איר איצט געהויבן פון געלעגער און נישט געלאָזט רוען, האָט זי פאַרבויגן איר כבוד און איז מיט שטילע טריט נאָך אַמאָל אַריין אין איר שנורס שלאָפּצימער און דערביי האָט זי געזוכט איר צו פאַרטיידיקן: „כ׳ווייס, זי איז אוודאי געווען מיד . . . פאַרשלאָפן . . . דערפאַר האָט זי גערעדט אַזוי שאַרף . . . זי מיינט דאָס זיכער נישט״ . . .

— דזשענעלע, דו שלאָפסט ? — האָט זי ווייך געפרעגט.

— ניין, איך בין וואַך. וואָס איז שוין ווידער ?

— דו ווייסט . . . איך מיין . . . — האָט זי געשטאַמלט, — אפשר איז ער הונגעריק ? . . .

— פליז, שוויגער, — האָט יענע אויסגערעדט דענערווירט — ס׳קינד איז אויף אַ „סקעדזשול״ . . . ער איז אונטער אַ דאָקטאָרס אויפזיכט, און איר ווייסט דאָך, עס איז נאָך נישט די ריכטיקע צייט פאַרן פלעשל. ער וועט מוזן אונטערוואַרטן . . .

דאָס קינד האָט איצט אַזוי שטאַרק געוויינט, אַז עס איז זיך אַזש פאַרגאַנגען.

— און וויפיל פעלט נאָך צו דעם „סקעדזשול״? — האָט דבורה־זיסל אַ רעזיגנירטע געפרעגט.

— נאָך פערציק מינוט !

— ווי איז מיר, — האָט דבורה־זיסל פאַרבראָכן די הענט — וועסטו אים אַזוי לאָזן וויינען נאָך גאַנצע פערציק מינוט ?

— יעס, — האָט די שנור קאַלט געענטפערט.

— אַפילו דער דאָקטאָר זאָגט דאָך אויך, אַז אויב ס׳קינד וויינט שטאַרק, מעג מען אים געבן צו עסן אַביסל פריער, — האָט דבורה־זיסל אַלץ געבעטן רחמים פאַרן אייניקל.

אָבער דאָ איז שוין די שנור אַרויס פון געדולד, און איר פּשוט געזאָגט, אַז זי זאָל זיך אויפהערן מישן אין אירע געשעפטן . . . ס׳איז איר קינד און זי קאָן דערמיט טאָן וואָס איר געפעלט . . . און זי ווייסט בעסער פון איר ווי מען דאַרף אָנגיין מיט אַ קינד. זי געפינט זיך נישט אין דער „אָלד קאָנטרי״, וואו מען פלעגט דערציען קינדער ווי „ווילדע אינדיאַנער״.

— איך האָב נישט דערצויגן קיין ווילדע אינדיאַנער, נאָר געזונטע, געראָטענע קינדער, — האָט דבורה־זיסל זיך אַנטקעגנגעשטעלט — און איך האָב זיי געגעבן אַ גוטע . . .

— פליז, — האָט איר דזשעני איבערגעשלאָגן און נישט געלאָזן ענדיקן, — איך וויל נישט הערן די מעשות. איך וויל איבערהויפּט נישט, אַז איר זאָלט זיך מיר מישן אין מיין קינדס דערציאונג. און אַז לעאָן וועט אַהיימקומען, וועל איך אים דאָס טאַקע זאָגן, און זאָל פאַרשטאַנען ווערן איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז איך בין זיין מאַמע און אַז איך האָב די פולע אויפזיכט איבער מיין קינד! איך!

זי האָט דערביי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז דבורה־זיסל זאָל זיך פאַרנעמען פון דאַנען און איר לאָזן צורו.

דבורה־זיסל איז אַרויס פון איר שנורס שטוב און זיך געלאָזט צו איר געלעגער און דערביי דערפילט ווי דער באָדן וואָלט זיך אַוועקגעגליטשט פון אונטער אירע פיס. ס׳האָט איר אַ מיש געטאָן אין קאָפּ און ס׳האַרץ האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז קיין גוטס וועט דערפון נישט אַרויסקומען. זי איז געווען איבערראַשט פון דעם חוצפּהדיקן טאָן אין וועלכן די שנור האָט צו איר גערעדט, כאָטש זי מוז דאָך צוגעבן, אַז זי האָט שוין לאַנג באַמערקט, אַז דזשעני איז נישט צופרידן ווען זי פאַרעט זיך אַרום איר קינד. מיט דער הויז־אַרבעט וואָס זי טוט, איז זי גראָד יאָ צופרידן, האָט ליב איר קאָכן, איר באַקן . . .

ס׳קינד האָט נאָך אַלץ געוויינט און דבורה־זיסל האָט געפילט ווי עס וואַרפט איר פון געלעגער. דעם קינדס וויינען האָט איר שטאַרק וויי געטאָן, ווייל, ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן, איז דאָס געווען אַ געוויין אויס הונגער.

דער זייגער האָט איצט געוויזן 20 מינוט צו זעקס, האָט זי זיך געטרייסט דערמיט, וואָס דער זון דאַרף אָנקומען זעקס אַ זייגער און אַז ער וועט אים, ווי אַלע מאָל, גלייך געבן דאָס פלעשעלע מילך. און זי איז איז אויך געווען זיכער, אַז ווי נאָר זיין ווייב וועט אים דערציילן וועגן דעם איבעררייד, וואָס זיי האָבן נאָר־וואָס געהאַט, וועט ער איר גוט אויסמוסרן און איר אויפווייזן ווי אומגערעכט זי איז געווען.

ס׳איז מיט אַמאָל שטיל געוואָרן. ס׳קינד איז אַ פאַרמאַטערטער איינגעשלאָפן.

זעקס אַזייגער איז אָנגעקומען איר זון פון זיין נאַכט־אַרבעט. ער איז געקומען אַן אויסגעשמירטער ווי אַ היימישער קוימענקערער. ס׳האָט איר ווי געטאָן ס׳האַרץ ווען זי האָט דערזען איר זון, דעם אַקאַונטענט, אַזאַ פאַרשוואַרצטן און פאַרחושכטן. מיט זיין קאַלעדזש־דיפּלאָם בויט ער גאָר שיפן! אָבער צו דער זעלבער צייט האָט זי זיך געפילט שטאָלץ, וואָס ער איז כאָטש אַ קליין שרייפעלע אין דעם שיף־געבוי, וואָס וועט העלפן פאַרטיליקן דעם שונא.

זי האָט געהערט ווי ער איז אַריין אין קיך אָנצעוואַרעמען דעם קינדס מילך. דערנאָך האָט זי געהערט ווי ער שטופּט אַריין דאָס פלעש־שעלע מילך אין דעם קינדס פאַרשלאָפן מויל, און יענער, אַ שלעפערדי־קער, האָט גענומען ציען די מילך, אַז מען האָט געקאָנט הערן איבערן גאַנצן הויז.

די שנור האָט אים דערוויילע דערציילט פונעם איבעררייד מיט דער „מאַ". זי האָט נישט געקענט אַלץ אויפכאַפּן, אָבער זי האָט קלאָר פאַר־שטאַנען, אַז דאָס וואָס איז ערשט פאָרגעקומען, דערציילט די שנור איצט איר מאַן. דאָס האָט דבורה־זיסלען גראָד ניט געאַרט. פאַרקערט, זי איז גאָר געווען צופרידן, ווייל זי איז געווען זיכער, אַז איר זון וועט אויפווייזן זיין ווייב ווי אומגערעכט זי איז געווען, און ער וועט שוין זען, אַז זי זאָל זיך אַנטשולדיקן פאַר אַזאַ אָנפאַל אויף אַ מאַמען.

זי האָט געהערט ווי זיי האָבן פאַרמאַכט די טיר, וואָס איז ביז איצט געווען אָפן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן מיט אַ באַרואיקטן געדאַנק, אַז איר זון וועט שוין אַלץ אויסגלייכן.

ס׳איז אַרום פיר אַזייגער בייטאָג. לעאָן שלאָפט נאָך. ער דאַרף באַלד אויפשטיין, ווייל פינף אַזייגער עסן זיי און זעקס גייט ער אַוועק צו דער אַרבעט, וואו ער אַרבעט אָפּ ביזן צווייטן פרימאָרגן.

די שנור איז נאָר־וואָס אַרויפגעקומען פון גאַס מיטן קינד, האָט זי דאָס קינד איבערגעלאָזט אין פּאַיע, און אַליין איז זי אַריין אין איר מאַנס צימער.

דבורה־זיסל פאָרעט זיך ביי די טעפּ אין קיך, נאָר אַז זי האָט דער־זען ס׳קינד איז אַליין, איז זי צו אים צוגעלאָפן, געכאַפּט אים אויף די הענט, געמאַכט פאַר אים פאַרשיידענע פיגליעס, פון וועלכע דאָס קינד

האָט געכיקעט און געקוואָלן. מיט אַמאָל האָט זיך האַסטיק אָן עפן גע־טאָן די טיר פונעם שלאָף־צימער און איר זון איז פון דאָרט אַרויס אַן אויפגערעגטער און מיט אויגן, וועלכע האָבן געשפריצט מיט צאָרן, האָט ער אויסגעשריען:

— מאַמע, לאָז אָפּ ס׳קינד! ס׳קינד שפּילט זיך, וואָס ווילסטו האָבן פון אים?

— אַז ער וויינט, טאָר איך צו אים נישט צוגיין, און אַז ער שווייגט — אויך נישט? איז ווען דען?

— קיינמאָל נישט! דו, מאַמע, טו דיר דיין הויז־אַרבעט און לאָז מיין ווייב אַכטונג געבן אויפן קינד. זי איז די מאַמע פונעם קינד און לאָז איר זאָרגן פאַר אים!

— נו, און איך? איך בין דען, חלילה, אַ שטיף־מאַמע? אַז איך בין אין הויז און הער ווי ער וויינט, לויף איך צו...

— לויף נישט, מען בעט דיך נישט, — איז ער געוואָרן אַלץ מער צערייצט, — מיין ווייב האָט זיך שוין געגנוג אָנגעליטן פון דיינע קליינ־שטעטלדיקע שטיק... דאָ, מאַמע, איז אַמעריקע און נישט די „אָלד קאַנטרי״. דאָ דערציט מען קינדער אַנדערש, מען וויגט זיי נישט. דו, מאַמע, האָסט אים קאַליע געמאַכט, און מיין ווייב קאָן דאָס מער נישט אַריבערטראָגן... דערפאַר וויל איך, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל־סטו זיך מער נישט מישן אין מיין קינדס דערציאונג.

ער האָט האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן ס׳קינד פון אירע הענט און איז דערמיט אַריין אין זיין שלאָפצימער און פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך.

די אַלטע דבורה־זיסל איז געבליבן אַזוי פּריטשמעליעט, עפּעס אַזוי ווי עמיצער וואָלט איר אומגעריכט דערלאַנגט מיט אַ דובינע איבערן קאָפּ.

זינט דעם איבעררייד מיט דעם זון זיינען אַריבער אַ פּאָר טעג, און די שטימונג אין הויז איז געווען אָנגעצויגענע: מיט דער שנור האָט דבורה־זיסל נישט גערעדט, און דער זון האָט בלויז געזאָגט „העלאָ, מאַ!״ און „גוט־ביי, מאַ!״. דבורה־זיסל איז איצט אינגאַנצן נישט צוגעגאַנ־גען נאָענט צום קינד. זי האָט זיי געוואָלט ווייזן, אַז אויב מען פאַר־לאַנגט עס פון איר, קאָן זי דאָס באַווייזן, און אדרבה, זאָלן זיי זעען, אַז עס אַרט איר נישט... אָבער שווער, זייער שווער איז איר דאָס אָנגע־

קומען, און האָט זיך געמאַכט, אַז דאָס קינד האָט זיך שטאַרק צעוויינט, צי עס איז געלעגן אָפּגעדעקט, האָט זי זיך דאָך נישט געקענט איינ־האַלטן און איז צוגעגאַנגען צום בעטל און אים געוואָלט צודעקן, צי גאָר איבערדרייען ווען ער איז שלעכט געלעגן, איז דאַן איר שנור גלייך אויס־געוואַקסן לעבן איר און געגעבן אַ זיי אַרויס דורך די ציינער „בעווער־מיינד", וואָס דאָס האָט געמיינט, „נישט איר עסק", איז זי דעמאָלט, ווי אַן אָפּגעשמיסענע, אָפּגעטראָטן פון בעטל און זיך ערגעץ פאַררוקט אין אַ ווינקל.

עס איז איר אַלץ געוואָרן ענגער אין הויז און זי האָט באַשלאָסן, אַז עפּעס מוז זי טאָן.

זי האָט פונדעסטוועגן געפּרואווט ריידן מיט איר זון, אַז זי מיינט חלילה נישט קיין שלעכטס, ווען זי וויל העלפן מיטן קינד, ווייל זי ווייסט, זי האָט דערצויגן דריי קינדער, נאָר יענער האָט אַפילו נישט געוואָלט אויסהערן. ער האָט בלויז געהאַט איין ענטפער:

— מיש זיך נישט. דו ביזט מיין מאַמע, אָבער נישט דעם קינדס מאַמע, און אויב מיין ווייב וויל נישט, אַז דו זאָלסט צו אים צוגיין, וועסט בלייבן אַזוי ווי מיין ווייב וויל . . .

עס האָבן זיך געשלעפּט די טעג און וואָכן און דבורה־זיסל האָט גע־פילט ווי זי גייט איין. דאָס זיין צוזאַמען מיטן קינד און נישט טאָרן צו־גיין צו אים, איז פאַר איר געווען אַן אמתער גיהנום. גוט איז איר גע־ווען בלויז דעמאָלט ווען איר שנור האָט געדאַרפט ערגעץ אַוועקגיין און דער זון איז געשלאָפן, פלעגט זי דאַן צולויפן צום קינד, וואָס פלעגט זיך שפּילן אָדער איז נאָר־וואָס אויפגעשטאַנען פון שלאָף, עס זשעדנע אַ כאַפּ טאָן אויף די הענט און עס דריקן צום האַרצן. ס׳קינד האָט איר דערקענט, פלעגט עס לאַכן, מאַכן פאַרשיידענע העוויות פון וועלכע דבורה־זיסל איז זיך צעגאַנגען פון נחת. זי פלעגט דערביי האַלטן די אויערן אָנגעשפּיצט צו דער טיר, און ווען זי פלעגט דערהערן איר שנורס טריט, האָט זי גיך צוריקגעלייגט דאָס קינד אין בעטל און איז שנעל געלאָפן אין קיך צו איר אַרבעט.

דבורה־זיסל ליגט אויף איר געלעגער און קען נישט איינשלאָפן. אין הויז איז שטיל. דאָס קינד און די שנור שלאָפן. פון איר אָבער האָט

זיך דער שלאָף אָפּגעטאָן. ליגט זי אין דער פינצטער אַ וואָכע און זוכט אַן אויסוועג צו איר גיהנומדיק לעבן, וואָס זי פירט איצט. זי מוז געפי־נען דעם ריכטיקן אויסוועג, אַ מיטל, אַן איבערבייט . . . עפּעס . . . אַזוי ווי עס גייט איר לעבן איצט, קאָן עס ווייטער נישט גיין.

— אפשר, — פאַלט איר איין, — זאָל זי גאָר פאָרן צו איר טאָכ־טער אין שיקאַגע? כ׳ווייס, מען זאָגט, אַז אַ טאָכטער איז נעענטער צו דער מאַמען ווי אַ זון, כאָטש איר זיינען אַלע קינדער גלייך. זי האָט זיי אַלצאיינס ליב. נאָר מיט אַמאָל פאַרקרימט זיך איר פּנים און די קנייטשן אויף איר שטערן קאָרבן זיך טיפער איין. זי פּרעסט צוזאַמען שטאַר־קער די ליפּן און זייעט אַרויס דורך די ציינער: „ניין, עס טויג נישט!״. זי דערשרעקט זיך פאַר איר אייגן קול, און עס ווייזט זיך איר אויס, אַז דורך דער שטילקייט פון דער נאַכט ענטפערט איר אַ שטרענג קול: „ניין, עס טויג ניט!״, רוקט זי זיך טיפער אַרונטער הינטער דער קאָלדרע, פאַר־מאַכט די אויגן, נאָר דער שלאָף קומט ניט. זי פאַרשטייט איצט מער ווי פריער, פאַרוואָס זי האָט אַזוי אויפגעשווידערט פונעם געדאַנק צו וואוי־נען ביי איר טאָכטער, ווייל פּונקט ווי זי וואוינט איצט ביי איר זון, האָט דאָרטן אין שיקאַגע געוואוינט אויך אַ מאַמע ביי איר זון, עס הייסט, ביי איר איידעם און טאָכטער, און פון די נישט־דערשריבענע בריוו, וואָס זי פלעגט דערהאַלטן פון איר טאָכטער, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז מען קומט עפּעס נישט דורך מיט דער אַלטער . . . נאָר זי פלעגט דעמאָלט נישט שענקען צו דעם קיין באַזונדערע אויפמערקזאַמקייט, און ווען איר טאָכ־טער האָט איר איינמאָל געשריבן, אַז זי קען שוין מער נישט אויסהאַלטן פון דער שוויגער, איז זי דעמאָלט געווען זיכער ביי זיך, אַז די שולד איז נישט איר קינדס . . . איצט אָבער זעט זי די גאַנצע זאַך אין גאָר אַן אַנדער ליכט . . . און זי פילט אַ טיפן רחמנות צו דער אַלטער פרוי, וואָס האָט אויף די עלטערע יאָרן געמוזט אָנקומען אין אַ מושב־זקנים און פאַרענדיקן אירע לעצטע טעג אַ פרעמדע צווישן פרעמדע . . . היינט ווי קאָן זי גאָר טראַכטן פון פאָרן אַהין? איז אפשר צום זון? צו לייבלען? נאָר באַלד כאַפּט זי זיך, אַז דאָס איז אויסגעשלאָסן, אַז זיי האָבן דאָך איר ביז איצט נישט פאַרבעטן . . . וואָס הייסט זי וועט פאָרן . . . אַן אומגעבעטענע? ! . . .

מיט אַמאָל צעשטראַלט זיך איר פּנים. זי טוט זיך האַסטיק אַ זעץ

אויף אין בעט און טוט אַזש אַ פּאַטש מיט די הענט. זי איז נאָך נישט קיין זיבעציק יאָר אַלט, קוים זעכציק, און זי איז, חלילה, נישט קיין קאַ־ליקע און זי קאָן נאָך פֿאַרדינען איר שטיקל ברויט. אָט איז זי געווען אַ וויסטע אַלמנה און האָט ביז נישט לאַנג צוריק געפֿירט אַ באַלעבאַטיש־קייט און מיט אירע צען פֿינגער אַלץ אַליין אויסגעאַרבעט, געמאַכט אירע דריי קינדער פֿאַר מענטשן, וועט זי אוודאי נאָך קאָנען פֿאַרדינען אויף וואָס זי וועט דאַרפֿן, איבערהויפּט איצט, ווען עס איז אַ מלחמה אויף דער וועלט און מען קוקט מער נישט אויף יונג, אַלט, אַבי מען קאָן נאָר עפּעס טאָן, טוט מען . . .

פֿון דעם געדאַנק ווערט איר ליכטיק אין די אויגן און זי פֿילט ווי זי איז עפּעס מיט אַמאָל יונגער געוואָרן.

דער זייגער קלינגט אויס פֿיר. אָרום זיבן באַגינען וועט זי אויפֿ־שטיין און קויפֿן אַ צייטונג און זיך אויסזוכן אַ שטעלע און זי וועט זיי דאָן ווייזן, אַז זי איז נאָך נישט צו אַלט צו זיין אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש און נישט דאַרפֿן אָנקומען צו קינדער. אפשר וועלן זיי דעמאָלט האָבן פֿאַר איר אַביסל מער דרך־ארץ.

די אויגן שליסן זיך ביי איר צו און זי שלאָפֿט איין אַ גליקלעכע, וואָס זי האָט ענדלעך זיך דערטראַכט צו אַן אויסוועג פֿון דעם צרהדיקן לעבן, וואָס זי האָט לעצטנס געפֿירט . . .

שוין צוויי וואָכן ווי דבורה־זיסל אַרבעט ביי קייזמאַן און קאָמפּ., אַ פֿאַבריק פֿון אַמוניציע. זי זיצט ביי אַ לאַנגן טיש, וואו עס זיינען אויס־געזעצט אַ סך פֿרויען פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער, און פּאַקן קוילן.

דבורה־זיסלס אַרבעט באַשטייט פֿון צוזאַמענשטעלן פֿידעלעך, אין זיי אַריינצולייגן קוילן. די ערשטע צייט האָט זי זיך דאָ געפֿילט אַביסל פֿרעמד און עס איז איר אויסגעקומען פֿריקרע די גאַנצע פּראָצעדורע פֿון דער אַרבעט, אָבער איצט פֿילט זי שוין ווי אַן אַלטע אַרבעטערין. די אַרבעט פֿאַלט איר מער נישט שווער. זי האָט זיך שוין אויך אָפּגעזוכט אַ פֿרוי אין איר עלטער און ביידע עסן צוזאַמען מיטיק. מען רעדט פֿון פֿאַרשיידענע זאַכן, פֿון וועלט־געשעענישן, און אַלע מאָל קומט מען ארויף אויף דער פֿראַגע פֿון עלטער. מען פֿרואווט טרעפֿן איינע דער צווייטנס

יאָרן, און ביידע פאַרזיכערן איינע דער אַנדערער, אַז זיי קוקן נישט אויס איין טאָג עלטער ווי 50 יאָר . . . איי, דאָס וואָס מען איז אַזוי גרוי, כמעט ווייס, מיינט דאָס גאָרנישט . . . אָט האָט יענע אַ געשוועסטער־קינד, נאָך קיין 50 יאָר נישט אַלט, און זי איז שוין אויך ווייס . . . מיינט עס דען אַלט ? ווייס איך וואָס !

— און ווער האָט עס היינט אייגענע שוואַרצע האָר ? — לאָזט אַלץ נישט אָפּ דבורה־זיסלס נייע פריינדין.

— אַ מענטש איז אַזוי אַלט ווי ער פילט, — פילאָזאָפירט דבורה־זיסל, — ערשט נישט לאַנג האָב איך געפילט 10 יאָר עלטער ווי איך בין געווען, איצט פיל איך 10 יאָר אינגער, בין איך מיט אַמאָל אינגער געוואָרן אויף גאַנצע צוואַנציק יאָר . . .

דבורה־זיסל קאָן זיך נאָך אַלץ נישט צוגעוואוינען צום געדאַנק, אַז זי פאַרדינט גאַנצע צוואַנציק דאָלער אַ וואָך און איז געוואָרן אַ זעלבסט־שטענדיקער מענטש. זי וואוינט איצט ביי אירע אַן אַמאָליקער שכנה, דאָבע, וועלכע איז אַזוי ווי זי, געבליבן אַן אלמנה. דער אונטערשייד איז נאָר וואָס יענערס מאַן האָט איר איבערגעלאָזט אַן אינשורענס־פּאָליסי פון וועלכער זי קריגט אַ קליין געהאַלט און האָט גענוג פאַר זיך צו דערנערן. ביי אירע קינדער האָט זי נישט געוואָלט וואוינען, און אומע־טיק איז איר געווען, דערפאַר האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט ווען דבורה־זיסל האָט זיך אַריינגעקליבן צו איר אין הויז. זי צאָלט איר צען דאָלער אַ וואָך פאַר עסן און שלאָפן, און איז שטאַרק צופרידן מיט איר נייער היים. זיי גייען זיי אין אידישן טעאַטער. דאָבע האָט דבורה־זיסלען אויך אַריינגענומען צו זיך אין סאָ־סייעטי, און דורך דער וואָך גייען זיי צו מיטינגען און אויך צו פאַרשיי־דענע אונטערנעמונגען. דאָבע, וועלכע איז אַ גאַנצער קאָכלעפל אין קהל־שע ענינים, האָט אויך פאַראינטערעסירט איר נייע פריינדין דבורה־זיס־לען צו טאָן „גוטע אַרבעט״.

זייער אָפט קאָן מען זען ווי דבורה־זיסל לויפט מיטיק־צייט אַרום מיט אַ ביכעלע „ראַפּלס״. זי טיילט קוויטלעך און נעמט געלט, און דער־ביי האַלט זי אַלעמען אין איין פאַרזיכערן: „קויפט, קויפט, אַ געזונט אויף אייך, עס איז נעבעך פאַר אָרימע יתומים״, אָדער, „קויפט, קויפט, ס׳איז פאַר אַן אָרימער פאַמיליע״. זי טוט דאָס מיטן גאַנצן האַרצן, און

יעדעס מאָל ווען זי ליידיקט אויס אַ ביכעלע, פילט זי פשוט ווי עס קומט איר צו אַ שטיק געזונט. און ווען זי זעצט זיך צוריק צו דער אַרבעט, פילט זי ווי זי וואָלט אויפגעטאָן עפּעס גאָר אַ וויכטיקע זאך. עס קומט איר אויס, ווי זי וואָלט געווען אָפּגעשלאָפן אַ לעבן לאַנג און פאַרשלאָפן דעם שיינעם זומער . . . און זיך ערשט אויפגעכאַפּט סוף האַרבסט . . . מער צום ווינטער צו... „האַרבסט איז אויך שיין... אַפילו דער ווינטער האָט זיין שיינקייט", — טראַכט זי זיך און אָפט כאַפּט איר אַרום אַ בענקעניש צו די קינדער, איבערהויפּט נאָכן אייניקל.

דער זון האָט גראָד נישט געוואָלט, אַז זי זאָל זיך אַרויסציען. ער האָט געוואָלט אַז זי זאָל בלייבן, נאָר צו שטאַרק האָט ער איר נישט געבעטן. די שנור האָט איר אַפילו קיין איין מאָל נישט דערמאָנט, אַז זי זאָל פאַרבלייבן.

עס איז זונטיק מיטיק־צייט. דבורה־זיסל פאָרט אין סאָבוויי, וואָס דאַרף איר פירן צו איר זונס הויז. זי איז באַלייגט מיט פעקלעך. זי האָט אָנגעקויפט פאַרשיידענע צאַצקעס פאַרן קינד. ס'האַרץ קלאַפּט ביי איר שטאַרקער פון גרויס אויפרעגונג. שוין זעקס וואָכן אַז זי האָט זיי נישט געזען, און נעכטן האָט זי דערהאַלטן אַ בריוו פון איר זון און שנור, אין וועלכן זיי בעטן איר קומען זונטיק אויף מיטיק. זי האָט די איינלאַדונג מיט פרייד אָנגענומען.

זי האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר. דער זון האָט געעפנט. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דער מאַמען. די שנור איז איר אַנטקעגנגעקומען מיטן קינד אויף דער האַנט.

זי האָט צעפּאַקט די שאַכטלעך און דערלאַנגט דעם קינד די צאַצקעס. די שנור האָט דאַן איבערגעגעבן דאָס קינד צו דער באָבען . . .

נאָכן עסן האָט דער זון אָנגעפאַנגען אויספרעגן דבורה־זיסלען ווי עס לעבט זיך איר, ווי זי פאַרברענגט די צייט ? וואָס זי טוט ? און צי איז טאַקע אמת, אַז זי אַרבעט אין אַ פאַבריק ? און ווען די מאַמע האָט אים געענטפערט, אַז עס איז אמת, אַז זי אַרבעט און איז צופרידן, האָט ער דאָס נישט געקענט פאַרטראָגן און איז אַרויס מיט לשון:

— הער זיך שוין אויף נאַריש צו מאַכן, מאַמע, אַ פרוי אין דיינע

יאָרן זאָל גאָר גיין אַרבעטן אין אַ פֿאַבריק, אין אַן אַמוניציע־פֿאַבריק דערצו! עס איז דאָך אַ חרפּה און אַ שאַנדע. איך וועל נישט דערלאָזן, אַז מיין מאַמע זאָל אַרבעטן . . .

— וואָס הייסט דו וועסט נישט דערלאָזן, אַז איך זאָל אַרבעטן? וואָס דען זאָל איך טאָן?

— איך וויל אַז דו זאָלסט אויפגעבן דיין „דזשאָב" און צוריק קומען וואוינען מיט אונדז . . . און אויפהערן פירן אַן איינזאַם לעבן אויף דער עלטער . . .

עס האָט איר הנאה געטאָן צו הערן ווי דער זון בעט איר קומען צו־ריק אַהיים, אָבער דורך דער קורצער צייט, וואָס זי איז געווען אַוועק פון הויז, האָט זיך פאַר איר געעפנט אַ נייע וועלט. זי האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז זי האָט אויך אַ לעבן . . . כאָטש שוין אַביסל צו שפּעט, אָבער עס איז קיינמאָל נישט צו שפּעט צו פאַרריכטן אַ טעות.

— ניין, מיין זון, — האָט זי אַרויסגערעדט מיט אַ פעסטער שטי־מע,—עס איז געווען אַ טעות באַלד פון אָנפאַנג אָן ווען איך האָב איינ־געשטימט מיט אייך צו וואוינען, וויל איך איצט פאַרריכטן אָט־דעם טעות. אמת, אַז איך בין מער נישט יונג, אָבער איך וועל פּרובירן אָנ־צופאַנגען פון דאָס ניי . . . איבעריקנס, זיינען מיר צוויי וועלטן — דו און דיין פרוי, איר זאָלט זיך עלטערן געזונטערהייט, זענט „אַמעריקאַ־נער", און איך בין פון דער „אָלד קאַנטרי", און עס איז שוין צו שפּעט מיך איבערצואַנדערשן . . . אמת, איך האָב שוין אַריינגעשפּאַנט אין די יאָרן פון סוף־האַרבסט, און איר האָט ערשט אָנגעפאַנגען אייער זומער... עפּעס ווייזט זיך מיר אויס, — האָט זי פאַרטראַכט אַרויסגערעדט, — אַז איך האָב פאַרשלאָפן מיינע שענסטע יאָרן . . . און זיך אויפגעכאַפּט אין האַרבסט, צום ווינטער צו. האַרבסט קאָן אויך זיין שיין, אַפילו ווינטער קאָן זיין וואונדערלעך, מען דאַרף נאָר וויסן ווי אַזוי צו לעבן . . .

און דאָ האָט זיך געביטן איר טאָן און פעסט אַרויסגערעדט:

— ניין, מיין זון, איך וועל שוין מיט מיינע קינדער נישט וואוינען צוזאַמען. איך האָב אייך איצט, חלילה, נישט ווייניקער ליב ווי אַמאָל, נאָר עס איז בעסער און געזונטער ווען אַ מאַמע איז אַ גאַסט . . .

זי האָט זיך מיט זיי געזעגנט און איז אַוועק מיט אַ געהויבענעם קאָפּ, און האָט זיי צוגעזאָגט ווידער צו קומען, אָבער נאָר ווי אַ גאַסט.

# אין אַ מוזיי

נאָראַ, אַן אויפגערעגטע, האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם הוט און מאַנטל, אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז מיט שנעלע טריט אַראָפּ די שטיגן.

— וואַרט אַ מינוט, — האָט איר אַלעקס נאָכגעשריגן, — איין סעקונדע, איך גיי אויך.

זי האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר איז אַ בייזע געגאַנגען ווייטער. זי האָט זיך מיט האַסטיקע טריט אַלץ מער דערווייטערט פון זיין הויז, האָט זיך פאַרדרייט אין אַ זייטיקער גאַס, זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע און נאָכדעם ווי זי האָט זיך גוט אַרומגעקוקט און געווען זיכער, אַז ער איז מער נישטאָ, האָט זי פרייער אָפּגעאָטעמט און אַ וואָרף געטאָן ווערטער אין דער לופט:

— איך וועל אים מער אין די אויגן נישט אַנזען!

נאָראַ האָט זיך בשום־אופן נישט געקאָנט באַרואיקן פון זיין פלוצלונג ווילדן איבערפאַל אויף איר . . .

שוין יאָרן אַז זיי קענען זיך. אַלעקס איז געווען איר מאַנס בעסטער פריינט און פלעגט אָפט פאַרברענגען מיט זיי צוזאַמען. שוין באַלד אַ יאָר ווי איר מאַן איז פלוצלונג געשטאָרבן און זי איז אַזוי אומגעריכט געבליבן אַליין אַ יונגע אַלמנה, אָן פריינט, אַ חוץ אַלעקסן.

פלעגט אַלעקס רעגלמעסיק קומען צו איר אין הויז און איז פאַר איר געווען אַ טרייסט מיט זיין איבערגעבענער פריינטשאַפט און טיפער פאַרשטענדעניש. געהאַלטן האָט ער זיך אַלע מאָל קאָרעקט און האָט איר קיינמאָל נישט געמאַכט פילן, אַז ער איז „עפּעס" אויסן . . . זי האָט זיך אַזוי צוגעוואוינט צו אַלעקסעס וויזיטן און חברשאַפט, אַז טאָמער איז ער אַן אָוונט אָדער צוויי נישט געקומען, האָט ער איר שטאַרק אויסגעפעלט. זי פלעגט זיך מיט אים באַראַטן וועגן דער מינדסטער קלייניקייט פון איר לעבן, און האָט דערביי געהאַט דאָס געפיל ווי זי רעדט זיך אויס איר שווער האַרץ צו אַ ברודער.

מיט אַמאָל האָט אַלעקס איר פאַרבעטן צו זיך אַהיים, איר געוואָלט

ווייזן ווי אַזוי ער האָט איינגעשטעלט זיין בחוריש לעבן. נאָראַ איז גע־וועז שטאַרק נייגעריק צו זען ווי עס לעבט זיך אַלעקסן דעם אַלטן בחור, האָט זי מיט פאַרגעניגן אָנגענומען זיין איינלאַדונג. נאָר קוים האָט זי אַריבערגעשפּאַנט זיין שוועל, איז ער איר פלוצלונג באַפאַלן ווי אַ ווילד־דער . . .

איצט, שוין זייענדיק אין גאַס, קאָן זי זיך נאָך אַלץ נישט באַרואיקן און חזרט איבער די זעלבע ווערטער:

— ווי וואַגט ער ? ! צי ווייס ער דען נישט ווער איך בין ? ! וואָס בין איך אים, עפּעס אַ מיידל פון גאַס ? . . . אַזאַ געמיינהייט !

מיט אַמאָל דערפילט זי ווי זי איז אויסגענעצט פון שניי, וואָס פאַלט ווי געדיכטע פעדערן, קאַלעכט אויס די ניו־יאָרקער גאַסן און דעקט צו די שוואַרצע ערד מיט אַ ווייסער פּערענע. זי שטייט און צעגערט און ווייסט נישט וואָס צו טאָן מיט זיך. וואו זאָל זי איצט גיין ? עס איז שפּעט נאָכמיטיק. אפשר גיין אין אַ מואווי ? ניין ! נישטאָ קיין רעכט בילד אין דער געגנט. און דאָ דערמאָנט זי זיך, אַז זי איז נישט ווייט פון אַ מוזיי, און באַשליסט אַהין אַריינצוגיין.

אין מוזיי באַקוקט זי די קונסט־בילדער פון די אַלטע מייסטער, באַ־וואונדערט זייער פרישקייט, ווי עכט, ווי לעבעדיק זיי זיינען ! עס ווייזט זיך איר אויס, אַז באַלד וועט זיך אויפהויבן „די דאַמע ביים שלאָס" און וועט אָנפאַנגען ריידן . . . זי באַקוקט פאַרשיידענע אַנטיקן און לאָזט זיך גיין צו דער אָפּטיילונג וואו עס ליגן די מומיעס אויסגע־לייגט אין גלעזערנע קאַסטנס.

ביי איינעם אַזאַ גלעזערנעם קאַסטן בלייבט זי שטיין אַ פאַרטראַכ־טע. די מומיע איז איינגעוויקלט אין געלבלעך געוועב, וואָס קוקט אויס, פון אַלטקייט, ווי שפּינגעוועבס. מען זעט קלאָר אַ געשטאַלט פון אַ מענטשן, און נאָראַ איז זיכער, אַז די פיגור באַלאַנגט צו אַ פרוי, וואָס איז מסתמא געווען אַן עגיפּטישע פּרינצעסין, און אפשר גאָר אַ קעניגין, טראַכט זי.

— אפשר אַ קורטיזאַנקע ? . . . ניין ! — טראַכט נאָראַ, — קיין קורטיזאַנקעס האָט מען נישט באַלזאַמירט אין אַזעלכע טייערע קאַסטנס. דאָס איז זיכער אַ פּרינצעסין פון עגיפּטן.

עס כאַפּט איר פלוצלונג אַרום אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צו וויסן ווי אַזוי עס האָט געלעבט אַ קעניגלעכע טאָכטער. האָט זי געפירט אַן




„ווי אַלט, — פרעגט זי פלוצלונג, — קען זיין אָט־די מומיע ?"

אוואַנטוריסטיש לעבן פון ליבע און אינטריגעס, אָדער האָט זי זיך גאָר געמישט אין פּאָליטיק און מלחמות?

נאַראַ פּרובירט זיך איינקוקן אין איר געשטאַלט. די פּרינצעסין דערשיינט פאַר איר אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע לאָקן, וועלכע זיינען דורכגעפלאָכטן מיט פּערל. איר טונקעלע הויט איז גלאַט ווי סאַמעט. די שוואַרצע מאַנדל־אויגן פינקלען מיט פייער און טרעפן ווי שפּיזן אין די מענערישע הערצער... אַ ווילדע געווען... און זי איז אַלע מאָל געווען אַרומגערינגלט מיט פאַרערער און הויף־דאַמען און שקלאַפן. די פאַנטאַסטישע קליידער און די טייערסטע איידלשטיי־נער פלעגט זי טראָגן. זי האָט געשמט איבער גאַנץ עגיפּטן פאַר אַ גרויסער שיינהייט.

— ווי אַזוי,—פרעגט זיך נאַראַ,—האָט אויסגעקוקט איר פּאַלאַץ, און אין נאַראַס פאַנטאַזיע דערשיינט אַ שלאָס פון מאַרמאָר אויף אַ הויכן באַרג מיט פאַנטאַסטיש מעבל... ווענט פון גאָלד און זילבער.

מיט אַמאָל גיט זי זיך אַ כאַפּ:

— און אָרעמקייט איז דעמאָלט אויך געווען?

זי האָט נאָך נישט באַוויזן צו באַמערקן, אַז זי טראַכט אין דער הויך, ווי זי דערהערט אַן ענטפער:

— געווען, מיס.

נאַראַ גיט זיך אַ צאַפּל. זי כאַפּט זיך, אַז די לעצטע ווערטער האָט זי אַרויסגערעדט אין דער הויך. זי הייבט אויף די אויגן און דערזעט לעבן זיך אַן אימפּאָזאַנטן הויכן יונגערמאַן.

— איך שטיי שוין דאָ לעבן אייך אַ לענגערע צייט, — דערהערט זי דעם פרעמדנס ווייכע שטימע, וועלכע קלינגט פאַר איר איבערן מוזיי, ווי עפּעס אַ קול פון אַ פרעמדער וועלט. — אָבער איר זענט געווען אַזוי פאַרטיפט, — רעדט ער ווייטער, — אַז איר האָט מיך נישט באַמערקט.

נאַראַ קוקט אויף אים מיט צעטומלטע בליקן.

— איר פאַרמאָגט זיכער אַ רייכע פאַנטאַזיע, — רעדט ווייטער דער פרעמדער, — איך האָב דאָס באַמערקט אין אייערע גרויסע פאַר־נעפּלטע אויגן. איר האָט די גאַנצע צייט געשוועבט אין אַ מיסטישער וועלט פון אור־אַלטע צייטן.

אַ ווײַלע האָבן ביידע געשוויגן.

— אָט אַזוי ווי איר קוקט אויס, וואָלט איך אייך וועלן מאָלן.

— איר מאָלט ? — האָט זיך נאָראַ ענדלעך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ טיפן שלאָף.

— יאָ, איך מאָל.

— לאַנדשאַפטן, צי פּאָרטרעטן ? — האָט זי נאָך אַלץ פאַרטראַכט אַרויסגערעדט.

— מערסטנס פּאָרטרעטן.

— איר מאָלט גוט ?

ער האָט זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט.

עס איז איר דערפון געוואָרן וואַרעם אויפן האַרצן.

— אין דעם, מיס, וועט איר זיך אַליין קאָנען איבערצייגן . . .

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט אַ סך געווייזט, איז אויסגעוואַקסן אַ וועלט. אַליין אַ מאָלער, האָט ער גערעדט מיט גרויס וויסן איבער די בילדער, וועלכע ער האָט איר אָנגעוויזן.

נאָראַ האָט אָבער נאָך אַלץ געוואָלט מער וויסן וועגן די מומיעס. האָט ער איר דערציילט וועגן אַלט-עגיפּטן מיט אירע וואונדערלעכע מומיעס און מומיעס, וועלכע זיינען באַלזאַמירט שוין טויזנטער יאָרן.

זי האָט זיך געלאָזט פירן אויף פאַרצייטישע וועגן און געשלונגען יעדעס וואָרט זיינס.

— ווי אַלט, — פרעגט זי פלוצלונג, — קען זיין אָט־די מומיע ?

— און ווייזט אָן אויף דעם גלעזערנעם קאַסטן אין וועלכן עס ליגט איר אויסגעחלומטע פּרינצעסין.

— גענוי קען איך נישט וויסן, נאָר אַן ערך דריי טויזנט יאָר . . .

— דריי טויזנט יאָר ? — חידושט זיך נאָראַ.

עס באַפאַלט איר מיט אַמאָל אַ דריקנדיקע שטימונג. אַ שווערער וואָלקן פאַרציט זיך אויף איר פּנים . . . אויב אַזוי, פאַלט איר איין, לעבט דאָך אַ מענטש זייער ווייניק און טויט איז מען אַן אייביקייט . . . יאָ, אַ מענטש לעבט אפשר מינוטן בלויז . . . אויב מען זאָל זאָל רעכענען מינוטן מיט אייביקייט . . . טאָ צו וואָס מאַכט מען דאָס אַזאַ וועזן פון יעדער קליייניקייט ? און צו וואָס דאַרף דער מענטש זיך אַזוי יאָגן, שמייען, אַז ער דערגייט סיי־ווי־סיי צו גאָרנישט ?

דער פרעמדער מאַן באַמערקט, אַז זיין נייע באַקאַנטע איז מיט אַמאָל געוואָרן שטאַרק דערשלאָגן, האָט ער איבערגעלאָזט די אור־אַלטע צייטן און גענומען ריידן פון דער געגנוואַרט. ער האָט איר דערציילט

אַ פרייליכן אַנעקדאָט און נאָראַ האָט זיך צעשמייכלט. דערנאָך האָט ער גענומען ריידן וועגן דער מאָדערנער קונסט און מאַלעריי, אָבער נאָ־ראַ האָט זיך מודה געווען, אַז זי איז גאָר נישט קיין מבין דערויף . . .

אַרויס פון מוזיי, זיינען זיי געגאַנגען צוזאַמען. אין דרויסן איז צו־געפאַלן די נאַכט. דער ווייסער שניי מיניעט אין די אויגן און עס שפּרייט זיך אויס אַ ווייסע וועלט.

נאָראַ האָט דערפילט אַז עס ווילט זיך איר נישט שיידן מיט דעם פרעמדן, און ווען ער האָט איר פאָרגעשלאָגן, אַז זיי זאָלן גיין עסן צוזאַ־מען, איז איר באַפאַלן אַ שטילע פרייד.

נאָראַ איז באַשטאַנען דווקא, אַז עסן זאָל מען ביי איר אין שטוב. אויפן וועג אַהיים האָבן זיי איינגעקויפט פאַרשיידענע עסנוואַרג. זיי האָבן שוין איצט גערעדט ווי אַלטע באַקאַנטע.

ער האָט באַוואונדערט איר הויז, די קונסט־בילדער, וואָס זיינען גע־האַנגען אויף די ווענט. ער האָט איר געמאַכט קאָמפּלימענטן פאַר איר געשמאַקפולער היים, וואָס איז איינגעריכט אויף אַן עכט־קינסטלערישן אופן.

זי האָט שיין סערווירט דעם טיש און אַוועקגעשטעלט פאַרשיידענע מאכלים. איבערן הויז האָט זיך געטראָגן דער געשמאַקער אַראָמאַט פון פריש־געקאָכטע קאַווע. נאָראַ האָט געוואָלט אַ רוף טאָן איר גאַסט צו עסן, אָבער דאָ האָט זי זיך געכאַפּט אַז זי ווייס אפילו נישט זיין נאָמען, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט לעבן אים און שעלמיש געפרעגט:

— מעג איך וויסן אייער נאָמען, סער?

— עמיל צווייג, — האָט ער זיך קאָמיש פאַרנייגט, — און אייער נאָמען, מיס?

— נאָראַ ריכטער, — האָט זי אים דערלאַנגט די האַנט, וועלכע ער האָט צוגעטראָגן צום מויל און גאַלאַנט געקושט.

— און איצט, מר. צווייג, צום טיש, ביטע.

— רוף מיך נישט מר. צווייג, נאָר פּשוט עמיל, — בעט ער ביי איר ווי אַן אַלטער פריינט.

— נו, גוט, עמיל, צום טיש, — באַפעלט נאָראַ.

זיי זעצן זיך צום טיש, און מיט אַמאָל דרייט זיך אויס עמיל, נעמט נאָראַס האַנט און גיט אַ פרעג:

— נאָראַ, וואו ביסטו געווען אַלע מיינע יאָרן?

— דאָ, אין ניו־יאָרק, — ענטפערט זי און פילט, אַז עס איז איר גוט אויפן האַרצן.

— איצט ווייס איך שוין פאַרוואָס איך האָב אַלע מיינע יאָרן ארומ־געוואַנדערט איבער דער וועלט און עפּעס געזוכט . . . איך ווייס שוין אויך פאַרוואָס עס האָט מיך געצויגן צוריק קיין ניו־יאָרק . . .

— פאַרוואָס ? — פרעגט נאָראַ.

— דערפאַר ווייל דו ביסט דאָ געווען.

ער שליסט איר איין אין זיינע אָרעמס און באַדעקט איר מיט הייסע קושן. ער קושט אירע אויגן, גלעט אירע האָר.

אַן אנגענעמער ציטער לויפט דורך נאָראַס קערפער. זי פאַרמאַכט די אויגן און דערפילט ווי זיינע שטאַרקע אָרעמס טראָגן איר אַוועק אין אַ פאַרכישופטער וועלט.

אַוועק פון נאָראַס הויז איז עמיל ווען אין דרויסן האָט שוין גענומען גרויען דער טאָג.

נאָראַ, אַ צופרידענע, מיט שטראַלנדיקע אויגן האָט אים צוגעפירט צו דער טיר.

— ווען, — האָט ער אַ באַרוישטער געפרעגט, — זעען מיר זיך ווי־דער ?

— היינט, מאָרגן, איבערמאָרגן און אַלע מאָל . . .

— היינט, מאָרגן, איבערמאָרגן און אַלע מאָל, — האָט ער איבער־געחזרט נאָראַס ווערטער און האָט אַ גליקלעכער פאַרלאָזט איר הויז.

# אַ רואיק לעבן

דייוו גוטמאַן האָט פּאַמעלעך געעפּנט די טיר און איז מיט דראַבנע טריט אַריין אין הויז. ער איז צוגעגאַנגען צו זיין פרוי, איר אַ קוש געטאָן אין שטערן, און נאָכדעם ווי ער האָט אויסגעטאָן זיין אויבער־מאַנטל און אים פּאָרזיכטיק אויפגעהאָנגען, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו זיין פרוי און איר אַ זאָג געטאָן: „אַ רעגנדיקער וועטער היינט!", און באַלד האָט ער צוגעלייגט: „עס וועט זיך אפשר אויסלייטערן, אפשר!".

סאָפיע, זיין ווייב, האָט אים ניט געענטפערט, נאָר געפילט האָט זי, ווי זי וואָלט וועלן רייסן די האָר פון קאָפּ און שרייען גוואַלד, אָדער שליידערן דאָס געשיר, אָדער אַמווייניקסטן אויסהאַקן אַ פּאָר שויבן. אין אַזאַ היס־טערישן צושטאַנד האָט זי זיך לעצטנס געפונען איבער איר מאָנס שטייגער לעבן. דאַכט זיך, וואָס האָט דער מענטש אַזעלכעס געזאָגט: „אַ רעגנדיקער וועטער היינט", אָבער דאָס איז געווען גענוג אַרויסצוברענגען סאָפיען פון איר גלייכגעוויכט. זי האָט זיך אָבער קאָנטראָלירט, ווי אַלע־מאָל, און בלויז פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

— מאָרגן, — האָט סאָפיע געטראַכט — ווען עס וועט זיך אויסליי־טערן און ווערן שיין, וועט ער אַהיימקומען און מיר אָנזאָגן די גוטע בשורה: „אַ שיין וועטער היינט". און ווען ס'פאַלט אַ שניי, קומט ער אַריין אין הויז און זאָגט מיר, אַז עס שנייט היינט, פּונקט ווי איך וואָלט געווען בלינד און ניט געזען וואָס פאַר אַ וועטער עס איז.

און אַזוי יאָר איין, יאָר אויס . . . צען לאַנגווייליקע יאָרן ציען זיך שוין אַזוי אָן איבעררייס . . . גאָט, ווי שרעקלעך לאַנגווייליק עס איז איר מיט אים!

וואָלט כאָטש געווען אַ קינד! וואָלט זי כאָטש געוואוינט אין אַ גרוי־סער שטאָט! וואָלט זי שוין ווי עס איז פאַרטריבן דעם לאַנגוויל, אָבער דאָ, אין דעם קליינעם שטעטל, וואו אַלץ גייט מיט אַזאַ לאַנגזאַמען טעמפּאָ, ווערט איר פון יאָר צו יאָר ענגער.

לעצטנס פילט זי, אַז דאָס וועט איר טרייבן צו משוגעת. זי פילט, אַז לאַנג אַזוי ציען, וועט זי ניט קענען. וואָס אייגנטלעך זי וויל טאָן, האָט זי נאָך אַליין קלאָר ניט געוואוסט, נאָר עפּעס מוז געשען, אַז עס זאָל קומען אַן איבערבייט אין איר לעבן.

סאָפיע האָט געגעבן איר מאַן עסן. געגעסן האָבן זיי שטיל, ניט גע־וועזן וועגן וואָס צו ריידן. נאָכן עסן איז ער אַוועק שפּילן אַביסל שאַך מיט ניק דעם באַרבער. שפּעטער, אין אָוונט, האָט ער זיך צוריקגעקערט אַהיים. סאָפיע איז שוין געלעגן אין בעט, געהערט, אַז ער קומט, האָט זי שנעל פאַרדרייט די ליכט. זי האָט געהערט ווי איר מאַן איז אַריין אין קיך, און דאָרט זיך אָנגעוואָרעמט אַ גלאָז מילך. אַזוי גייט דער רוטין יעדן אָוונט פאַרן שלאָפן גיין. באַלד איז ער אַריין אין שלאָף־צימער. סאָפיע האָט זיך איינגעהאַלטן פון אַ דריי טאָן זיך אויפן געלעגער. זי האָט ניט גע־וואָלט, אַז ער זאָל וויסן, אַז זי איז וואַך און אָנהייבן צו איר ריידן וועגן וועטער . . . אַזוי אָבער וועט ער שוין, ווי אַלע מאָל, זיך אויסטאָן אין דער פינצטער, כדי איר ניט אויפצואוועקן פון שלאָף.

און אַלע מאָל, ווען ער נעמט זיך אויסטאָן, נעמט זי ציילן שטיל אין זיך, פון לאַנגוויל וועגן, און היינט האָט זי אויך געציילט, און זי ווייסט שוין, אַז דאָס ערשטע טוט ער אויס די שיך, אַזוי, אַז ווען זי האַלט ביים ציילן צען, פאַלט דער ערשטער שוך, ביי די צוויי און צוואַנציק פאַלט דער צווייטער שוך, ווען זי האַלט ביי פופציק, טוט ער אויס דעם שניפּס, און אַזוי ביז זי ציילט אָפּ הונדערט און צוועלף, איז ער איבגאַנצן אויסגעטאָן.

אויך איצט האָט זי אָפּגעציילט הונדערט און צוועלף און ער ליגט שוין אין בעט. זי וועט נאָך ציילן ביז צוויי הונדערט, וועט ער שוין גע־שמאק שלאָפן און לייכט אונטערכראָפּען.

סאָפיע איז נאָך וואַך און איר מאַן שלאָפט שוין געשמאַק. איינמאָל פאַר אַלע מאָל — טראַכט זי — מוז נעמען אַן ענדע. עס קאָן מער אַזוי ניט גיין. האָט זי אים פיינט ? ניין! זי האָט אים אָבער אויך ניט ליב. זי איז אויסערגעוויינלעך גלייכגילטיק צו אים.

אַז זי נעמט איבערטראַכטן וועגן פאַרלאָזן אים, נעמט איר אַרום אַ מאָדנער רחמנות. זי זעט אים אַזאַ אומבאַהאָלפענעם, אַ פאַרלאָזענעם, וואָס דרייט זיך אַרום אויף דער וועלט ווי אַן איבעריקער און גייט איין פון טאָג־צו־טאָג. אין איר פאַנטאַזיע זעט זי ווי דער מענטש גייט אונטער.

ביין, זי וועט זיך אָבער מער ניט לאָזן פאַרפירן פון דעם רחמנות־געפיל! מען קען דאָך מיט אַ מענטשן ניט אָפּלעבן אַ לעבן נאָר דערפאַר ווייל מ׳האָט אויף אים רחמנות. זי וועט אים אויף אַן איידעלן אופן דערקלערן, אַז לענגער אַזוי לעבן מיט אים, קען זי ניט. זי האָפט, אַז ער וועט פאַרשטיין. זיי וועלן זיך צעגיין ווי פריינט, אויב נישט אויף שטענדיק, איז כאָטש אויף אַ שטיקל צייט, און זיי וועלן זען ווי אַזוי זיי וועלן ביידע פילן. מיט דעם געדאַנק איז זי, אַ באַרואיקטע, איינגעשלאָפן.

ווען סאָפיע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, איז איר מאַן שוין לאַנג געווען אין אָפיס. האָט זי אַ פוילע זיך אויפגעהויבן פון בעט און מעכאַניש גענומען אַרויפציען אויף זיך אַ מאָרגן־קלייד. זי האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט אין איר נעכטיקן באַשלוס און עפּעס האָט אין איר אויפגעזונגען: יאָ, אַזוי בלייבט עס, הייַנט אָוונט, וועט זי זיך מיט אים דורכריידן. דערווייל האָט זי צוגעקליבן דאָס הויז און גענומען איבערקוקן אירע קליידער. וועלכע זאָל זי מיטנעמען מיט זיך, און וועלכע זאָל זי לאָזן? און דאָ האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז זי האָט עפּעס גאָרניט קיין קליידער. עס איז אייגנטלעך איר אייגענע שולד, האָט דאָך דער מאַן אירער אַלעמאָל זי געבעטן, אַז זי זאָל זיך קויפן פון בעסטן, נאָר איר האָט זיך גאָרניט געוואָלט.

זי דערמאָנט זיך פלוצלונג, אַז איר מאַן האָט איר געבעטן אַרונטערצוטראָגן זיין אנצוג צום שניידער. זי וועט אים אַריינטראָגן צום לעצטן מאָל, — גיט זי אַ זיפץ.

סאָפיע נעמט אַרויס דעם אַנצוג פון דער שאַפע, און ווי אַלעמאָל,ליידיקט זי אויך איצט אויס זיינע קעשענעס, איידער זי גיט דעם אנצוג אַוועק צום רייניקן. געוויינלעך זיינען זיינע טאַשן אָנגעפילט מיט פאַרשיידענע קלייניקייטן, דאָס מאָל האָט זי פון אַ קעשענע אַרויסגענומען אַ פאַרמאַכטן אַדרעסירטן בריוו, מיט אַן אָנגעקלעפּטע מאַרקע, זי האָט דערקענט איר מאַנס האַנטשריפט, און דערביי געטראַכט אַז מסתמא האָט ער פאַרגעסן דעם בריוו אַוועקצושיקן.

סאָפיע האָט איבערגעלייענט דעם אַדרעס און עס האָט איר אַ שווינדל געטאָן פאַר די אויגן. זי האָט נאָכאַמאָל געלייענט: מרס. פרענציס וויינגאַרד. זי האָט צעמישט, אַ טראַכט געטאָן: ווי קומט איר מאַן צו פרענציסן די גרושה, אויף וועלכער מען האָט אין שטאָט גערעדט, אַז זי

ווייסט ווי אַזוי צו פֿאַרדרייען אַ מאַן דעם קאָפּ . . .

נישט אַנדערש ווי ס'מוז זיין אַ טעות, ווייל באמת, ווי קומט איר שטי־לער מאַן צו דער שרייענדיקער פרענציס? און דאָ דערמאָנט זי זיך פּלוצ־לונג אין איר נעכטיקן באַשלוס און טראַכט דערביי, אַז עס דאַרף איר נישט אַרן . . . נייך, עס גייט איר ניט אָן דער גאַנצער עסק, האָט זי צוריק אַריינגעלייגט דעם בריוו אין קעשענע פון אַנצוג און איז ווייטער אַנגעגאַנ־גען מיט איר הויז־אַרבעט.

סאָפיע האָט מעכאַניש געראַמט און דערביי געטראַכט, אַז זי האָט ער־געץ געהערט, אַז ווען מען עפנט אַ בריוו דורך פּאַרע, וואָס גייט פון גע־קאָכט וואַסער, קען מען דעם בריוו צוריק פֿאַרקלעפּן, אַז מען זאָל אַפי־לו ניט דערקענען אַז דער בריוו איז שוין פריער געווען אַ געעפנטער . . .

זי האָט צוגעשטעלט אַ טשייניק מיט וואַסער, און ווען פון דעם שמאָלן העלדזל האָט גענומען זעצן אַ געדיכטע פּאַרע, האָט סאָפיע פאַרזיכטיק צו־געלייגט די געקלעפּטע זייט צו דער הייסער פּאַרע און דער בריוו האָט זיך לאַנגזאַם געעפנט. סאָפיע האָט געלייענט:

„מיין טייערע, מיין איינציקע פרענציס!

פאַר די פאַר טעג, וואָס איך האָב דיך ניט געזען און זיך געשלאָגן מיט דער דעה וואָס צו טאָן, האָב איך איבערגעלעבט אַ וועלט מיט ליידן. דאָך קען איך ניט טאָן דאָס אוממעגלעכע, איך ווייס אַז דו ווערסט, ווי אַלע מאָל, מיך רופן שוואַכלינג, דאָך קען איך ניט פועלן ביי זיך איבערצולאָזן סאָפיען, וועלכע איז אַן אומבאַהאָלפענער מענטש און אַ שוואַכע דערצו. איך ווייס אַז דער קלאַפּ וואָלט געווען פאַר איר אַ צו שטאַרקער, און איך האָב ניט דעם מוט איר אַזוי טיף ווייי צו טאָן. ווייס איך אַז דו ווערסט, ווי אַלע מאָל, מיך באַשולדיקן אַז איך האָב איר נאָך ליב, קען איך דיר פאַר־זיכערן, אַז מיין ליבע פאַר סאָפיען איז שוין פון לאַנג טויט, ליב האָב איך בלויז דיך! בלויז רחמנות האָלט מיך מיט איר, — איך וועל מאָרגן אָוונט זיין ביי דיר אין דער זעלבער צייט ווי אַלע מאָל, האָף איך אַז דו וועסט מיך פאַרשטיין און האָבן געדולד און וואַרטן.

דיין דעיוו, וואָס גייט אויס פון בענקשאַפט צו דיר.

נ. ב. דעם קומענדיקן דינסטיק פרי פאַר איך קיין ניו־יאָרק אויף עטלעכע טעג. זיי גרייט, ווייל דו ווערסט, ווי אַלע מאָל, מיטפאָרן."

ווען סאָפיע האָט געענדיקט לייענען דאָס בריוול, איז זי געבליבן זיצן אַ בלייכע. דאָס האַרץ האָט ביי איר געקלאַפּט שטאַרקער פון גרויס אויפ־רעגונג, די הענט האָבן ביי איר געציטערט.

אייגנטלעך האָט סאָפיע געדאַרפט זיין צופרידן, וואָס דער צופאַל האָט אַזוי געפירט, אַז זי זאָל איצט מיט אַ באַרואיקט געוויסן קאָנען פאַר־לאָזן איר מאַן, האָט אָבער דאָס בריוול געהאַט אויף איר אַ פאַרקערטע ווירקונג . . .

הייסט עס, אַז דעם אויבן־אָן פאַרנעמט פרענציס ! און זי איז אין שאָטן . . . זי איז די אָפּגענאַרטע און אויסגעלאַכטע . . .

וואָס טוט מען ? ! — האָט זי זיך צעמישט געפרעגט. דער ערשטער אימפּולס איז געווען : טעלעפאָנירן איר מאַן ! אים אָנזאָגן, אַז זי ווייסט אַלץ . . . זי וועט אים אויך זאָגן, אַז ער קען גיין. אויב ער וויל, זאָל ער, זאָל ער גיין צו יענער . .

נאָר ווען זי האָט שוין געהאַלטן דאָס טרייבל אין האַנט, האָט זי פּלוצ־לונג חרטה געקראָגן. ס׳האָט איר אַ בליץ געטאָן דער געדאַנק, אַז ער קען דאָך אַמאָל זאָגן : יאָ, ער גייט . . . און אויב דו ווייסט שוין יאָ, וויל איך דיר זאָגן, יאָ, ס׳איז אמת און איך וויל אַ גט . . .

ביים געדאַנק פון אַ גט האָט איר באַשלאָגן אַ קאַלטער שוויס. ס׳איז אַ נאַרישער איינפאַל, האָט זי דעריבער באַשלאָסן צו וואַרטן. ווען זי וועט קענען צוזאַמענעמען אירע געדאַנקען וועט זי זען וואָס זי האָט צו טאָן.
סאָפיע איז אַרויס אין איר קליינעם גאָרטן, וואָס האָט זיך געפונען לעבן איר הויז. די קילע לופט האָט איר אַביסל אָפּגעפרישט. זי האָט איצט געקענט קלאָרער טראַכטן.

און מיט אַמאָל האָט זי דערפילט ווי עס נעמט אין איר אויפלויכטן אַ לאַנג־פאַרלאָשן פייערל . . . עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט דערוואַכט פון אַ טיפן שלאָף . . . זי האָט איצט מיט גרויס אינטערעס און ברען נאָכגעטראַכט וואָס ווייטער צו טאָן.

— ניין, — האָט סאָפיע באַשלאָסן, — יענע וועט ביי מיר מיין מאַן ניט צונעמען . . .

זי איז אינסטינקטיוו צוריק אַריין אין הויז און איז צוגעגאַנגען צום שפּיגל און האָט זיך באַטראַכט : אָפּגעלאָזן, פאַרנאַכלעסיקט, אָבער ניט

מיאוס. ווען זי זאָל אַביסל צופאַרבן דאָס פּנים, נוצן פּאודער, פאַרקעמען שיין די האָר, וואָלט זי זיכער אויסגעקוקט שענער פון יענער . . .

זי האָט איצט, צום ערשטן מאָל אין יאָרן, דערפילט אַ שטאַרקן פאַר־לאַנג אויסצוקוקן שיין. עס זאָל נאָר ניט זיין צו שפּעט! — טוט איר אַ קלאַפּ אַ געדאַנק, און דאָ דערמאָנט זי זיך אין דעם טייל פונעם בריוו, וואו איר מאַן שרייבט, אַז בלויז רחמנות האָלט אים געבונדן צו איר . . . און דאָס טוט איר ווי ביזן ביין . . .

זי איז אַרויס אין גאַס קויפן אַ ניי קלייד, און האָט באַשלאָסן זיך ניט ווייסנדיק מאַכן וועגן בריוו.

ווען דעיוו גוטמאַן איז אין אָוונט געקומען אַהיים, איז זיין פרוי אַן אויסגעפּוצטע אים געקומען אַנטקעגן. ער האָט איר אַנגעקוקט צעמישט, און ניט געפונען קיין ווערטער, בלויז געהאַלטן אַנגעשטעלט אויף איר אַ פאַרוואונדערטן בליק.

— נו, זאָג עפּעס! — האָט סאָפיע געמאָנט.

— דו קוקסט אויס שיין, — האָט ער ענדלעך אַ געפּלעפּטער אַרויס־גערעדט.

דאָס נייע קלייד האָט גוט געפּאַסט אויף איר שלאַנקער פיגור. די האָר זיינען געווען פאַרקעמט לויט דער מאָדע, ס׳פּנים געפּודערט, די ליפּן צוגעפאַרבט רויט.

און מיט אַמאָל, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָנט, האָט דעיוו גוט־מאַן מיט איינגעהאַלטענער שרעק אַ פרעג געטאָן:

— האָסט אַוועקגעגעבן מיין אַנצוג צום פּרעסן?

— אָ, דער אַנצוג? — האָט זי זיך געמאַכט תמעוואַטע, — איך האָב פאַרגעסן. איך וועל אים מאָרגן אַרונטערטראָגן.

ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט.

— עס מאַכט ניט אויס . . . איך האָב געננג אַנצוגן . . . דאַכט זיך, — האָט ער גלייכגילטיק צוגעגעבן, — אַז איך האָב פאַרגעסן צו באַלייגן אַ בריוו, וואָס געפינט זיך אין דעם אַנצוג . . .

ער איז צוגעגאַנגען צום קליידער־שאַנק, האָט אויסגעזוכט דעם אַנ־

צוג און פון דאָרט אַרויסגענומען דעם בריוו און אים פאַרזיכטיק אַריינ־גערלייגט צו זיך אין טאַש.

— עפּעס אַ וויכטיקער בריוו? — האָט סאָפיע אַ פרעג געטאָן.

— ניין. אַ ביזנעס־בריוו . . .

ס'האָט איר אַ צופּ געטאָן ביים האַרצן. זי האָט זיך אָבער קאָנטראָ־לירט און געפרעגט:

— געפעלט דיר מיין ניי קלייד?

— דו קוקסט דאָך אויס וואונדערלעך! — האָט ער איצט אַ צופרי־דענער אויסגערופן, — ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, סאָפיע? — האָט ער איצט אויפריכטיק צוגעגעבן, — עפּעס קוקסטו היינט אויס שיין, באַלד אַזוי שיין ווי אין די טעג פון אונדזער חתונה.

— אָט טאַקע דערפאַר האָב איך מיך היינט אַזוי פאַרפּוצט.

— דערפאַר? — האָט ער ניט פאַרשטאַנען.

— יאָ, ווייל היינט ווערט פונקט צען יאָר ווי מיר האָבן חתונה גע־האַט.

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן.

— שוין צען יאָר? און איך האָב גאָר פאַרגעסן!

— איז טאַקע זייער ניט שיין פון דיר צו פאַרגעסן אַזאַ וויכטיקע דאַטע.

— אַז דאָס גאַנצע געשעפט ליגט אויף מיינע פּלייצעס, — האָט ער זיך געפילט אַביסל שולדיק.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צום טיש עסן. סאָפיע איז געווען רע־דעוודיק און צוגעלאָזן, פון וואָס איר מאַן האָט אויסגעקוקט צו האָבן שטאַרק הנאה.

נאָכן עסן האָט סאָפיע מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט און געווען בייגעריק צו זען וואָס איר מאַן וועט היינט טאָן. ווען ער האָט, ווי אַלע מאָל, זיך אָנגעטאָן זיין מאַנטל, גענומען זיין הוט און איז געווען גרייט צו פאַרלאָזן ס'הויז, האָט זי מיט אַ געמאַכטער רואיקייט אַ פרעג געטאָן:

— וואו גייסטו?

פון דער אומגעריכטער פראַגע איז דעיוו געוואָרן אַביסל צעמישט.

ער האָט אָבער קאַלטבלוטיק און טרוקן אַ זאָג געטאָן:

— צו ניק דעם באַרבער, שפּילן אַביסל שאַך.

— היינט ?! — האָט זי אַ באַלײדיקטע אַרויסגערעדט, — ווען ס׳איז אונדזער צען יאָריקע „אַניווערסערי״?

ער איז געבליבן שטיין צעמישט, נאָר באַלד האָט ער זיך געכאַפּט און געענטפערט:

— אַז דו ווילסט דאַך קײנמאָל ניט גיין אין ערגעץ.

— היינט וויל איך יאָ. ס׳איז מיר שוין מיאוס געוואָרן צו זיצן מיט די פיר ווענט, ביסט דען ניט צופרידן וואָס איך וויל מיט דיר מיטגיין ? — האָט זי אַ געקרענקטע געפרעגט.

— נו, אַוודאי בין איך צופרידן.

נאָר סאָפיע איז עפּעס ניט געווען זיכער אין איר מאַנס צופרידנקייט.

— וואו ווילסטו גיין ? — האָט ער אַ רעזיגנירטער געפרעגט.

— מיר וועלן גיין אין „פּאַלאַס״ זען דאָס נייע בילד, וואָס האָט ערשט היינט אָנגעפאַנגען שפּילן.

און מאַן און ווייב זיינען אַרויס פון הויז.

זינט יענעם אָוונט איז אַוועק אַ וואָך. פאַר סאָפיען איז דאָס געווען אַ פיבערהאַפטע וואָך, מיט נייע איבערלעבונגען. דורך דער וואָך איז זי אָפט געגאַנגען צוזאַמען מיט איר מאַן זען אַ בילד, זען פריינט, אָבער צוויי מאָל דורך דער וואָך איז ער געגאַנגען צו ניק דעם באַרבער... זי ווייסט אָבער גוט אַז דאָס איז ניט „ניק״, נאָר „פרענציס״ . . .

זי האָט אָבער באַשלאָסן ניט צו פאַרלאַנגען צופיל אויף איין מאָל. זי לייגט איר גאַנץ געוויכט אויף מאָרגן, עס הייסט אויף דינסטיק, ווען איר מאַן פאָרט קיין ניו־יאָרק, און זי ווייסט גוט אַז די פּלענער זיינען, אַז יענע זאָל מיטפאָרן.

ס׳איז מאָנטיק אָוונט. סאָפיע, אַן אויסגעפּוצטע, אַ נערוועזע, פּונקט ווי אין די טעג ווען זי האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט באַקאַנט מיט איר מאַן, זי וואַרט אויף אים. איר האַרץ קלאַפּט שטאַרקער ווען זי דערהערט זיינע טריט. ער קומט אַריין, גייט צו צו זיין פרוי, גיט איר אַ קוש אין שטערן.

— זעסט, — ווייזט אים סאָפיע שוין ווידער אַ נײ קלייד, — איך ווער אַן אויסברענגערין.

— טראָג עס געזונטערהייט, — שמייכלט ער צופרידן.

— ווילסט גאָר ניט וויסן וויפיל ס׳קאָסט?

— ניין, אַבי דו קוקסט אויס גוט.

— גוט געגוג מיטצופאָרן קיין ניו־יאָרק?

— איך פאַרשטיי ניט . . . וואָס מיינסטו? — ווערט דעיוו אַביסל צעטומלט.

— האָסט מיר נאָך לעצטע וואָך געזאָגט, אַז דו קלייבסט זיך פאָרן קיין ניו־יאָרק אויף עטלעכע טעג. וואָלט איך וועלן מיטפאָרן.

— אָ, דאָס? זיכער! אויב איך וועל פאָרן, וועסטו מיטפאָרן, אָבער גראָד איצט דאַרף איך שוין ניט פאָרן . . . איך האָב אויסגעפונען, אַז די גאָר וויכטיקע ביזנעס קאָן איך דערליידיקן אין דער היים.

# אַן אַלט פּאַר־פאָלק

ציפּע, אַן איינגעבויגענע, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און אויסגעלאָשענע אויגן, שלעפּט זיך איבער דער שטוב און קוקט מיט מורא אויפן וואָלקנדיקן הימל, וועלכער זאָגט אָן אויף רעגן. ס'איז צווישן טאָג און נאַכט. די וואָלקנס ווערן געדיכטער. אין הויז ווערט טונקעלער. גרויע שאָטנס טאַנצן אַרום אויף די ווענט. ציפּע קוקט מיט אומרואיקע אויגן צו דער טיר, אפשר קומט איר „אַלטער".

ער האָט שוין לאַנג געדאַרפט זיין אין דער היים. געוואָרן אַ הענדלער אויף די עלטערע יאָרן! צו וואָס דאַרף מען דאָס? — טראַכט ציפּע מיט גאַל, — זיי האָבן, געלויבט דעם אויבערשטן, אָפּגעשפּאָרט אויף דער עלטער. די קינדער העלפן אויך. ווייל ער אָבער נישט זיצן מיט „פאַרלייגטע הענט", פאָרט ער יעדן טאָג דאַון־טאַון, קויפט אָפּ רעשטלעך סחורה און פאַרקויפט דאָס גלייך פון האַנט און פאַרדינט דערביי אַ דאָלער, אַמאָל צוויי. ס'וואָלט איר ווערט געווען מער ווי צוויי טאָלער, — טראַכט זי פאַרביטערט, — ווען ער זיצט מיט איר אין הויז, נאָר גיי טענה, אַז דער אַלטער אירער קאָן נישט איינזיצן.

ס'איז מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק פינצטער. ציפּע איז אַריין אין שלאָף־צימער. אַ יאָרצייט־ליכטל האָט געברענט נאָכן שווער, עליו־השלום. פונעם צאַנקענדיקן ליכטל האָבן שאָטנס אַרומגעטאַנצט אויף די ווענט און האָבן נאָך שווערער געמאַכט ציפּעס געמיט, האָט זי אָנגעצונדן דעם לאָמפּ מיטן רויטן אַבאַזשור, וואָס שטייט אויפן נאַכט־טישל.

די שטוב האָט אויפגעלויכטן מיט אַ ראָזעווען שיין און האָט פאַרייאָגט ציפּעס אומעט און מורא פאַר די דונערן און בליצן.

זי זעצט זיך אויפן וויג־שטול, וואָס שטייט צווישן די צוויי בעטן. דאָס איינציקע אַלט שטיקל מעבל, וואָס איז איר פאַרבליבן פון באַלד נאָך דער חתונה. איר בליק פאַלט אויף דער וואַנט אַנטקעגן, וואו עס

הענגען אין באַגילדערטע ראַמען צוויי גרויסע בילדער, וואָס זיינען פאַר־
גרעסערט געוואָרן פון קליינע פאָטאָגראַפיעס : ע ר און ז י .

ציפּע רוקט אַרונטער אירע ברילן איבער דער נאָז און קוקט אַריבער צו די בילדער מיטן לינקן אויג האַלב צוגעמאַכט. אַלע מאָל ווען עס ווערט איר שטאַרק אומעטיק, האָט זי ליב אַזוי צו זיצן און קוקן אויף זייערע ביידנס פאָטאָגראַפיעס, וועלכע ברענגען צוריק זכרונות פון אירע מיידלשע יאָרן. די בילדער האָבן זיי גענומען חתן־כלהווייז. זיין האַלדז איז איינגעפּרעסט אין אַ האַרטן ווייסן קאָלנער. אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ „שאַפּקע", אַזאַ הויך קאַראַקולן היטל, פאַררוקט אַביסל אויף אַ זייט און ער שמייכלט מיט אַ פּאָר ליכטיקע אויגן. אויפן צווייטן בילד איז זי. איין באַק איז ביי איר שוואַרץ, די צווייטע — ווייס. די אויגן קוקן אויס צעשראָקן. די האָר זיינען פאַרקעמט הויך, אין אַ פּאָמפּאַדור. איר ברוסט האַלט זי אויסגעשטרעקט. אַנגעטאָן איז זי אין שוואַרצן זיידענעם קלייד מיט די שפּיצן, וואָס מען האָט איר געמאַכט צום אויסשטייער. אויפן בוזים ביי איר הענגט אַ גאָלדן קייטעלע מיט אַ זייגערל, און ביי דער זייט איז צוגעשפּיליעט אַ בראָשקע. דאָס זיינען אַלץ געווען אירע כלה־מתנות.

דאָס בילד איז נאָך גענומען אין דער היים.

באַלד נאָך דער חתונה זיינען זיי אַוועק קיין אַמעריקע.

ציפּע רוקט אַראָפּ די ברילן נאָך נידעריקער, און עס דאַכט זיך, אַז אָט באַלד וועלן זיי אינגאַנצן אַראָפּפאַלן פון דער נאָז. זי שטעלט אָן איר בליק אויף דער צווייטער וואַנט, וואו עס הענגען בילדער פון אירע קינדערס טעכטער, זין, שניר, איידעמס און אייניקלעך. זי באַטראַכט זיי מיט גרויס הנאה, נאָר אָט שטעלט זי אָפּ איר בליק אויף אַ יונגן סאָלדאַט. אַ פּנים בלוט און מילך. דאָס איז איר אייניקל דזשאָו, אַ מאַרין. איר פּנים ווערט פאַרצויגן מיט טרויער. די אונטערשטע ליפּ ציטערט ווען זי רעדט אַרויס : „רבונו של עולם, איך בעט דיך, דו זאָלסט אים אַהיימשיקן בשלום, אַ געזונטן אויף אַלע אברים. אָמן !"

ס'האָט אַ בליץ געטאָן. דאָס צימער האָט אויפגעלויכטן און באַלד האָט זיך דערהערט אַ קראַך פון אַ שטאַרקן דונער. ציפּע איז אויפגע־שפּרונגען אַ דערשראָקענע און איז געווען גרייט זיך צו באַהאַלטן, נאָר האָט אויף דער מינוט נישט געוואוסט וואו.

ווען זי איז געווען אַ כלה־מיידל, פלעגט זי אַרונטערקריכן אונטערן בעט און זיך באַהאַלטן און פלעגט דאָרטן אָפּליגן ביז עס האָט אויפגע־הערט צו דונערן און בליצן, און עד־היום ציטערן ביי איר הענט און פיס ווען עס רוקט זיך אָן אַ שטורעם.

וואָס האָט געקאָנט פּאַסירן מיט איר שלמהן ? איר גאַנץ ביטער האַרץ וועט זי אויסלאָזן צו אים. זי ווייסט שוין אָבער אין פאָראויס וואָס ער וועט איר זאָגן : „ער האָט באַגעגנט אַ מאַן". אַלע מאָל ווען ער קומט אַהיים שפּעט, האָט ער דעם זעלבן תירוץ : „באַגעגנט אַ מאַן". ער האָט ליב צו שמועסן ווי אַ אידענע, — טראַכט זי מיט ליבשאַפט וועגן איר מאַן, און זי ווייסט שוין אויך, אַז זי וועט זיך מיט אים נישט קריגן, ווייל זי איז צופרידן ווען זי דערזעט אים און ער נעמט איר אויס־דערציילן וועגן זיין בייטאָגעדיקן האַנדל און וועגן די מענטשן וועלכע ער האָט באַגעגנט, וואָס ער האָט געזאָגט, וואָס זיי האָבן געענטפערט, און עס איז טאַקע דאָ וועגן וואָס צו רעדן . . .

דער שטורעם האָט זיך איינגעשטילט. ס'איז בלויז געפאַלן אַ דראָבנער רעגן. ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט און ער איז נאָך אַלץ נישט געקומען. ציפּעס כעס איז געוואַקסן. די מורא פאַר די דונערן און בליצן האָבן איר אָפּגעשוואַכט און איבערגעלאָזט אַן אויסגעשעפּטע. היינט האָט זי באַשלאָסן אים צו געבן אַ חלק, אַז ער זאָל איר האָבן צו געדענקען. איינמאָל פאַר אַלע מאָל, זי וויל נישט, אַז ער זאָל אַרומשאַר־לאַטאַנעווען . . . ס'איז אייגנטלעך איר שולד, אַז זי זאָגט אים קיינמאָל גאָרנישט. זי דערמאָנט זיך אין די יונגע יאָרן פון באַלד נאָך זייער חתונה . . . געבנוג גאַל־עסעניש און געבנוג האַרץ־ווייטיק האָט זי גע־האָט פון אים . . . אָבער דאָס איז דאָך געווען לאַנג צוריק, אַמאָל . . . אַמאָל . . . עס ווייזט איר איצט אויס ווי אַ בלאַסער חלום.

זי האָט דערהערט שלעפּעדיקע טריט און דערקענט איר אַלטנס גאַנג. באַלד האָט זיך געעפנט די טיר און איר שלמה איז אַריין. אַ הויכער, אַ גלייכער, מיט אַ רעגנשירעם אין האַנט. די גרויע האָר זיינען געווען נאַס פון רעגן. ער האָט אַרונטערגענומען די ברילן, וואָס זיינען אין שטוב פאַרלאָפן געוואָרן מיט פּאַרע, און מען האָט דערזען טיפע קנייטשן הינטער די אויגן.

— אַ רעגן אַביסל, — האָט ער אַ וואָרף געטאָן אַ וואָרט.

— און וואו איז מען דאָס געווען אַזוי שפּעט אין אַזאַ גאַסרעגן ?
— האָט ציפּע געפרעגט אָן אויפגערעגטע.
— איך האָב באַגעגנט אַ מאַן.
— אַהאַ, אַ מאַן . . . אַלע מאָל באַגעגנט ער אַ מאַן ! וואָלסט בעסער געזעסן מיט דיין אַלטער אין הויז און מיך נישט געלאָזט אַליין ווי אַ הונט, וואָלסטו גלייכער געטאָן ווי זיך צו באַגעגענען מיט אַ מאַן.
— אָבער איך האַנדל דאָך, — פּרובירט ער זיך ווערן.
— ווער דאַרף דיין האַנדל־שמאַנדל ? — ווערט זי אַלץ מער אין כעס . . .

איר שטימע איז געשפּאָלטן פון איינגעהאַלטענע טרערן. זי ווערט מיט אַמאָל שוואַך און ווייבעריש צעקראָכן, און פּלוצלינג פּלאַצט זי אַרויס:

— ביזט אַ מערדער, אַ באַנדיט און אַ שאַרלאַטאַן ! —און אַנט־לויפט צוריק אין שלאָפצימער.

ער בלייבט שטיין אַ צעטומלטער און דערפילט דערביי ווי עס הייבט זיך אויף אַ לאַנג־פאַרגעסענע סצענע, וואָס שמעקט מיט יונגע יאָרן. אירע ביטערע רייד, אַז ער איז אַ באַנדיט, אַ מערדער, אַ שאַר־לאַטאַן, דערפרישן זיין האַרץ. ער דערפילט אויף זיין פּנים אַן ארויס־רופנדיקן שמייכל, און עס דאַכט זיך אים, אַז ער איז מיט אַמאָל יונגער געוואָרן . . . ער נעמט זיך אַליין עסן וועטשערע. די אַלטע זיינע קומט נישט אַריין אין קיך. זי איז ברוגז. ווען ער לייגט זיך שלאָפן, דער־זעט ער פּלוצלינג אַ נאַקעטע פּלייצע פון זיין ווייב. ציפּע ליגט אויס־געדרייט צו דער וואַנט און ער קאָן נישט כאַפּן איר בליק, און ווייסט נישט צי זי איז וואַך, אָדער זי שלאָפט. איר פּלייצע וועקט אויף אין אים אַ מאָדנעם זיסלעכן ציטער. זי וואַקסט פּלוצלינג אויס פאַר אים ווייט און פרעמד און אים דאַכט זיך, אַז זי האָט מורא פאַר אים . . . זי שעמט זיך פאַר אים. „איך בין אַ באַנדיט, אַ מערדער, אַ שאַרלאַטאַן", — קלערט ער, — „און זי איז אַ שוואַכע פרוי". ער דערפילט אַ פאַר־לאַנג זי אַרומצונעמען, זי צודריקן צו זיין מענערישער ברוסט. אים ווייזט זיך איצט אויס, אַז זיינע דאַרע קנאָכיקע גלידער זיינען אָנגעגאָסן גע־וואָרען מיט אַ שטאַרקער קראַפט. ער גייט אַרויס פון זיין בעט, גייט צו אויף די שפּיץ־פינגער צו זיין ווייב, בויגט זיך איין און זעט, אַז זי

שלאָפּט. די אויגן־דעקלעך אירע זיינען בלוי און איינגעשרומפּן. זי קוקט אויס ווי אַ שוואַך הינדל. ער בויגט זיך איין טיפער און וויל איר אַ קוש טאָן, אָבער דאָ דערזעט ער די שוואַרצע שאָטנס, וועלכע קנוילן זיך אויף די ווענט פון דעם צאַנקענדיקן יאָרצייט־ליכט, וואָס ברענט נאָך זיין פאָטער.

עס באַפאַלט אים מיט אַמאָל אַ שרעק, און עס ווייזט אים אויס, אַז די טאַנצנדיקע שאָטנס אויף די ווענט לאַכן פון אים. שאַרט ער זיך צוריק אַריין אין בעט, און זיין ציטערדיקע האַנט ציט אַריבער די קאָלדרע איבערן קאָפּ.

# אין אַ גרויען טאָג

דער וועקזייגער האָט זיך שטאַרק צעקלונגען, אָנגעזאָגט דער האַלב־שלאָפנדיקער רחלען, אַז עס איז שוין צייט אויפצושטיין. זי האָט אויפ־געעפנט די אויגן, און עס איז איר אויסגעקומען עפּעס מאָדנע, זי האָט גע־האָט אַ געפיל פון זיין שוואַך און ניט־אויסגעשלאָפן.

זי איז געלעגן און געקוקט פאַר זיך ווי אויף אַ פרעמדער וואַנט. די אויגן האָבן זיך געקלעפּט, זי איז פול געווען מיט שלאָף, און עפּעס אַלץ אַרום איז ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין. זי האָט פונדעסטוועגן געכאַפּט אַ קוק אויפן זייגער — „זיבן". שוין צייט אויפצושטיין! אָבער זי האָט באַשלאָסן צו פוילן זיך נאָך אַ צען, פופצן מינוט; זי וועט עס שפּעטער דעריאָגן.

זי האָט פאַרמאַכט די אויגן, אָבער שלאָפן האָט זי שוין ניט געקענט, ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט נאָך פאַרשפּעטיקן. זי האָט זיך איינגעענורעט אין דער וואַרימער קאָלדרע און מיטן גאַנצן לייב געפילט דאָס פאַרגעניגן פון פוילן זיך.

— פאַראַן מענטשן, וואָס דאַרפן זיך ניט איילן אויפשטיין, — האָט זיך איר אַ טראַכט געטאָן, און עס האָט זיך איר איצט געוואָלט זיין איינע פון זיי. ס'איז איר אויך אַרויף אויפן זינען, אַז דייוו גערטזאָן געהערט צו די, וואָס דאַרפן זיך ניט איילן, כאָטש ער וואָלט אַמאָל וועלן הערן דעם קלאַנג פון אַ וועקזייגער. דערביי פלעגט ער נאָך מיט אַ שמייכל זאָגן: „אַז אויב זי וויל, קען זי איר זייגער אויך אַוועקוואַרפן" . . . אָבער וואָס טראַכט זי וועגן אים? — ער, וואָס האָט איר לעצטנס אַזוי פיל שלאָפלאָזע נעכט פאַרשאַפט. סיי־ווי־סיי איז צווישן זיי אַלץ געענדיקט. זי האָט אים דאָך נעכטן אָוונט אָנגעזאָגט, אַז זי וויל פון אים קיינמאָל ניט הערן אַזעל־כע רייד, און זאָל ער זי ניט וואָגן מער אָפּצורופן. און גוט טאַקע וואָס ביי זיי אין הויז איז ניטאָ קיין טעלעפאָן און אין קענדי סטאָר וועט זי מער ניט יואַרטן. און ווען מען וועט זי רופן, וועט זי ניט אַרונטערגיין.

— רחל, שלאָפסט נאָך? — האָט זי געהערט איר מוטערס שטים.
— איך שטיי שוין אויף, מאַמע.
— עס איז שוין שפּעט.

די מאַמע האָט זיך פאַרהוסט מיט אַן אַסטמאַטישן הוסט, און עס האָט רחלען אַ נעם געטאָן ביים האַרצן; זי האָט זיך גיך אויפגעהויבן, אַרויס פון בעט, דערפילט אַ פוילע קעלט, גיך אויף זיך אַרויפגעוואָרפן די קי־מאָנע, און זיך געווענדט צו דער מוטער:

— איך האָב זיך אַביסל פאַרשלאָפן.

אין די פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ גרויער פרימאָרגן. אַ שווע־רער אָנגעלאָדענער הימל איז געהאַנגען איבער אַ ים דעכער און גע־סטראַשעט מיט רעגן.

זי האָט זיך איינגעוואַשן, דערנאָך אַריין אין קיך אָנוואַרימען קאַווע, באַלד זיך גענומען אָנטאָן, איילנדיק אַ ביס געטאָן אַ זעמל, אַ שלונג געטאָן דאָס ביסל קאַווע, און באַלד געווען אויפן וועג צו דער סאָבווי.

אין סאָבווי איז זי ניט אַריין מיט איר אייגענעם ווילן, נאָר אַריינגע־שפּאַרט געוואָרן פון אַן אַנלויפנדיקער כוואַליע, אומגעלומפּערט־איילנ־דיקער „מענטשהייט”. אין ענגשאַפט און שטופּעניש האָט איר אימיצער פאַררוקט די העטקע אויף אַ זייט, אַזוי, אַז זי האָט עס געהאַלטן אינגאַנצן ביים פאַרלירן, האָט זי געוואָלט אויפהייבן אַ האַנט און פאַרריכטן און ניט געקענט; זי איז געווען אין קלעם צווישן אַ כוואַליע פרעמדע קערפּערס און זיך אַפילו ניט געקענט אַ ריר טאָן.

ביי דער צווייטער סטאַנציע האָט זי זיך ענדלעך דערשלאָגן צו אַ הענטל, און אַזוי שטייענדיק, האָט זי אין די פענצטער פון דער לויפנדיקער סאָבווי, דערזען עפּעס אַ קאָמיש מיידל, — און דאָס איז זי. רחל האָט צו זיך אַליין געשמייכלט און זיך אין געדאַנק פאַרגליכן מיט דער מיידל פון נעכטן אָוונט, ווען זי איז געזעסן אַזוי פאַרטרויליך מיט דייוו גערט־זאָן אין נאַכט־קלוב, „קאַסינאָ אינטערנאַציאָנאַל”, — דאָרטן איז זי גע־ווען גאָר אַן אַנדערע, דאָרטן איז זי געווען ראַשעל, ניט רחל, ווי די מאַ־מע רופט איר, און דער קאָנטראַסט האָט איר איצט ווייט אָוועקגעטראָגן עס איז איר אויסגעקומען ווי אַ פאַרגייענדיקער חלום, שוואַך, וואָס האַלט אינגאַנצן ביים פאַרשווינדן פון זכרון.

דאָרטן, אין נאַכט־קלוב, האָט זי זיך פון אָנהייב געפילט פרעמד און



אַז ער האַלט ניט פון חתונה האָבן . . .

ווי ניט אין פלאַץ. דאָס האַלב־ליכט, דער האַלב־פאַרשטיקטער טומל, די אונטערגעשטראָכענע יום־טובדיקייט, די איבערגעפוצטע פרויען און מענער, די ווייכע שמאַכטנדיקע מוזיק פון אַן אָרקעסטער, דער ליאַרעמ־דיקער און קייכנדיקער „סווינג"־אָרקעסטערביים טאַנצן, דאָס אַלץ האָט איר אַ היפּש ביסל צעטומלט.

אָבער נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעטרונקען דעם ערשטן „קאָקטייל", איז איר עפּעס געוואָרן וואַרימער, זי איז געוואָרן מוטיקער און זיך גע־נומען פילן אין פלאַץ. זי האָט גאָר געקוקט פרייער און אינגאַנצן פאַר־געסן אין שאַפּ, אין דער הוסטנדיקער מוטער און פאַרהאָרעוועטן טאָטן. און ווען זי האָט געטאַנצט מיט דייוון, איז איר עפּעס געווען אַזוי גוט און וואויל, און זי האָט געוואָלט, אַז דער טאַנץ זאָל גאָרניט אויפהערן, זאָל זיך ציען און ציען.

דייוו גערטזאָן איז פאַר איר געווען אי אַ קוואַל פון גליק, אי אַ קוואַל פון אַנגסט. אָט איז זי מיט אים געווען אויפן זיבעטן הימל און אָט האָט עפּעס אַ שטאַרקע אומצופרידנהייט שווער געדריקט איר האַרץ. דער גע־דאַנק, אַז צווישן זיי קאָן עפּעס ערנסטעס פאַרקומען, האָט אָבער אין איר אויך דערוועקט אַ ספק! קאָן עס פּאַסירן, אַז ער זאָל איר פאַרשלאָגן צו ווערן זיין פרוי? עפּעס האָט זיך איר דאָס ניט געגלויבט. עס וואָלט געווען צו גוט, און איר פרויען־אינסטינקט האָט איר אונטערגעזאָגט זיך צו האַלטן מיט געוויסער פאַרזיכט — אָבער?

דייוו האָט איר אינגאַנצן באַהערשט. זיין שיין אויסזען, זיין קאָרעק־טע האַלטונג, זיין רעדן, אַלץ אין אים האָט געשטימט מיט איר פאַרשטע־לונג וועגן אַן אמתן מאַן. און ער, ווי ס'האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז אויך געווען זייער צוגעלאָזן צו איר און עס אָפן געלאָזט פילן, ער האָט זיך צו איר באַצויגן מיט אַ פיין געפיל און איינזען, אָבער איר האָט זיך געדאַכט, אַז עס איז ניט דאָס, אַז אַ באַהאַלטענער געדאַנק ליגט אונטער דער אוי־בערפלאַך, און אַז ער וויל אויסנוצן איר שוואַכקייט אויף אַ שטייגער, וואָס עס וואָלט אַנגערירט איר שטאָלץ און זי האָט עס אים געלאָזט פילן. און ווי איר האָט זיך געדאַכט, איז צווישן זיי געוואָרן אַלץ אויס.

און דאָס האָט איר איצט פאַרדראָסן ביז ווייטיק.

די סאָבוויי האָט אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן. אימיצער האָט אויף איר זיך אָנגעשפּאַרט. איר אָפּגעטראָטן אַ פּוס. עס האָט איר פאַרקלעמט ביים

הארצן. זי האָט כסדר געקוקט אין פענצטער, געזען פייערלעך פאַרביי־לויפן, געהאַט אַ געפיל, אַז זי טראָגט זיך אין ערגעץ, — אָבער וואוהין? אַלץ איז אַזוי גרוי און וואָכעדיק.

אַביסל שפּעטער האָט זי זיך געשטאַרקט, באַשלאָסן ניט מער וועגן אים צו טראַכטן — גענוג!

אין שאַפּ איז די אַרבעט ביי איר ניט געגאַנגען. די הענט זיינען געווען ווי פאַרפרוירן און אַלץ איז פון זיי געפאַלן. דערצו איז זי געווען מיד און ניט דערשלאָפן, און דער טאָג אין דרויסן איז געווען אַזאַ גרויער. דער געדאַנק, אַז זי דאַרף אָפּזיצן אַ גאַנצן טאָג אין איר איצטיקן געמיט־צושטאַנד, האָט נאָך אַלץ אויסגעלענגערט און אויסגעצויגן. געמאַכט אַזוי שווער און קריכנדיק. זי דאַרף דאָ זיצן, אַרבעטן שווער און פאַרדינען אַזוי ווייניק און דייוו וואַרפט זיך דאָ אַזוי מיט געלט, גלייך ווי עס וואָלט קיין ווערט ניט געהאַט . . . פאַרן געלט וואָס ער פאַרשווענדט, וואָלט זי געקענט שיקן איר מוטער אין אַריזאָנאַ, זי זאָל פאַרבעסערן איר געזונט, און ער, דייוו . . . אָבער זי טראַכט שוין ווידער פון אים?! ניין, מער וועט זי וועגן אים ניט טראַכטן.

אויפן וועג אַהיים איז זי געבליבן שטיין לעבן אַן עלעגאַנט געשעפט אויף דער פינפטער עוועניו, געקוקט אויף די פאַרפּוצטע וואַקסענע פיגורן — איבערהויפּט איז איר מיט קנאה־פולער בליק געבליבן שטיין אויף אַ שוואַרצער סאַמעטענער קלייד, געפּוצט מיט ווייסע גאַרדיניעס. זי האָט זיך אויף אַ ווײַלע פאַרגעשטעלט אַז זי איז אַליין אויפן פּלאַץ פון אָט־דער וואַקסענער פיגור.

און די שטייפע פיגור מיט אירע שטאַר־קוקנדיקע אויגן און לעבלאָזע בלאָנדע האָר איז פאַרשוואונדן, איר פּלאַץ אין דעם רייכן סאַמעטענעם קלייד האָט פאַרנומען זי — זי, רחל, מיט אירע גרויסע וואַרימע ברוינע אויגן און שוואַרץ־טאָקיגע האָר. זי האָט זיך אַזוי אַריינגעלעבט אין גע־דאַנק, אַז עס האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי שטייט אין פענצטער און שפּיגלט זיך מיט דעם רייכן קלייד אויף זיך. און איז דאָס קליידל ניט אַביסל צו לאַנג? זי האָט זיך אינסטינקטיוו פאַרמאָסטן עס אויפצו־הויבן און מאַכן עס אַביסל קירצער, נאָר דאָ האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי שטייט פאַר אַ קאַלטער שויב, אויף וועלכער עס שפּרייט אַ רעגן.

דער רעגן האָט גענומען נידערן מיט מער אימפּעט און זי האָט גע־

נומען לויפן צום סאַבוויי. ביז זי האָט דערגרייכט די סטאַנציע איז זי אײנגאַנצן דורכגענעצט געוואָרן.

אין וואַגאָן איז געווען ענג. זי האָט קיין פּלאַץ ניט געפונען. די פּייערלעך האָבן עפּעס געבערענט אַזוי אומעטיק. רחל האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן הענטל, פאַרמאַכט די אויגן און ווידער איז פון ערגעץ אַרויסגעשוואו־מען דער נעכטיקער אָוונט אין דער „קאַסינאָ אינטערנאַציאָנאַל": די מוזיק שפּילט אַזאַ ווייכע מעלאָדישע טאַנגאָ, דייוו זיצט האַרט לעבן איר און עס איז איר גוט, אָן אנגעגנעמער שוידער גייט דורך איר לײַב, און דייוו האָט צו איר אַזוי גלעטנדיק גערעדט און איר פאַרגעשלאָגן, אַז זי זאָל גיין צו אים נעכטיקן, און ווען זי האָט אַזוי פאַרחידושט אויף אים אַ קוק געטאָן, האָט ער איר דערקלערט, אַז ער האַלט ניט פון חתונה . . . ווייל חתונה פירט אין אַ לאַנד פון גרויקייט און וואָכעדיקייט. אַזוי וועט זי זיין אַ געליבטע, און עס איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד פון אַ געליב־טער ביז אַ ווייב . . .

זיינע רייד האָבן געקלונגען פרעמד אין אירע אויערן און זי האָט זיך אויפגעהויבן ווי פון אַ טשאַד, געזאָגט אַז זי וויל מער ניט הערן — און איז אַוועק. דערנאָך האָט זי אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן . . .

אָבער וואָס טראַכט זי ווידער וועגן אים? זי האָט דאָך באַשלאָסן מער וועגן אים ניט צו טראַכטן . . .

עס איז איר אַרויף אויפן זינען, אַז היינט איז פרייטיק און פרייטיק אָוונט פלעגט זי אַלעמאָל וואַרטן אין „קענדי סטאָר" אויף זיין טעלעפאָן, נאָר היינט וועט זי ניט וואַרטן.

אין הויז איז איר אַלץ ניט געווען צו דער האַנט. רחל האָט אָנגעווענדט אַלערליי מיטלען זיך צו פאַרטומלען, ווייל עס האָט זי אין ערגעץ געצויגן, געצויגן צו דער „קענדי סטאָר" . . .

זי האָט געמאַכט אַ פאַרזוך צו לייענען, אָבער די ווערטער זיינען פאַר אירע אויגן געווען ליידיק, אָן וועלכן עס איז באַדייט. זי האָט גענומען רויכערן, אָבער גראָד איצט האָט דער רויך זי געשטיקט און געשמעקט עפּעס אַזוי פּריקרע. זי האָט יעדע ווײַלע געקוקט אויפן זייגער.

די באַשטימטע שעה, ווען ער פלעגט רופן, איז שוין לאַנג אַרי־בער, און עס האָט איר ביז ווייטיקדיקן פאַרדרוס באַנג געטאָן, וואָס זי איז געווען אַזוי פאַרריסן ביי זיך, זיך אויפגעהויבן און אַוועק אַזוי דעמאָנ־

סטראַטיוו . . . האָט זי דאָך אים פון איר זייט געקאַנט דערקלערן, אַז פאַרקערט, אַז אַ געזעצלעכע ווייב קאָן ערשט ברענגען דאָס אמתע גליק, ווייל דאָס לעבן הייבט זיך באמת אָן מיט אַ גליקלעך צוזאַמענלעבן.

עס האָט זיך דערהערט אַ קלונג און רחל איז צוגעלאָפן צו דער טיר: אַ פאַרסאָפּעטער אינגל איז געשטאַנען פאַר איר און געזאָגט, אַז מען רופט זי צום טעלעפאָן. דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט. איר צונג האָט זיך קוים באַוועגט און מיט אַ שוואַכער שטימע האָט זי געזאָגט דעם אינגל, אַז ער זאָל זאָגן אַז זי איז ניטאָ אין הויז.

נאָר ווען דאָס אינגל האָט זיך פאַרקירעוועט און גענומען לויפן פון די שטיגן, איז זי אים נאָכגעלאָפן, געזאָגט, אַז זי וועט ענטפערן דעם טע־לעפאָן, און בשעת מעשה געטראַכט, אַז זי וועט אים נאָר זאָגן, אַז עס פאַרדריסט איר, וואָס זי האָט זיך אַזוי אויפגעפירט, אָבער זען וועט זי אים ניט . . .

# אַ „בראָדוויי־סטאַר“

אַ מידע, אַן איינגעבויגענע, האָט דבורה־לאה זיך געשלעפּט מיטן גרויסן קויש בייגל איבער די ניו־יאָרקער גאַסן צו איר פריינדין נעכע. איר פּנים איז געווען באַגאָסן מיט שווייס. זי האָט שווער געסאָפּעט, ווי ס׳וואָלט איר אויסגעפעלט אָטעם . . . זי איז אָבער ווייטער געגאַנגען מיטן שווערן, אימפּעטיקן גאַנג, זיך געאיילט וואָס גיכער אָנצוקומען צו איר פריינדין אין הויז.

ווען זי האָט שוין אָבער מער קיין כוח נישט געהאַט צו גיין, איר שווער לייב מיט די אָנגעשוואָלענע פיס און אָנגעלאָפענע אָדערן האָבן איר געצויגן צו דער ערד, האָט זי באַמערקט אַ קליין גערטנדל און איז אַהין אַריינגעגאַנגען, אַוועקגעשטעלט דעם קויש בייגל, איר „פּרנסה“, — אויף דער ערד, אָפּגעווישט דעם שווייס פונעם פּנים און זיך אַוועק־געזעצט אויף אַ באַנק אָפּרוען.

ווען דבורה־לאה האָט זיך אַביסל אָפּגערוט, האָט זי פּאַוואָליע און זייער פּאָרזיכטיק אַרויסגענומען אַ צעקנייטשטן בריוו, וואָס איז געלעגן באַהאַלטן אין איר בוזעם; זי האָט מיט שרעק און נייגער לאַנג געקוקט אויף די ענגלישע בוכשטאַבן וועלכע זי האָט נישט געקענט לייענען און אַפילו נישט געוואוסט פון וועמען דער בריוו איז, כאָטש דאָס מאַמע־האַרץ האָט איר אונטערגעזאָגט אַז דאָס מוז אוודאי זיין פון איר קינד, איר איינאיינציקע טאָכטער פּערעלע . . . דערפאַר גייט זי איצט צו איר פריינדין נעכע, בעטן נעכעס טאָכטער, גאָסיק, אַז זי זאָל פאַר איר דעם בריוו איבערלייענען . . .

זינט איר קינד איז אַוועק מיטן איטאַליענער, שוין פינף יאָר אין דעם, האָט זי פון איר נישט געהערט. די פינף יאָר זיינען פאַר איר גע־ווען יאָרן פון זאָרגן, פאַרצווייפלונג און שלאָפלאָזע נעכט . . . וויי און ווינד איז דער מאַמען: וואו האָט זי געקענט אַהינקומען? — האָט דבורה־לאה נישט אויפגעהערט צו וויינען און צו טראַכטן . . .

אַ סך מאָל האָט זי געפּרוּווט פאַרפירן אַ שמועס מיט איר אַלטן וועגן זייער טאָכטער. אויף פאַרשיידענע וועגן האָט זי געפּרוּווט אַרויספירן זייער שמועס וועגן זייער איינאיינציק קינד, נאָר אַזוי גיך ווי ער האָט זיך געכאַפּט אַז דאָס מיינט זי פּערעלען, האָבן אים געגומען ציטערן די הענט און פיס, זיין פּנים איז געוואָרן בלייך און אין זיינע אויגן פלעגט זיך אָנצינדן אַן אומהיימלעך פייערל... פלעגט זי זיך דעמאָלט דערשרעקן, אַז איר רפאל זאָל, חלילה, פון גרויס צער און אויפרעגונג-ווידער אַמאָל נישט באַקומען אַ האַרץ-אַטאַקע, וואָס איז אים טאַקע געקומען פון אומגליק זייערן, — האָט זי דעריבער געזוכט צו פאַרקירעווען דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש...

נו, אַוודאי, — טראַכט זי מיט גרויס מיטלייד צו איר אַלטן, — אַ טאַטע איז נישט קיין מאַמע, נאָר אינגאַנצן פאַראיבל האָבן אויף אים קען זי אויך ניט, ווייל זייער גאַנץ לעבן איז דאָך צעבראָכן געוואָרן זינט פּערעלע איז אַוועק מיטן גוי. דער מאַן אירער האָט געהאַט שיין פּרנסה, געווען אַ בכבודיקער איד, דער שמש פון דער העטשיקאָווער שול; מענטשן האָבן פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ, און פאַרוואָס דען ניט? עס זיינען היינט דאָ זייער ווייניק אַזעלכע ערלעכע אידן ווי איר רפאל... האָט מען געדאַרפט אַ מנין אידן צו אַ יאָרצייט, האָט שוין איר מאַן געזען עס זאָל זיין. ער האָט מיט גרויס כוונה אָפּגעהיט די יאָרצייטן פון טאַטעס און מאַמעס וואָס זייערע אייגענע קינדער האָבן פאַרנאַכלעסיקט... ווען אָרימע מענטשן האָבן פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ פון דער פּרעמד אין זיין שול, האָט ער אָפּגעהיט זיי זאָלן נישט ליידן קיין הונגער... איז דען אַ וואונדער וואָס ער איז געווען אַזוי באַליבט ביי אַלעמען?

און ביי איר אין הויז, וואו זי וואוינט נאָך ביז היינט, אויף ברום סטריט, איז אַ כשרע אידישע שטוב. זי היט אָפּ אַלע אידישע דינים, פירט זיך ווי איר מאַמע און באָבע אין דער אַלטער היים, און פון וואַנען עס האָט זיך צו איר געגומען אַזאַ קינד, ווייסט נאָר איין גאָט אין הימל. זי האָט איר אָפּגעהיט ווי דאָס אויג אין קאָפּ, ווייל זי האָט דאָך איר געבוירן ערשט פופצן יאָר נאָך דער חתונה, ווען זי, דבורה־לאה, האָט זיך שוין געהאַלטן פאַר אַן עקרה און האָט זיך שוין געהאַט צוגעגליכן צו אַ שטיין.



נעכע האָט איר אַ שטורכע געטאָן: „אָט דאָס איז דאָך דיין פּערעלע!”

ווען גאָט האָט געהאָלפֿן, אַז זייער פֿערעלע איז אויפֿגעוואַקסן, האָבן זיי ווי פֿרומע טאַטע־מאַמע אָפּגעהיט איר יעדן טראָט, זי געפֿירט אין גאָטס וועגן. אַ געהאָרכזאַם קינד איז פֿערעלע געווען. ווען זי איז אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, האָבן גאָט און לייט זיי מקנא געווען. אין גאַס וואו זיי וואוינען האָט מען זי גערופֿן: „פֿערעלע דעם שמשס".

פֿערעלע האָט זיך צעבליט ווי אַ בלום אין פֿרילינג. מאַן און ווייב האָבן צווישן זיך גענומען רעדן פֿון אַ תּכלית פֿאַר זייער קינד און נאָך מער גענומען אַכטונג געבן אויף דער טאָכטער. זי האָט געמוזט זיין אין הויז נישט שפּעטער ווי צען אַזייגער אין אָוונט, און ווען זי איז פֿון ערגעץ געקומען, האָט זי געמוזט דערציילן גענוי וואו זי איז געווען און מיט וועמען זי האָט פֿאַרבראַכט.

ווייל, ווי רפֿאל פֿלעגט זאָגן, איז ניו־יאָרק אַ זינדיקע שטאָט און מען מוז אָפּהיטן אַ מיידל. אויף שריט און טריט לויערן אומגליקן . . .

און דאָ האָט זי, דבורה־לאה, באַמערקט צו איר גרויס איבערראַשונג, אַז דאָס מיידל האָט עפּעס אַ שגעון צום טאַנצן; רק נאָר עס ציט איר צום טאַנצן . . . מילא, אַז אַ מיידל טאַנצט אַמאָל צו חתונות, צו אַ שמחה, קען זי נאָך פֿאַרשטיין, אָבער לויפֿן טאַנצן ערגעץ וואו די שטאָט האָט אַן עק, — צו „דענץ־האָלס", וואו מיידלעך און פֿרעמדע בחורים טרעפֿן זיך און גאָט דער איינציקער ווייסט ווער זיי זיינען, דאָס האָט זי נישט דערלאָזט. נאָר ווי זאָגט זיך דאָס ווערטל: „דער מענטש טראַכט און גאָט לאַכט!"

און איינמאָל, אַ שבת נאַכט איז דאָס געווען, זי איז אַליין געווען אין הויז; דער מאַן אירער איז אַוועק מבקר־חולה זיין אַ לאַנדסמאַן. עס איז געוואָרן שפּעט, שוין באַלד צוועלף ביינאַכט, און ס׳מיידל איז נאָך אַלץ נישט געווען אין דער היים, איז זי געוואָרן זייער אומרואיק. ווען ס׳איז געוואָרן איינס און איר פֿערעלע האָט זיך נישט באַוויזן, איז זי שיעור פֿון זינען אַראָפּ; זי האָט געוויינט און געבראָכן די הענט און אין קאָפּ ביי איר האָט עס געקלאַפּט ווי מיט האַמערס . . . האָט זי זיך צוגעלייגט אַ נאַסן האַנטוך צום קאָפּ און געפֿילט אַז אָט־אָט פֿאַלט זי אין חלשות . . . אַז איר פֿערעלע זאָל נישט זיין אין הויז שפּעט נאָך האַלבע נאַכט, דאָס האָט נאָך ביז איצט נישט געטראָפֿן. נישט אַנדערש, האָט זי געקלאָגט, נאָר עפּעס אַן אומגליק האָט געמוזט מיט איר פּאַסירן.

זי איז שוין געווען גרייט צו לויפן אין „פּאַליס־סטיישאַן", נאָר דאָ האָט זיך מיטאַמאָל געעפנט די טיר און איר טאָכטער איז אַריין אַ צע־שטראַלטע, די אויגן האָבן ביי איר געפינקלט און אין האַנט האָט זי גע־האַלטן עפּעס אַ פאַרמאַכט פּעקעלע . . .

— מאַמע, — האָט זי געזאָגט, — זיי נישט בייז, איך בין אַלרייט, ענד האַו! גיב נאָר אַ קוק, מאַ, — האָט זי איר געוויזן אויפן פּעקעלע, — דאָס האָב איך דאָך היינט געוואונען אַ פּרייז! יעס, מאַמע, פון עט־לעכע הונדערט מיידלעך בין איך אויסגעקליבן געוואָרן פאַר דער ערשטער און בעסטער טענצערין פון דעם „שעק", און אָט איז עס!

זי האָט אויפגעמאַכט דאָס פּעקעלע, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ זילבערן טעפּעלע מיט אַן אויפשריפט, וואָס די טאָכטער האָט עס פאַר איר פאַרטייטשט, אַז עס מיינט, אַז ס'איז אַ גרויסער כבוד צו קריגן אַזעלכעס . . .

האָט די מאַמע שוין דעמאָלט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, צי זאָל זי שרייען און גוט אויסמוסרן איר קינד, אָדער גאָט דאַנקען, וואָס זי זעט איר אַ לעבעדיקע, אַ געזונטע . . . דערצו האָט זיך נאָך ביי איר פאַר־גנבעט אַ געפיל פון שטאָלץ, וואָס פון הונדערטער האָט מען זי אייגע אויסגעקליבן. כ'וויס, האָט זי אַ טראַכט געטאָן, מסתמא איז דאָך דאָס נישט קיין קליניקייט! האָט זי אַ שווייגנדיקע איר אויף גיך געגעבן אָפּצועסן און איר געשיקט שלאָפן, איידער איר מאַן קומט אָן.

ווען איר מאַן איז באַלד נאָכדעם צוריקגעקומען, האָט זי אים וועגן דעם גאָרנישט דערציילט. זי האָט געהאָפט, אַז מער וועט עס נישט פּאַ־סירן, טאָ צו וואָס זאָל זי אים אומזיסט פאַרשאַפן שברת־הלב?

נאָר אויף צומאָרגנס, ווען זי איז אַראָפּ אין גראָסערי איינקויפן, האָט שוין די גאַס געקלונגען מיט דער נייעס, אַז פערעלע דעם שמשס און דעם באַרבערס זונדל, טשאַרלי דער איטאַליענער, האָבן געוואונען דעם ערשטן פּרייז פאַר אויסטאַנצן דעם בעסטן „שעק". די גרויסע נייעס איז אויך געווען געדרוקט אין די צייטונגען, מיט בילדער פון די געווינער, אין פאַרשיידענע טאַנץ־פּאָזעס . . .

פון דער „גוטער" בשורה האָט איר גענומען שווינדלען פאַר די אויגן . . . גאָט, וואָס טוט זיך דאָ, איר טאָכטער, אַ פרום־אידיש קינד מיט אַן איטאַליענער גאָר! האָט זיך דעמאָלט ביי איר אַרויסגעריסן אַ

געוויין — פאַרוואָס שטראָפט איר אַזוי דער וואָס איז אין הימל? — —

און וואָס וועט זיין ווען דער אַלטער אירער וועט זיך דערפון דער־וויסן? וואָס וועט מען זאָגן אין שול וואו ער איז שמש? מען וועט דאָך אויף אים טייטלען מיט די פינגער . . . וויי, וויי, ווי קומט עס צו איר קינד? זי האָט דאָך איר אָפגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ . . . ווער האָט זיך געקענט ריכטן אַז זי וועט אויף זיי ברענגען אַזאַ אומגליק? — האָט זי געקלאָגט און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ . . . — — — — — —

פון זינט פערעלע האָט געוואונען דעם פרייז, האָט זי מער אין הויז נישט געקענט איינזיצן. זי פלעגט אָפט פאַרשווינדן אויף לאַנגע שעהן און מער נישט געוואָלט דערציילן וואו זי גייט . . . עס האָבן זיך דער־טראָגן קלאַנגען, אַז זי שלעפט זיך אַרום מיטן איטאַליענער . . . און ווען דבורה־לאה האָט וועגן דעם געהערט, האָט זי געפילט ווי דאָס לעבן עקט זיך איר אָפּ . . .

און מיטאַמאָל האָט זיך רפאל פון אַלץ דערוואוסט, און זי, די ווייב זיינע, האָט שוין מער נישט געקענט פאַרלייקענען פאַר אים . . .

פּאַסירט האָט עס שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. זייער פערעלע איז נאָך אַלץ אין דער היים נישט געווען. האָט ער זיך גענומען אויספרעגן, אַוואו איז דאָס מיידל אַזוי שפּעט? האָט זי, ווי אַ אַ געטרייע מאַמע, אַלץ געזוכט צו פאַרדעקן, און אים געזאָגט, אַז זי איז צוגעפאָרן צו דער מומע ביילעס טעכטערל, בעסי, וואָס איז פּלוצלונג קראַנק געוואָרן . . .

האָט זיך איר רפאל אַוועקגעזעצט אַריינקוקן אין אַ ספר. פּלוצלונג האָט ער קלאָר דערהערט אַ מאַנסבילשע שטימע הינטער דער טיר. איז ער צוגעגאַנגען און די טיר געעפנט. האָט ער דערזען זיין טאָכטער שטיין מיט עפּעס אַ פרעמדן מאַנסביל . . . ער האָט אים גוט נישט געקענט אָנ־קוקן, ווייל יענער איז גיך אַראָפּגעלאָפן פון די שטיגן . . .

ווען די טאָכטער איז אַריינגעקומען, האָט ער ביי איר גענומען אויס־פרעגן: היתכן? ווי קומט זי, אַ אידישע טאָכטער, אַזוי שפּעט ביינאַכט זיך אַרומצושלעפן מיט אַ פרעמדן מאַן? און ווער איז ער דאָס? און פאַרוואָס איז ער אַזוי אַנטלאָפן? און ווי קומט זי גאָר אין גאַנצן מיט אים אַהער, אַז געדאַרפט האָט זי גאָר צו זיין ביי דער מומע ביילע?

און ווען זי האָט אויף זיינע פראַגן גאָרנישט געענטפערט, האָט ער געשריגן, געסטראַשעט, געבעטן מיט גוטן און מיט בייזן . . . און ווען

פערעלע איז אַלץ געבליבן איינגעשפּאַרט און נישט געענטפערט, האָט ער שטרענג אַ זאָג געטאָן צו דבורה־לאהן: „איך ווייס שוין וואָס איך האָב צו טאָן און דו זאָלסט דיך מיר גאָרנישט אַריינמישן" . . .

אַ גאַנצע וואָך האָט ער דאָס מיידל געהאַלטן אָפּגעשלאָסן אין איר צימער אויף ברויט מיט וואַסער . . . אָבער זי איז דאָך אַ מאַמע, האָט איר דאָס האַרץ וויי געטאָן אויף איר פאַרבלאָנדזשעט קינד. דאָס חיות איז איר אויסגעגאַנגען צוזעענדיק ווי איר פערעלע צאַנקט . . . האָט זי שטילערהייט איר געגעבן צו עסן פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע . . . זי האָט זיך ביי איר געבעטן נישט צו זיין אַזוי איינגעשפּאַרט, זי זאָל איבערבעטן דעם טאַטן און צוזאָגן, אַז פון היינט־אָן וועט זי שוין ווערן גוט און פרום, פאָלגן טאַטע־מאַמע, און צוריק אַרויפגיין אויפן דרך־הישר . . .

אָבער פערעלע האָט זיך אַלץ נישט געוואָלט אונטערגעבן . . . און וויפיל זי און דער פאָטער האָבן מיט איר נישט צעטענהט, איר געמוסרט און געוואָרנט, איז זי פאַרבליבן שטום, אַ וואָרט נישט אָפּגעענטפערט.

נאָר צום ענדע פון דער וואָך האָט זי צוזאַמענגעבראָכן און פאַר דער מאַמען זיך מודה געווען, אַז זי האָט ליב טשאַרלין, און האָט שטאַרק ליב צו טאַנצן און אַז זי מיט טשאַרלין זיינען דער בעסטער „טיהם", און אַז זיי קענען ביידע ווערן באַרימט און ווערן „סטאַרס" אויף בראָדוויי. זי ווייסט אָבער אַז ס'קען אַזוי ווייטער נישט אָנגיין, האָט זי גערעדט דורך טרערן, אַז צווישן זיי שטייט אַן אייזערנע וואַנט: זי, אַ אידיש קינד, וואָס קומט פון אַ פרומער הויז, און ער — אַן איטאַליענער . . . וועט זי דארום אָנווענדן אַלע אירע כוחות אַרויסצושלאָגן אים פון קאָפּ און פון איר האַרצן . . .

און דאָ איז די מאַמע באַשטאַנען, אַז זי זאָל איר צוזאָגן, אַז זי וועט זיך מער קיינמאָל נישט זען מיטן איטאַליענער, אַזוי ווי אין אַ בייזן, וויסטן חלום זאָל זי אָן אים פאַרגעסן . . .

און אַז דאָס מיידל האָט אַ שוואַכן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, וואָס האָט געמיינט, אַז זי זאָגט עס איר צו, האָט זי איר אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע און אַ דערפרייטע געלאָפן אָנזאָגן די גוטע בשורה איר מאַן, אַז פון היינט־אָן און ווייטער, האָט פערעלע צוגעזאָגט, וועט זי שוין זיין גוט און פרום און מער יענעם נישט זען.

איז אַזוי אַוועק אַ יאָר און ס'האָט אויסגעוויזן, אַז זייער קינד איז צוריק אַרויף אויפן גלייכן וועג. זי פלעגט אַהיים קומען אין דער צוגע־זאָגטער צייט; ווי אַמאָל געלייענט קריאת־שמע ביים שלאָפן גיין, און געזאָגט מודה־אני ביים אויפשטיין ... נאָר עפּעס איז זי שטילער גע־וואָרען, פלעגט אַרומגיין אַ פאַרטראַכטע ... און אַז מען האָט צו איר גערעדט, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף ...

האָט די מאַמע זיך געטרייסט, אַז איר טאָכטער איז עלטער געוואָרן, איז זי קליגער געוואָרן. און אפשר האָט זי זיך „געסעטלט", געוואָרן אַ געזעצטער מענטש — אַזוי האָט זי געזוכט זיך צו באַרואיקן, כאָטש אינ־גאַנצן רואיק איז זי נישט געבליבן ...

און פלוצלונג דאָס גרויסע אומגליק זייערס!

זי געדענקט ווי ס'וואָלט היינט געשען: עס איז געווען אין אַ וואַ־רימען זונטיק בייטאָג באַלד נאָך פּסח. האָט זי, דבורה־לאה, זיך אויפ־געהויבן גאַנץ פרי און אויסגעוואַשן אַביסל וועש און עס אַרויסגעטראָגן אין „בעק־יאַרד", האָט עס צעהאַנגען אַנטקעגן דער זון צום טריקענען. אירע אויגן האָבן זיך בשעת־מעשה אַ קער געטאָן צום פאַריתומטן בוימל וואָס איז געוואַקסן פאַרוקט אין אַ ווינקל און דערזען ווי דאָס בוימל האָט זיך צעבליט אַזוי שיין ... איז זי צוגעגאַנגען נאָענט צו דעם און טיף אַריינגעזאַפּט אין זיך די געשמאַקע ריחות ...

פלוצלונג האָט זי דערזען איר פערלען לעבן זיך. זי האָט איר גע־זאָגט, אַז זי מיט אירע אַ פריינדין פאָרן אין בראָנקס פּאַרק אָנצוקוקן די חיות, זיי וועלן זיך אפשר אַביסל פאַרזאַמען, זאָל זי זיך נישט זאָרגן, אויב זי וועט אַהיים קומען שפּעטלעך, זאָל זי גאָרנישט איבערקלערן. דערביי האָט זי עפּעס מיט אַזאַ געטריישאַפט איר אַריינגעקוקט אין די אויגן, און פאָרן אַוועקגיין האָט זי איר אַרומגענומען און מיט אַזוי פיל ליבשאַפט געקושט, אַז זי האָט זיך געשמאָלצן פון נחת, און גאָט גע־דאַנקט וואָס ער האָט מיט איר געטאָן אַזאַ נס און איר צוריק אומגעקערט איר קינד, אויסגעלייזט איר פון גויאישע הענט ...

פערעלע איז אָבער מערער אַהיים נישט געקומען.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן זיי מיט קיין אויג נישט צוגעמאַכט, אַלץ גע־וואַרט און געהאָפט, אַז אָט־אָט וועט זיך דיר טיר עפענען און זי וועט אַריינקומען. דאָס וואַרטן איז אָבער געווען אומזיסט ...

צומאַרגנס האָבן זיי געוואָלט צו וויסן געבן דער פּאָליציי, אַז ביי זיי איז פאַרשוואונדן אַ טאָכטער, נאָר ווען זיי זיינען אַרונטער אין גאַס, האָבן זיי זיך דערוואוסט, אַז אויך טשאַרלי דעם באַרבערס זון איז די נאַכט נישט אַהיים געקומען. ער האָט איבערגעלאָזט אַ בריוול וואו ער לאָזט וויסן, אַז ער פאָרט אַוועק מיט „פּוירל״ און זיי וועלן צוריק נישט קומען ביז זיי וועלן ווערן באַרימט און אויפטרעטן אין ניו־יאָרק אַלס „בראָדוויי־סטאַרס״ . . .

ווי אַן ערד־ציטערניש, אַזוי האָט די נייעס וועגן זייער קינד זיי צעטרייסלט . . . זיי זיינען אין גאַנצן געוואָרן אויס מענטשן . . . עס האָט זיי אָנגעהויבן גיין מיט דער פוטער אַראָפּ. איר מאַן איז געוואָרן אויס שמש, ווייל ווי ער אַליין האָט געזאָגט, טאָר ער מער ניט זיין דער היטער פון גאָטס הייליקער תורה, ווען זיין טאָכטער שלעפּט זיך אַרום מיט אַ גוי . . . פון גרויס ערגערניש איז ער נאָך מער קראַנק געוואָרן און אַ לאַנגע צייט געשוועבט צווישן לעבן און טויט. ס'איז אים בעסער געוואָרן, אָבער קיינמאָל האָט ער מער נישט געקענט קומען צו זיך, און ליגט מער אין בעט ווי ער גייט אַרום . . .

ביסלעכווייז האָבן זיי אויפגעגעסן און פאַרקרענקט יעדן אָפּגע־שפּאָרטן דאָלער, זיך נאָך פאַרשולדיקט און אינגאַנצן געבליבן אָן מיט־לען צום לעבן.

דעמאָלט האָט זי, דבורה־לאה, פאַרקאַשערט די אַרבל, גענומען אַ קויש מיט בייגל און זיך געלאָזט אין גאַס אַריין עפּעס פאַרדינען. און אָט אַזוי שלעפּט זי זיך שוין באַלד פיר יאָר אַרום מיטן שווערן קויש אויף די הענט, אַבי נישט אָנצוקומען צו מענטשן . . . די גאַנצע וואָך איז זי פאַריאָגט, פאַרפלאָגט, און אַז עס קומט שבת, דערפילט זי ערשט דעם אור־מעט און דעם חושך אין הויז . . . זי זוכט איר קינד אין אַלע ווינקעלעך און הערט נישט אויף צו וויינען און צו טרויערן נאָך איר: וויי, וויי, וואו איז ערגעץ איר קינד, איר פּערעלע? אין אַ טויטן קען מען אַמאָל פאַרגעסן, אָבער ווי קען זי פאַרגעסן אָן איר קינד? זי לעבט דאָך נאָך ערגעץ! און ווען זי לייענט די צאנה־וראנה טענהט זי זיך אויס מיטן רבונו־שול־עולם און בעט אים זיך איינצוהערן צו איר געבעט און באַהיטן און באַשירעמען איר קינד דאָרט וואו זי איז, אַז איר אידישע האַרץ זאָל זיך נאָך אַמאָל אומקערן צו אירע צעבראָכענע טאַטע־מאַמע . . .

און דאָ עפּעס, ווי גאָט וואָלט דערהערט איר תפילה, קריגט זי מיט־

אַמאָל אַ בריוול, וואָס זי איז זיכער אַז ס'איז פון פערלען, ווייל קיין אַנ־דערע בריוו אַ חוץ פון איר סאָסייעטי וואו זי באַלאַנגט, קריגט זי נישט... עס שרעקט איר נאָר דאָס הארץ וואָס דאָרטן אינעווייניק איז אָנגעשריבן, עס זאָל כאָטש זיין אַ גוטע בשורה . . . נאָר אָט באַלד וועט מען פאַר איר דאָס בריוול איבערלייענען, וועט זי שוין וועגן אַלץ וויסן נאָך איידער איר מאַן ווייסט פון עפּעס . . .

דבורה־לאה האָט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן ווי פון אַ טיפן שלאָף און זיך אַ האַסטיקן הייב געטאָן פון אָרט.

— זע נאָר, זע, ווי איך האָב מיך דאָס פאַרטראַכט, אַז איך האָב גאָרנישט באַמערקט ווי די צייט איז דורכגעלאָפן, — האָט זי אומצופרידן פאַר זיך אַליין געמורמלט. זי האָט אויף גיך אַ כאַפּ געטאָן דעם קויש מיט בייגל און מיט אַלע כוחות זיך געלאָזט לויפן צו דער עלפטער גאַס, וואו עס וואוינט איר פריינדין נעכע . . .

ווען דבורה־לאה איז אַריין אין הויז, האָט זי געטראָפן איר לאַנדס־פרוי, נעכען, שטיין אין קיך און זיך פאָרען ביי די טעפּ. ווען נעכע האָט איר דערזען, איז זי פון גרויס איבערראַשונג געבליבן מיטן טעפל אין דער האַנט . . . אין דבורה־לאהס אויסזען האָט זי גלייך דערקענט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק, און אַז איר קומען צו איר איז נישט אומזיסט . . .

זי האָט אַוועקגעשטעלט דאָס טעפל, אָפּגעווישט דאָס בענקל מיט איר קאָלירטן פאַרטוך און נאָכדעם ווי זי האָט געבעטן איר פריינדין זיצן און זיך אַליין אַוועקגעזעצט, האָט זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס הערט זיך עפּעס גוטס, דבורה־לאה? וועסט אפשר טרינ־קען אַ גלעזל וואַרימס מיט צובייסנס?

— איי, וואָס רעדסטו, נעכע קרוין, ווענען ליגט עס איצט אין זי־נען עסן, טרינקען? זאָג מיר בעסער וואו איז ערגעץ דיין גאָסי? איך דאַרף איר זייער נויטיק האָבן!

— זי וועט באַלד אַריינקומען. אָבער זאָג מיר, כ'בעט דיר, וואָס דאַרפסטו עפּעס אַזוי נויטיק מיין גאָסין? — האָט זיך נעכע געוואונ־דערט.

— ס'איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו, וואָס איך בין זיכער אַז ס'איז פון מיין פערלען, וויל איך אַז דיין גאָסי זאָל אים פאַר מיר איבערלייע־נען.

— אַ בריוו פון פערעלען ? ! — האָט זיך נעכע געחידושט.

— יאָ, פון פערעלען, ווייל איך קריג נישט קיין אַנדערע בריוו פון קיינעם . . . — האָט דבורה־לאה אַרויסגעשלעפּט דעם צעקנייטשטן בריוו פון בוזעם און אים געוויזן נעכען, — פאַרשטייסט, איך האָב דעם בריוו נישט געוויזן מיין מאַן, ווייל איך וויל נישט ער זאָל דערוויסן פון דעם. איך ווייס דאָך נאָך אַליין נישט וואָס דאָרטן שטייט.

— זייער גוט האָסטו געטאָן ! — האָט נעכע צוגעשטימט.

ביידע פרויען זיינען נאָך געווען פריינדינס פון דער פריעסטער יוגנט אין דער אַלטער היים, וואו זיי זיינען געגאַנגען אין חדר צוזאַמען. און יעדעס מאָל וואָס זיי זיינען זיך צוזאַמענגעקומען, פלעגן זיי זיך דערמאָנען אָן אַמאָליקע יאָרן, און רעדן וועגן דעם ווי שווער ס׳איז זייער לעבן דאָ אין אַמעריקע . . . זיי פלעגן קענען אַזוי אָפּזיצן שעהן לאַנג און זיך אַראָפּרעדן איינע פאַר די אַנדערע די שווערע הערצער . . . ביידע האָבן קיין סודות נישט געהאַט איינע פאַר דער צווייטער ; מען פלעגט זיך אויסדערציילן וואָס נאָר אונטערן האַרצן . . . און ווען זיי פלעגן זיך צעשיידן, האָבן ביידע געפילט ווי אַ סך שווערע שטיינער האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט פון זייער שווערן געמיט.

אין מיטן פון אָט־דעם געשפּרעך זייערן איז אָנגעקומען גאָסי, נעכעס טאָכטער.

— גוט וואָס דו ביזט געקומען, גאָסעלע, וועסטו טאָקע פאַר מיר איבערלייענען דעם בריוו, ס׳מוז געוויס זיין פון מיין פערעלען, — האָט דבורה־לאה אַ נערוועזע איר דערלאַנגט דעם בריוו. — אַ־יאָ, ס׳איז פון איר ?

— שור ! — האָט גאָסי אַ קוק טוענדיק אויפן קאָנווערט, אויסגערופן.

גאָסי האָט לעזנדיק גלייך איבערגעזעצט דעם בריוו אויף אידיש.

געשריבן האָט פערעלע, אַז זי האָט אָן דער מאַמען נישט פאַרגעסן, אַז זי בענקט שטאַרק נאָך איר, און זי וויל וויסן צי איז נאָך דער טאַטע ברוגז אויף איר, ווייל זי האָט געהערט, אַז דער פאָטער וויל מער איר נאָמען נישט הערן. זי לאָזט וויסן, אַז זי איז שוין מער נישט מיטן באַרבערס זונדל, טשאַרלין, זי האָט זיך אַליין געמאַכט אַ קאַריערע, זי האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען אויף דער פּראָווינץ און איז איצט אַ גרויסע אַק־

טריסע. דעם קומענדיקן שבת אָוונט וועט זי צום ערשטן מאָל אויפטרעטן אַלס סטאַר אין ניו־יאָרק, אין קראָנשטאַטס טעאַטער אויף בראָדוויי . . . וויל זי נישט אַז זיי זאָלן איר קומען זען אין טעאַטער, ווייל זי ווייסט אַז זיי האָבן נישט ליב צו זען ווי זי טאַנצט... זי וויל אָבער וויסן צי מעג זי קומען אַהיים זיך זען מיט זיי, — אָדער איז נאָך אַלץ פאַר איר די טיר פאַרשלאָסן ? . . . און אויב זי קען נישט קומען אַהיים, צי וואָלט נישט מעגלעך געווען אַז די מאַמע אירע זאָל כאָטש קומען צו נעכען אין הויז און זיי זאָלן זיך דאָרטן טרעפן ? און אויב זיי דאַרפן געלט, פאַר־דינט זי איצט גענוג און קען זיי העלפן. אונטערגעשריבן האָט זי זיך: „אייער טאָכטער וואָס האָט אייך נישט פאַרגעסן”.

ווען גאָסי האָט געענדיקט לייענען דעם בריוו, האָט דבורה־לאה ניט געוואוסט צי זאָל זי זיך פרייען, צי זאָל זי וויינען. פון די אַלע גוטע זאַכן וואָס די טאָכטער האָט איר געשריבן אין בריוו, איז ביי איר געוואָרן אַ היפּשער טשאַד אין קאָפּ . . . „קאַריערע” „סטאַר”, „בראָדוויי”, — זי האָט פון אָט־די זאַכן קיינמאָל נישט געהערט. האָט זי זיך דער־פאַר געווענדט צו גאָסין:

— גאָסעלע, זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס מיינט עס אַזעלכעס, ווי זי רופט עס, אַ סטאַר ?

— אַ סטאַר, — האָט איר גאָסי פּרובירט פאַרטייטשן אויף אידיש, — איז אַ שטערן . . .

— וואָס רעדסטו, גאָסי, וואָס הייסט מיין קינד — אַ שטערן ? ! — האָט דבורה־לאה געצויגן מיט די אַקסלען, — שטערן, ווייס איך, זיינען אויפן הימל, אָבער נישט אויף דער ערד ? . . .

— אָ, דזשי ! — איז גאָסי געוואָרן אומגעדולדיק, — אַ „סטאַר” איז איינע וואָס שפּילט אויף דער בינע די ערשטע פידל, די איבעריקע זיינען מיטשפּילער, נאָכשלעפּער און גאָרנישט מיט גאָרנישט . . . פאַר־שטייסטו שוין ?

— נו, מילא, זאָל שוין זיין אַ סטאַר ! — האָט דבורה־לאה אַ זיפץ געטאָן און נעכע האָט נאָכגעזיפצט . . .

ביידע פרויען האָבן דערנאָך גענומען מאַכן פּלענער וואָס ווייטער צו טאָן. נאָך אַ לענגערן טראַכטן און רעדן האָבן זיי זיך דערטראַכט צו

מאַכן זייער „סטאַר" אַ „סורפּרייז" און שטילערהייט, אָן פּערעלעס וויסן, קומען אין טעאַטער . . .

זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אַז שבת אָוונט ווען ס'וועט ווערן פינצטער־לעך, זאָלן זיי זיך אַרויסלאָזן זען די פאָרשטעלונג און נאָך דער פאָרשטע־לונג זיך באַגעגענען מיט פּערעלען . . . זיי האָבן אויך באַשלאָסן דעם אַלטן רפאלן דערוויל גאָרנישט צו דערציילן . . .

עס איז שבת פאַרנאַכט. נעכע איז ביי דבורה־לאהן אין הויז. ביי־דע שטייען זיי ביים פענצטער און קוקן אויפן הימל צי מען זעט שוין שטערן . . . ווען עס האָבן זיך באַוויזן די ערשטע שטערן האָט דבורה־לאה אָנגעצונדן אַ ליכט. רפאל האָט מיט אַן אומעטיקן ניגון געמאַכט הבדלה און אָפּגעזאָגט „אַ גוטע וואָך!".

ביידע פרויען האָבן זיך גענומען אין דער שטיל עפּעס פאַרען . . . דבורה־לאה האָט אָנגעטאָן איר יום־טובדיק שוואַרץ־זיידן קלייד מיט די שפּיצן . . . די הענט האָבן ביי איר געציטערט און דאָס האַרץ ביי איר האָט שטאַרק געקלאַפּט . . . זי איז געווען נערוועז און אויפגערעגט, — עפּעס אַ קלייניקייט: שוין פינף יאָר אַז זי האָט נישט געזען איר קינד און היינט וועט זי איר זען און אונטער וואָסערע אומשטענדן!

זי איז אַריין צו איר באַקאַנטער שכנה און ביי איר געבאָרגט אַ הוט. קיינמאָל אין איר לעבן האָט זי נאָך קיין קאַפּעליוש נישט אָנגע־טאָן, נאָר אַז נעכע הייסט אָנטאָן אַ הוט, מסתמא ווייסט זי דאָך בע־סער ווי עס פּאַסט דאָרטן פאַר בראָדוויי . . .

דעם אַלטן האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי גייען אויף אַ חתונה צו אַן אָרימער יתומה . . . זינט דבורה־לאה האָט חתונה געהאַט מיט איר מאַן, האָט זי אים נאָך קיינמאָל קיין ליגן נישט געזאָגט. היינט איז דאָס ערש־טע מאָל וואָס זי מוז זאָגן אַ ליגן, נישט געשטראָפט זאָל זי זיין, רבונו־של־עולם, און גאָט אין הימל ווייסט, אַז זי טוט דאָס צוליב איר קינד און ער וועט איר געוויס מוחל זיין אירע זינד . . .

ווען אין דרויסן איז שוין געוואָרן גוט פינצטער, האָבן ביידע ווײַ־בער זיך געלאָזט עולה־רגל זיין קיין בראָדוויי . . . נאָך אַ לענגערן בלאָנדזשען און אויספרעגן זיך, זיינען זיי ענדלעך אָנגעקומען צום טעאַ־טער . . .

עס האָט זיי אַ בלענד געטאָן פאַר די אויגן די גרויסע שרייענדיקע

רעקלאַמעס פון די טויזנטער עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס האָבן ווי גע־פינטלט מיט די אויגן אין אַלערליי קאָלירן: אַט רויט, אַט גרין, אַט געל, און אויף אַ רגע זיינען זיי אינגאַנצן נישט געוואָרן, און באַלד ווי־דער זיך צעצונדן . . .

פאָרן טעאַטער איז געשטאַנען איינער אין אַ מונדיר מיט שליפעס און געלע בלישטשענדיקע קנעפּ און גערופן די פאַרבייגייער . . . ווען ער האָט דערזען נעכען מיט דבורה־לאהן צוגיין צו דער קאַסע, האָט ער זיי עפּעס אַזוי מאָדנע אָנגעקוקט . . . און דערביי זיך איבערגעוואונ־קען מיט דער קאַסירערין . . . דבורה־לאה האָט זיך פאַר זיינע בליקן דערשראָקן און ס'איז שוין ביי איר רעכט געווען צו אַנטלויפן, נאָר דאָ האָט נעכע אָוועקגעלייגט דאָס געלט און באַקומען די בילעטן, האָט זיך דער „אָפּיצער" בלויז ברייט צעשמייכלט און אָנגעוויזן די צוויי ווייבער דעם אַריינגאַנג אין טעאַטער . . .

ווען ביידע פרויען האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף זייערע ערטער, צו וועלכע דער „אָשער" האָט זיי צוגעפירט, האָבן זיי מיט גרויס נייגערי־קייט באַטראַכט דעם טעאַטער, די מענטשן אַרום . . . אַלץ איז זיי אויס־געקומען אַזוי פרעמד, אַזוי אומבאַקאַנט, ווי זיי וואָלטן ערגעץ פאַרבלאָנ־דזשעט אין אַן אַנדער וועלט . . . ווען זיי האָבן באַמערקט ווי מען קוקט אויף זיי ווי אויף עפּעס אַ גרויס וואונדער, האָבן זיי צוריקגעכאַפּט זייערע בליקן, זיך איינגעגראָבן אין זייערע זיץ־פלעצער און מיט עפּעס אַן אומ־באַשטימטער שרעק געוואַרט וואָס ווייטער וועט געשען . . .

ענדלעך איז אין טעאַטער געוואָרן פינצטער און אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן אַ מאַן מיט אַ מיידל . . . אַ פּאָר מינוטן האָבן זיי זיך אָנ־געקוקט שטום און בייז, נאָר באַלד איז דאָס מיידל אַ דערשראָקענע אָפּ־געשפּרונגען און דער מאַן איז איר נאָכגעלאָפן . . . אַ מינוט האָבן זיי אַ טאַנץ געטאָן צוזאַמען, נאָר אָט איז דאָס מיידל ווידער אָפּגעשפּרונגען אין אַ זייט און דער מאַן איז ווידער נאָך איר נאָכגעלאָפן, אַזוי עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד . . .

„ווייזט אויס, אַז זי מוז שוין איצט זיין גוט בייז אויף אים!" — האָט דבורה־לאה מיט שרעק אַ טראַכט געטאָן, — ווייל אָט זעט זי ווי ער האָט איר אַ פּאַק געטאָן ביי די האָר, אַ שלעפּ געטאָן איבערן דיל און מיט איר אויסגעווישט די פּאָדלאָגע . . . נאָר דאָ הייבט זי זיך אויף, קוקט

אים גאָר אַריין אין די אויגן, טוט ווידער אַ טאַנץ מיט אים, אַזוי עטלעכע מאָל, ביז ער צעמזיקט איר אַזוי, אַז דבורה־לאהן האָט זיך אַזש געוואָלט וויינען פון מיטלייד צו דער טענצערקע . . .

נאָר אַז זיי האָבן געענדיקט, האָט דער עולם געפּאַטשט, געשריגן און געראָפן, ביז יענע זיינען אַרויסגעקומען, זיך געגויגט און געשמייכלט..

— זאָל מען באַהיט און באַשירעמט ווערן פון אַזאַ פּרנסה, — האָט דבורה־לאה שטיל אַריינגערוימט נעכען אין אויער, — זי שמייכלט דאָך נאָך! . . .

ווען יענע זיינען אַרונטער, איז אויף אַ מינוט פינצטער געוואָרן, נאָר באַלד איז ווידער געוואָרן ליכטיק.

דבורה־לאהן האָט אָנגעהויבן צו האַמערן אין האַרצן, ווי דאָס געפיל וואָלט איר אונטערגעזאָגט, אַז דאָס דאַרף באַלד אַרויסקומען איר טאָכטער פּערעלע. זי האָט נאָר מורא געהאַט, זי זאָל נישט אַוועקפאַלן אין חלשות ווען זי וועט איר דערזען . . .

מיטאַמאָל האָט זיך דער קאָליר פון ליכט געביטן און אונטער עפּעס אַזאַ מאָדנעם רויטלעכן שיין איז דערשינען אַ דאַמע אָנגעטאָן אין אַ טייערן קאָסטיום פון בלויען זייד, וואָס איז געווען פאַרשפּיליעט אויף אַ סך קנעפּלעך . . .

נעכע האָט איר אַ שטורכע געטאָן:

— אָט איז זי דאָך דיין פּערעלע!

דבורה־לאה האָט זיך גוט איינגעקוקט און שיעור נישט אַ שפּרונג געטאָן פון אָרט:

— אוי, רבונו־של־עולם, ס׳איז דאָך טאַקע מיין טאָכטער, מיין פּערעלע! — האָט זי קוים באַהערשנדיק זיך, אַרויסגעקרעכצט, — זע נאָר ווי זי שיינט, ווי אַלע זיבן זונען — אַן אמתע בת־מלכה!

נעכע האָט איר קוים איינגעהאַלטן זי זאָל זיך נישט צעשרייען הויך אויפן קול און אויסרופן פּערעלעס נאָמען . . .

זי זעט ווי פּערעלע קנעפּלט אויף דעם מאַנטל און דרייט זיך דערביי און מאַכט פאַרשיידענע פיגורן, ביז זי וואַרפט פון זיך אינגאַנצן אַראָפּ דעם מאַנטל און בלייבט שטיין אין אַ טייער בלוי־זיידן קלייד . . . גייט אַרום איבער דער בינע, מאַכט פאַרשיידענע מינעס און דערציילט עפּעס דעם עולם . . .

— נעבע לעבן, קרוין, — שטורכעט זי אונטער איר פריינדין, — זע נאָר ווי שיין זי איז, קיין עין־הרע, געוואָרן! זאָג מיר, כ׳בעט דיר, וואָס דערציילט זי דאָרטן? . . .

— דאָס זינגט זי אַזוי! — ענטפערט איר נעבע אין דער שטיל.

נאָר אָט האָט זי אַ טאַנץ געטאָן און גענומען אָפּשפּיליען דאָס קליידל . . . נאָר ווען דאָס קליידל איז שוין געווען האַלב אָפּגעשפּי־ליעט, איז זי מיטאַמאָל פאַרשוואונדן . . .

מען האָט שטאַרק געקלאַפּט איז זי צוריקגעקומען אַ האַלב אָפּגע־שפּיליעטע . . .

נאָר איצט האָט זי שוין גענומען אָפּקנעפּלען אַלע איבעריקע קנעפּ און דערביי זיך געדרייט אין פאַרשיידענע פּאָזעס . . . געוואונקען מיט די אויגן און געשאָקלט מיטן קערפּער. דבורה־לאהן האָט באַשלאָגן אַ קאַלטער שווייס.

ווען זי האָט שוין געהאַלטן ביים לעצטן קנעפּל און ס׳האָט זיך גע־דאַכט, אַז אָט־אָט וועט אַראָפּפאַלן דאָס קליידל, איז זי ווידער פאַר־שוואונדן הינטער דער בינע, נאָר איז באַלד צוריקגעקומען צוהאַלטנדיק דאָס קליידל מיט אַ פינגער, עס זאָל נישט אַראָפּפאַלן . . . אָבער גלייך, ווי זי וואָלט חרטה געהאַט וואָס זי האַלט צו דאָס קליידל, האָט זי עס מיטאַמאָל געגעבן פון זיך אַ וואָרף אַרונטער און געבליבן שטיין אין אַ פּאָר קורצע, רויטע זיידענע הייזקעס מיט אַ רויט, שמאָל סטאַניקל . . .

זי האָט אָבער באַלד גענומען אָפּשפּיליען אויך דאָס סטאַניקל, און ווען ס׳האָט שוין געהאַלטן ביים פאַלן, איז זי פאַרשוואונדן . . . האָט מען געקלאַפּט, געגוואַלדעוועט, געהירזשעט און גערופן, ביז זי איז ווידער אַרויסגעקומען, אַ צי אַראָפּ געטאָן פון זיך דאָס סטאַניקל . . . אַ פּאָר ווייסע שטייפע בריסטלעך האָט אַ מיניע געטאָן פאַר די אויגן . . . און ווען זי האָט זיך צעטאַנצט און צעשאָקלט, האָט עס אויסגעוויזן ווי יע־דעס גליד אירס וואָלט געטאַנצט אַ באַזונדערן טאַנץ . . .

זי איז ווידער פאַרשוואונדן . . . אָבער דאָס מאָל איז דאָס קלאַפּן און פייפן געוואָרן נאָך שטאַרקער, העכער. רויטע, ווי מיט פייער־אָנגע־צונדענע פנימער האָבן געגליט מיט העלישער תאווה . . . קערפּערס האָבן זיך געוואָרפן און געהויבן פון די ערטער . . . אויגן האָבן גע־

פלאַמט און צענדליקער שטימען האָבן ווילד געדופן און געקלאַפּט און זיך גאַרנישט געוואָלט איינשטילן . . .

דבורה־לאה איז געזעסן ווי אַ באַגראָבענע . . . עס האָט איר גע־שווינדלט פאַר די אויגן, צוקוקנדיק דאָס אַלץ . . . גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן באַשלאָגן איר פּנים און אין איר מוח האָט געקלאַפּט און געהילכט ווי טויזנט האַמערן וואָלטן דאָרט זיך צעקלאַפּט . . .

און אָט איז זי ווידער דאָ . . . זי טאַנצט אַ האַלב־נאַקעטע, בלויז אין די הייזקעס . . . און אָט באַרירט זי מיט איר האַנט דאָס איינציקע קנעפּל, גלייך זי וויל אויך די הייזקעס פון זיך אַראָפּוואַרפן . . . דערביי רוקט זי זיך אַלץ נענטער צו דער וואַנט, דאָרט וואו עס ענדיקט זיך די בינע . . . קומט באַלד ווידער צוריק, טוט האַסטיק אַ צי אַרונטער די הייזקעס און בלייבט שטיין ווי די מאַמע האָט זי געבוירן . . .

דבורה־לאה האָט דערפילט, ווי אַלץ אַרום איר איז איינגעהילט גע־וואָרען אין אַ געדיכטער פינצטערניש און אַלץ אַרום איר וואַרפט זיך און ציטער פון קאָנוואולסיעס . . . זי האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ און איז געבליבן זיצן אין אַ חלשותדיקן צושטאַנד . . .

---

ווען דבורה־לאה האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז זי געווען ביי זיך אין דער היים. זי איז געלעגן אין בעט אין אירע יום־טובדיקע קליידער. לעבן איר איז געזעסן איר געטרייע פריינדין נעכע און איר געלייגט קאַל־טע קאָמפּרעסן צום קאָפּ . . .

תכלית האָט זי גאַרנישט געקענט באַגרייפן ווי זי קומט עפּעס צו ליגן אין בעט אין אירע בעסטע מלבושים . . . נאָר ביסלעכווייז האָט זי זיך אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן אַלץ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען היינטיקן אָוונט . . .

זי האָט זיך האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן און געוואָלט אַראָפּ פון בעט, ווי זי וואָלט געוואָלט לויפן ראַטעווען איר קינד . . . זי האָט אָבער דער־פילט אַ שוואַכקייט אין אַלע אירע גלידער און איז מאַכטלאָז געבליבן ליגן שטיל און שוואַך ווי אַ הילפלאָז קינד . . .

אַ לענגערע צייט איז זי געלעגן שטיל, דעם קאָפּ אַריינגעגראָבן אין קישן, ווי זי וואָלט זיך געשעמט צו קוקן איר פריינדין נעכע אין פּנים אַריין און האָט שטיל און ביטער געוויינט . . .

מיטאַמאָל האָט זי אַ קער געטאָן איר פּנים צו נעכען און מיט שרעק אַרויסגערעדט:

— נעכע!

— וואָס איז, דבורה־לאה, ווילסט מיר עפּעס זאָגן?

— זאָג מיר, איך בעט דיך, האָסטו אפשר דערציילט דעם אַלטן?

— חלילה, וואָס פאַלט דיר איין?

דבורה־לאה האָט פרייער אָפּגעאָטעמט:

— געלויבט איז גאָט! וואו איז ער איצט רפאל, איז ער דאָ אין הויז?

— יאָ, דבורה־לאה, ער שלאָפט... איך האָב שוין אַלץ פאַר אים פאַרענטפערט, — האָט זי שטיל אַרויסגערעדט.

דבורה־לאה האָט זיך מיט אַלע כוחות אַ הייב געטאָן פון געלעגער און אָנגעכאַפּט נעכען ביים האַנט:

— אַ דאַנק, נעכע, זייער גוט האָסטו געטאָן... אָבער איך וויל דיך נאָך עפּעס בעטן...

— זאָג, דבורה־לאה, איך וועל טאָן אַלץ וואָס איך וועל קענען!

— איך וויל, אַז אַלץ וואָס מיר האָבן היינט בייטאָג געזען, זאָל בלייבן אַ סוד, דו הערסט, קיינער טאָר דערפון נישט וויסן... מיר האָבן גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט, פאַרשטייסט?...

— כ׳פאַרשטיי, דבורה־לאה...

— זאָגסט עס מיר צו, נעכע?

— יאָ, דבורה־לאה, כ׳שווער דיר אַז ס׳וועט פאַרבלייבן אַ סוד!...

— אַ שיינעם נחת דערלעבט פון מיין קינד! אוי, — האָט זי אַרויסגעקרעכצט, — אַ „סטאַר אויף בראָדוויי״... וויי, וויי צו וואָס איך האָב זיך דערלעבט! — זי האָט איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און שטיל געוויינט, אַז איר מאַן זאָל נישט דערהערן...

# די קאַרגע

איינגעפּרעסט אין אַ מענטשן־כוואַליע איז דוד אַרקין געשטאַנען אין סאַבוויי, און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער זיך אָנגעהאַלטן אין אַ רימען. אַ מידער פון אַ שווערן טאָג אַרבעט, האָט ער געזוכט מיט די אויגן צו טרעפן וועלכער פּאַסאַזשיר עס וועט אַרונטערגיין ביי דער נעקסטער סטאַנציע, אַז ער זאָל קענען פאַרכאַפּן זיין פּלאַץ. קיינער האָט זיך אָבער נישט גערירט פון אָרט.

אַ שווערער אומעט האָט געדריקט דודס האַרץ. עס איז געשטאָרבן היינט אַן אַרבעטער פון זיין שאַפּ, נאָך גאָר אַ יונגער מענטש און געווען איינגאַנצן קראַנק עטלעכע טעג. וואָס פאַר אַ ווערט האָט אַ מענטשנס לעבן ? גאָר נישט ! היינט איז מען דאָ און מאָרגן קען זיין אויס . . . דערפאַר דאַרף מען טאַקע לעבן גוט ווי לאַנג די אויגן זיינען אָפן . . .

וואָס קומט אָבער אַרויס, טראַכט ער פאַרביטערט, אַז מיין ווייב, בעסי, איז אַ קאַרגע. זי האַלט שטאַרק פון שפּאָרן . . . זי וואַשט אַליין, רוימט אַליין, צערעוועט און נייט איבער זיינע אַלטע אָנצוגן פאַר די צוויי אינגלעך זייערע, פאַרגינט זיך נישט דאָס לעבן . . .

שוין זעכצן יאָר ווי זיי זיינען פאַרהייראָט און שוין פופצן יאָר ווי ער האַלט־אָן די זעלביקע שטעלע אַלס דיזיינער ביי פרויען־אָנצוגן. ער פאַרדינט גרויסע שכירות, האָט שוין עטלעכע מאָל געוואָלט עפענען אַן אייגענעם שאַפּ. ער האָט איצט שוין געקענט זיין גאָר אַ עושר, אָבער דאָס ווייב לאָזט נישט, זי טענהט, אַז אַ מענטש, וואָס פאַרדינט אַזעלכע גרויסע שכירות, דאַרף פּשוט זיין משוגע אויפצוגעבן אַזאַ שטעלע און איינשטעלן דאָס שווער־פאַרהאָרעוועטע געלט, וואָס עס האָט גענומען אַ לעבן לאַנג אָפּצושפּאָרן.

אויף זיין טענה, אַז ווען מ'שטעלט נישט איין, נעמט מען נישט אַרויס, ענטפערט זי, אַז זי האַלט נישט פון איינשטעלן. נו, מילא, אפשר איז זי גערעכט ? איבעריקנס, זי האַלט דאָס באַנק־ביכל און וויל אים נישט געבן קיין געלט, ווי זי רופט עס, אויף ספּעקולאַציע . . .

די סאָבוויי איז שטיין געבליבן. ער האָט אַ קוק געטאָן און געזען, אַז עס איז שוין זיין סטאַנציע: פּראָספּעקט עוועניו. באַלד האָט זיך די טיר געעפנט און עס זיינען אַרויס אַ פּאָר צענדליק מענטשן, צווישן זיי אויך דוד אַרקין. ער האָט פרייער אָפּגעאָטעמט און אַריינגעזאַפּט אין זיך די פרישע קאַלטע אָוונט־לופט, דאַן האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן זייגער און געזען, אַז עס איז שוין באַלד זיבן, ער האָט זיך געלאָזט גיין אַ היים. זיין הויכע פיגור האָט זיך געבויגן פון מידקייט, זיינע לעבע־דיקע ברוינע אויגן האָבן אויסגעקוקט מאַט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט נאָך היינט אַ מיטינג און באַשלאָסן נישט צו גיין. ער האָט גע־קויפט אַ צייטונג און געטראַכט, אַז ער וועט זיך פרי לייגן שלאָפן, כדי צו פאַרטרייבן זיינע מרה־שחורהדיקע געדאַנקען. דער מיטינג איז אָבער גראָד אַ וויכטיקער. טראַכטנדיק פון מיטינג דערמאָנט ער זיך וואָס פאַר אַן אייפערזוכט־סצענע זיין פרוי האָט אים אָפּגעשפּילט ביים לעצטן מיטינג, ווען ער האָט זיך פריינטלעך דורכגערעדט מיט אַ לאַנדספרוי. יאָ, אַ חוץ וואָס זי איז אַ קאַרגע, איז זי נאָך אַן אייפערזיכטיקע אויך, כאָטש ער גיט איר קיינמאָל נישט קיין אורזאַך דערויף. וואָרום ער איז צוגעבונדן צו זיין פאַמיליע און האָט ליב זיין היים, נאָר אָפט, ווען זי נעמט זיך צו אים טשעפּען, ווערט ער אַזוי אין כעס, אַז ער וואָלט אַנט־לאָפן וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט . . .

און זי געפינט שוין עמיצן. איצט איז עס עפּעס אַ שכנטע, וואָס האָט נישט לאַנג צוריק זיך אַריינגעצויגן אַקעגנאיבער זייער וואוינונג. ער וועט זיך היינט מיט זיין פרוי דורכריידן. ער וויל, אַז זיי זאָלן פירן אַ ברייטער לעבן, אויסזוכן אַ גרעסערע דירה און בכלל אָנפאַנגען אַן אינטערעסאַנטערן לעבן; גיין אין קינאָ, אין טעאַטער, — נישקשה, ער פאַרדינט גענוג און זיי קענען זיך פאַרגינען. ער וועט קויפן אַן אויטאָ־מאָביל און זיי וועלן אַביסל אַרומפאָרן. זיי זיינען נאָך יונגע מענטשן. ער איז איצט ערשט דריי און פערציק יאָר אַלט און זיין פרוי קוים אַכט און דרייסיק. אַ צופרידענער מיטן באַשלוס צו פאַרבעסערן זייער לעבן, איז ער אַריין אין פאָדער־הויז און זיך געלאָזט גיין אויף די שטיגן, וואָס האָבן געפירט צו זיין וואוינונג.

גייענדיק אויף די טרעפּ, האָט ער געהערט ווי עס טראָגן זיך קולות פון זיין שטוב. ער האָט דערקענט זיין ווייבס שטימע און זיין אינגלס געוויין. ווען ער האָט געעפנט די טיר, האָט ער דערזען ווי זיין ווייב

דרייט זיך נערוועז איבער דער שטוב. איר לאַנגע דאַרע פיגור איז עפּעס ווי נאָך דאַרער געוואָרן, דער קאָפּ איז ביי איר געווען אַרומגע־בונדן מיט אַ נאַסן האַנטוך. די טונקל־גרויע אויגן האָבן געשפּריצט מיט אַ בייז פייערל און זי האָט דערביי געקרעכצט:

— אוי, אוי! ווי האַלט מען דאָס אויס! איך קען מער נישט אַריבערטראָגן פון אים! . . .

— וואָס איז? וואָס זיינען דאָס פאַר גוואַלדן? — האָט דוד גע־פרעגט ביי זיין אַריינקומען.

— פרעג אים! — האָט זי אָנגעוויזן אויפן וויינענדיקן אינגל.

— וואָס איז שוין ווידער? — האָט ער זיך געווענדט צו זיין צען־יעריקן בוירני.

— די מאַמע האָט פאַר מיר שוין ווידער איבערגענייט נאַרמאַנס אַלטע הויזן און איך וויל נישט אַלע מאָל טראָגן מיין ברודערס איבער־געמאַכטע שמאַטעס. איך וויל אַ נייעם אנצוג אויף יום־טוב, ווייל אַלע מיינע חברים קריגן נייע אנצוגן! — האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ פרישׁ געוויין.

— וואָס פאַר אַ שמאַטעס גיב איך דיר? — האָט זיך די מוטער אַריינגעמישט. מען קריגט גאָר איצט נישט אַזאַ וואַרע! . . . עס איז נאָך בעסער ווי אַ נייער גאַרניטור!

— איך וויל נישט! — האָט זיך בוירני געהאַלטן ביי דאָס זייניקע.

— גענוג, גענוג זאָל זיין — האָט דוד אַ דענערווירטער אויסגע־שריען — קויף אים אַ נייעם אַנצוג און אַ סוף, אַן עק זאָל עס נעמען!

— אַ, ניין! ער וועט ביי מיר נישט אויספירן! — האָט זי אים אָפּגעענטפערט, — איבעריקנס איז דאָס אַ בעסערער גאַרניטור ווי אַ נייער. איך האָב עס אַליין איבערגענייט.

דאָס אינגל האָט זיך איצט העכער צעוויינט.

— גוואַלד! — האָט זיך דוד אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ! — זאָל שוין זיין שטיל! הער מיר אויף צו טאַנצן אויף מיינע נערוון, שפּאַר וויינ־קער און לעב בעסער!

— אַזוי גאָר! — האָט זי צערייצט אויסגערעדט, — אַ ראַקעפּע־לער געוואָרן! האַ? ווען איך וואָלט מיך געווען צוגעהערט צו דיר, וואָלטן מיר איצט אַפילו נישט געהאַט קיין איין אָפּגעשפּאָרטן סענט!

— און אַזוי וויפיל האָסטו? — האָט ער צערייצט אַ פרעג געטאָן.

— אַ באַנק־ביכל מיט איבער זעקס טויזנט דאָלער! — האָט זי מיט שטאָלץ אויסגערופן, — דאָס איז אויף אַ רעגנדיקן טאָג!

— דו האָסט שוין אָפּגעשפּאָרט געגנוג אַפילו אויף אַ מבול!—האָט ער אַ פאַרביטערטער געענטפערט, — איך פאַרדין גוט, כ׳האָב אַ גוטע שטעלע און איך וויל, אַז מיר זאָלן אָנפאַנגען אַ בעסער לעבן! פון איצט־אָן און ווייטער קיין איבערגעניטע שמאַטעס! לעבן וויל איך, דו הערסט, לעבן!... אויב די מאַמע קויפט דיר ניט מאָרגן אַ נייעם אנצוג, וועל איך דיר קויפן! — האָט ער זיך געווענדט צו זיין ווייגענ־דיק אינגל.

בעסי איז געוואָרן אַזוי צעטומלט פון זיין פּלוצימדיקן באַלעבאַטע־ווען, אַז זי האָט אַזש אינגאַנצן געציטערט פון אויפרעגונג. עס האָט איר פאַרדראָסן פאַרוואָס ער מאַכט איר פאַר דער שלעכטער ביים קינד. עס האָט איר ווי געטאָן ביזן ביין, וואָס ער נעמט זיך פּלוצלונג צו הער־שען, אַ זאַך, וואָס האָט ביז אַהער קיינמאָל נישט פּאַסירט, און זי האָט באַשלאָסן באַלד אויפן אָרט נישט צו דערלאָזן צו אָט־דער רעוואָלוציע.

— ניין! — האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן מיטן האַנט אָן טיש! — איר וועט ביי מיר נישט אויספירן! איך בין די באַלעבאָסטע פון הויז, איך, איך, און איך וועל אויספירן!!

אויף אירע גוואַלדן איז אין הויז אַריינגעלאָפן אַ דערשראָקענע די בייע שכנה, און צעטומלט געפרעגט:

— וואָס האָט פּאַסירט? קען איך אפשר אייך מיט עפּעס העלפן?

מיסעס אַרקין, דערזעענדיק די שכנה, „דאָס בלאָנדע גרושהלע", ווי זי פלעגט איר רופן, איז נאָך מער אַריין אין צאָרן. ווייל ווי איר האָט זיך אויסגעדאַכט, זוכט יענע אַריינצוקומען צו איר נאָר ווען איר מאַן איז דאָ אין הויז... אָט האָט זי דאָך געשריגן אויף איר אינגל איידער איר מאַן איז אָנגעקומען פון דער אַרבעט; פאַרוואָס איז זי דעמאָלט נישט אַריינגעקומען? איצט איז זי פּלוצלונג געוואָרן צוקער־זיס... און זי וויל איר העלפן...

— מוחל! מוחל! פּליז, מיסעס גאָלדשטיין, — האָט זיך בעסי אָנגערופן, — טוט מיר אַ טובה און מישט זיך נישט אַריין אין מיינע ביזנעס! איך דאַרף נישט אייער הילף! אַז איך וועל אייך דאַרפן, וועל איך נאָך אייך שיקן! — און דערביי האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אַלס צייכן, אַז יענע זאָל זיך פאַרנעמען פון הויז...

מיסעס גאָלדשטיין, דערהערנדיק די רייד, איז געוואָרן צעטומלט. זי האָט געפּרואווט עפּעס זאָגן, נאָר מער ווי „איך, איך מיי . . . ״ האָט זי פון מויל נישט געקענט אַרויסברענגען. זי האָט זיך צעוויינט און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז . . .

— פאַרוואָס האָסטו אַזוי באַליידיקט אַן אומשולדיקן מענטשן ? — האָט זיך מיט אַמאָל דערהערט דודס שטרענגע שטימע, — פאַרוואָס, וויל איך וויסן ? — האָט זיין שטימע אַ דונער געטאָן, — פאַרוואָס ? !...

בעסי האָט זיך דערשראָקן פאַר איר מאַנס שטרענגן טאָן און גע־פּרואווט אים דערקלערן, אַז די שכנה איז אַ פאַלשע, אַז זי איז אַ גרושה און קיינער ווייסט נישט ווי אַזוי זי איז געוואָרן אַ גרושה . . . נאָר דוד האָט שוין נישט געהערט זיין ווייבס רייד. ער איז מיט אימפּעט אַרויס פון הויז און נאָכגעפאָלגט דער באַליידיקטער פרוי. ער האָט אָנגע־קלאַפּט אין איר טיר. מען האָט נישט געענטפערט. ער האָט אָבער קלאָר געקענט הערן ווי זי וויינט, האָט ער אַן עפן געטאָן די טיר, און געזען ווי די יונגע פרוי זיצט איינגעבויגן. מיטביידע הענט האַלט זי פאַרדעקט דאָס פּנים, די אַקסלען האָבן ביי איר געציטערט.

— איך בעט אייך אַנטשולדיקונג ! — האָט ער אַ פאַרשולדיקטער אַרויסגערעדט.

זי האָט אויפגעהויבן אַ פּאָר דערשראָקענע, פאַרוויינטע אויגן. ער האָט אַרויסגענומען זיין ווייס טאַשן־טיכל, אַליין נישט־וויסנדיק וואָס ער טוט, און עס איר דערלאַנגט. זי האָט עס גענומען און אויסגעווישט אי־רע טרערן, און דוד האָט איצט דערזען אַ פּאָר בלויע, פאַרחלומטע אויגן.

זי האָט אים געבעטן זיצן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און זי האָט פאַר אים אויסגעגאָסן איר פאַרביטערט האַרץ. זי האָט דודן דערציילט, אַז זי איז דאָ איינזאַם און עלנט, כאָטש זי וואוינט ביי אייגענע. זיי זיינען אַלטע מענטשן. — ווייטער האָט זי דאָ קיינעם נישט. זי קומט פון אַ קליין שטעטל אין דער וועסט, וואו זי האָט דורכגעמאַכט אַ טראַ־גישע איבערלעבונג. זי האָט געמיינט, אַז די גרויסע שטאָט וועט איר העלפן צו פאַרגעסן אַן אַלץ. אָבער ניין, זי ווערט דאָ פאַרשלונגען אין שטראָם פון מענטשן, וואו יעדער איינער איז פאַר זיך. נישטאָ קיין וואַ־רימקייט, מען לעבט מיטן „האַרי־אַפּ״. זי וויל זיך איינשאַפן פריינט, אָבער זי האָט נאָך דערוויל אַזעלכע נישט געפונען. ביי זיי אין שטעטל

פלעגן שכנים ווערן די בעסטע פריינט, אָבער דאָ נישט. זי וועט גאָר פאָרן צוריק אַהיים!

דוד אַרקין איז געזעסן און אויפמערקזאַם אויסגעהערט איר געשיכטע. איר ווייכע שטימע האָט עפּעס ווי געגלעט זיין שווער געמיט און באַרואיקט זיינע צעשרויפטע נערוון. ער האָט איצט צום ערשטן מאָל גוט באַטראַכט די יונגע פרוי און באַמערקט, אַז זי איז זייער אַ שיינע: אַ פיין געשניצט פנים, אַ ווייסע דורכזיכטיקע הויט, גרויסע בלויע אויגן און גאָלד־בלאָנדע האָר, וועלכע זיינען איצט געווען אַביסל צעשויבערט און האָבן איר צוגעגעבן אַ באַזונדערן חן.

דוד האָט איר געטרייסט און געוואָלט אַלץ מער וויסן פון איר לעבן. ער האָט איר געפרעגט צי זי איז באַשעפטיקט, און זי האָט אויף אַלץ גערן געענטפערט און אים דערציילט, אַז זי האָט דאָ געקראָגן אַ שטעלע אַלס קאַסירערין אין אַ רעסטאָראַן. ער האָט זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער שטעלט איר צופיל פראַגן און זיך נאָך אַמאָל אַנטשולדיקט פאַר זיין פרויס אויסברוך, און איז אַרויס פון הויז.

ווען ער איז צוריקגעקומען אין זיין וואוינונג, איז אים זיין פרוי אויפסניי באַפאַלן פאַרן נאָכלויפן „דאָס בלאָנדע גרושהלע". זי האָט אים דערלאַנגט עסן, אָבער נישט אויפגעהערט צו יאַדען. האָט ער אַ זעץ געטאָן מיטן טעלער עסן אינעם טיש און איז אַריין אין שלאָף־צימער און פאַרמאַכט די טיר.

ער האָט געפּרואווט לייענען אַ צייטונג. מיטאַמאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער ווייסט נישט אַפילו קיין איין וואָרט פון דעם וואָס ער האָט נאָר־וואָס איבערגעלייענט, האָט ער אַוועקגעלייגט די צייטונג, פאַררויכערט זיין ליולקע און איינגעצויגן טיף דעם רויך. באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער טראַכט די גאַנצע צייט פון דער מיסעס גאָלדשטיין. ער האָט מיט גוואַלד געזוכט אַוועקצוטרייבן די געדאַנקען, און ווען ער האָט געזען, אַז ער קען עס נישט, האָט ער באַשלאָסן זיך לייגן שלאָפן, ווייל דאָס איז אַלע מאָל געווען ביי אים דער בעסטער און אויסגעפּרובירטער מיטל צו פאַרגעסן זאַכן.

אָבער צו זיין גרויסער איבערראַשונג איז דער שלאָף היינט נישט געקומען... ער האָט זיך געדרייט אויף אַלע זייטן, נישט געוואָלט טראַכטן. נאָר ווי אויף צו להכעיס איז די שכנה אויסגעוואָקסן. אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט האָבן אויפגעלויכטן פאַר אים אירע

בלויע אויגן. ער האָט איצט געהערט איר ווייכע, לאַשטשענדיקע שטימע, וואָס האָט געגלעט, גערופן און צוגעזאָגט רו און פאַרגעניגן . . . איינגעשלאָפן איז ער ערשט ווען אין דרויסן האָט גענומען גרויען אויף טאָג.

צו מאָרגנס ווען ער איז אַוועק צו דער אַרבעט און גענומען אויספּלאַנעווען זיין נייעם דעזיין, איז דאָס אים אָנגעקומען שווער און עס האָט זיך אים נישט איינגעגעבן; אַ זאַך, וואָס פלעגט אַלע מאָל זיין זייער לייכט פאַר אים. ער האָט זיך צו זיין גרויס איבערראַשונג געכאַפּט, אַז אַלע זיינע געדאַנקען קאָנצענטרירן זיך אַרום דער מיסעס גאָלדשטיין. ער האָט איצט געטראַכט ווי אַזוי זיך מיט איר צו באַגעגענען, אַז זיין פרוי זאָל דערפון נישט וויסן . . . און זיך מיט פרייד דערמאָנט, אַז זי האָט אים געזאָגט, אַז זי איז אַ קאַסירערין אין אַ רעסטאָראַן, וואָס איז טאַקע נישט ווייט פון דאַנען. ער האָט באַשלאָסן צו גיין אַהין נאָך היינט און דאָרטן עסן, און צו דער זעלבער צייט האָבן אַ געלעגנהייט איר צו זען און ריידן מיט איר כאָטש אַ פּאָר ווערטער.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר וואָכן זינט יענעם אָוונט, ווען מיסעס אַרקין איז אַזוי באַפאַלן מיסעס גאָלדשטיין. דורך דער צייט האָט זיך דוד אַרקין געטראָפן מיט בלענטש גאָלדשטיין זייער אָפט אין די פאַרוואָרפענע ווינקלעך פון דער גרויסער שטאָט ניו־יאָרק. ער איז איצט שוין געווען שטאַרק פאַרליבט אין בלענטשן . . . און וואָס מער ער פלעגט זיך מיט איר טרעפן, אַלץ קלאָרער איז פאַר אים געוואָרן, אַז ער קען מער נישט זיין אָן אָט־דער יונגער פרוי, וועלכע האָט איצט אינגאַנצן אויסגעפילט זיין לעבן. ער האָט גאָרנישט געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַזוי פיל גליק אויף דער וועלט... אין הויז איז זיין לעבן געוואָרן אַלץ מער אומדערטרעגלעך. עס איז אים געפאַלן שווער צו פירן אַ דאָפלט לעבן און ער האָט געזוכט אַן אויסוועג.

איינמאָל האָט געטראָפן, אַז ער איז אינגאַנצן נישט אַהיימגעקומען שלאָפן. מיסעס אַרקין איז געוואָרן היסטעריש, געבראָכן די הענט, און מיט אַמאָל איז איר איינגעפאַלן אַריינצוגיין „נעקסט־דאָר“, דאָרטן האָט מען איר געזאָגט, אַז אויך בלענטש איז יענע נאַכט אַהיים נישט געקו־

מען . . . אין איר גרויס פאַרצווייפלונג האָט זי באַשלאָסן גיין אין שאפּ, וואו איר מאַן האָט געאַרבעט, אפשר וועט זי דאָרטן עפּעס אויסגעפיי־נען . . . זי האָט מעכאַניש אויף זיך אַרויפגעשלעפּט עפּעס אַ מאַנטל. מיט אַמאָל האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. זי האָט אַ דערשראָקענע אָן עפן געטאָן די טיר — דער בריוווטרעגער האָט איר דערלאַנגט אַ „ספּעשל דעליווערי". זי האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו און גלייך דער־קענט איר מאַנס האַנטשריפט. מיט ציטערדיקע הענט האָט זי געעפנט דעם קאָנווערט און געלייענט:

„בעסי, דו האָסט אָנגעזאַמלט אַ גרויס באַנק־ביכל. לאָז איך עס דיר איבער אין גאַנצן . . . איך גיי וואו מיין האַרץ ציט מיך . . . אוודאי טוט מיר וויי פאַר די קינדער, אָבער איך בלייב אויך איצט זייער איבער־געגעבענער פאָטער. איך וועל מיט אייך זיין אין שטענדיקער פאַרבינדונג — איך וועל אייך שיקן געלט וועכנטלעך, אַזוי גיך ווי איך וועל מיך איינאָרדענען. זייט געזונט. דוד".

# פלאָרענס

פלאָרענסן האָב איך באַגעגנט אין אַ מילינערי־שאַפּ, וואו איך האָב זיך דעמאָלט געלערנט זיין אַ מאָדיסטקע ביי דאַמען־העטס. פלאָרענס, אָדער פלאָ, ווי זי האָט ליב געהאַט, אַז מען זאָל זי רופן „פאָר שאָרט״, האָט זיך אויך געלערנט ס׳פאַך.

ביי מיין אָנקומען איז זי שוין געווען אַ האַלבע פאַך־ליידי, נאָר פאַרדינט האָט זי אינגאַנצן מיט צוויי דאָלער אַ וואָך מער ווי די לערן־מיידלעך. דערפאַר פלעגט מיך שטאַרק וואונדערן, און איך פלעג ניט קענען פאַרשטיין, ווי אַזוי פלאָרענס קען זיך פאַרגינען אַזעלכע רייכע קליידער, קאָסטבאַרע מאַנטלען און די טייערסטע שיך. אַלע מאָל איז זי געווען אַזוי אויסגעפּוצט, גלייך ווי זי וואָלט זיך קלייבן גיין צו אַ חתונה. די נעגל מאַנוקירט, דעם קאָפּ פאַרקעמט לויט דער לעצטער מאָדע. און אַלץ פון די צוועלף דאָלער אַ וואָך וואָס זי האָט באַקומען אין דעם שאַפּ, האָבן מיר מיידלעך אין שאַפּ זיך געוואונדערט. מיר האָבן שטאַרק געוואָלט וויסן פון וואַנען נעמט זי אַזוי פיל געלט ? !

פלאָרענס פלעגט אונדז דערציילן, אַז זי האָט זייער רייכע עלטערן, און דאָס וואָס זי אַרבעט דאָ אין שאַפּ איז נאָר אַלס צייטפאַרטרייב, אויס לאַנגווייל. זי האָט אונדז אויך דערציילט, אַז די עלטערן אירע וואוינען אויף „ריווערסייד דרייוו״, און אַמאָל ווען זי האָט זיך פאַרגעסן, האָט זי גאָר געזאָגט, אַז זיי וואוינען אין „קיוגאַרדנס״. אַלע מאָל האָט זי אויסגעקליבן די רייכסטע געגנט.

פלאָרענסעס אויסזען און האַלטן זיך איז געווען אינגאַנצן אַנדערש ווי פון אַנדערע מיידלעך פון שאַפּ. אַ הויכע, אַ שלאַנקע מיט אַ קאָפּ שוואַרץ־געלאָקטע האָר און פאָר בלויע, ליכטיקע אויגן מיט אַ לענגלעכער נאָז, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַן אָריענטאַלישן אויסזען. ציין האָט זי פאַרמאָגט גרויסע, שניי־ווייסע, און ווען זי פלעגט זיך צעלאַכן, האָט מיטגעלאַכט דער גאַנצער שאַפּ מיט מיידלעך. אַ טעמפּע־

ראַמענט האָט זי געהאַט אַ פייערדיקן, און פלעגט זיך אָנצינדן ביי דער מינדסטער קלייניקייט, און אַז אַך און ווי איז געווען צו דער, וועלכע האָט זיך דאַן אונטערגערוקט אונטער אירע הענט און מויל...

מיר מיידלעך פלעגן קומען צו דער אַרבעט ניין אַזייגער אין דער פרי און אָפּאַרבעטן ביז זעקס אין אָוונט. „פלאָ" פלעגט קיינמאָל ניט קענען באַוויזן צו קומען אין צייט, פלעגט זי זיך אַריינגנבענען ניין־דרייסיק... אין בעסטן פאַל, פופצן מינוט נאָך ניין... און דאָס פלעגט איר פאַרשאַפן אַ סך צרות. די פאָרליידי פלעגט איר דערפאַר אויס־מוסרן. נאָך יעדן מאָל שפּעט קומען, פלעגט זי קריגן פון איר אַ פּאַרציע מוסר.

האָט פלאָרענס אָבער אַלע מאָל געבראַכט אַזעלכע וואונדערלעכע תירוצים, אַז מען האָט געדאַרפט זיין אַ גזלן איר ניט צו פאַרגעבן... און תירוצים האָט זי געהאַט אַלערליי...

איר שוועסטער האָט יענעם אין דער פרי געהאַט אַ אינגעלע... אָדער די סאָבוויי האָט זיך געשלעפּט... זיך ניט גערירט פון אָרט... זי איז געפאַלן... מען האָט איר אַרויסגעכאַפּט דעם בייטל פון האַנט און זי יענעם נאָכגעלאָפן ביז זי האָט אים געכאַפּט...

נאָר דער בעסטער פון אַלע תירוצים איז געווען איר קראַנקע מאַ־מע, וועלכע, ווי זי פלעגט דערציילן, ליידט פון אַ שוואַך האַרץ, און קריגט אָפט אַטאַקעס, וועלכע האָבן דווקא אַ טבע איר צו באַפאַלן נאָכן פרישטיק, פונקט ווען זי, פלאָרענס, איילט זיך צו דער אַרבעט...

און ווען די פאָרליידי איז מיד געוואָרן, און איר אָנגעזאָגט מיטן האַרבן וואָרט:

— אָדער זי וועט מוזן קומען אין צייט, אָדער זי פאַרלירט איר שטעלע.

פלעגט זיך דעמאָלט „פלאָ" צעשרייען:

— וואָס ווילסטו? איך זאָל אפשר לאָזן מיין מאַמע שטאַרבן?!

איך האָב אין דער ערד דעם גאַנצן דזשאָב! מיין מאַמע איז מיר טייערער ווי אַלץ. „גאָד דעם איט!" „טו העל!"

און דאַ פלעגט זי נעמען שיטן מיט קללות, וואָס אַזוינס קען מען בלויז הערן צווישן סאָלדאַטן...

נאָך אַזאַ אויסברוך, פלעגט אַלע מאָל די „פאָרליידי" איר שנעל

איבערבעטן... ווייל אַ „האַנט״ איז זי געווען אַ שנעלע און אַ קאָפּ האָט זי געהאַט אויף זיך אַ גוטן... און אָפּט ווען די פּאַרליידי האָט געדאַרפט ערגעץ גיין, און געגאַנגען איז זי אָפּט, פלעגט זי פלאָרענסן איבערלאָזן אויף איר אָרט. האָט דעמאָלט „פלאָ״ געבאַלעבאַטעוועט בעסער פון דער באַלעבאָסטע אַליין... זי פלעגט שנעל כאַפּן דעם שניט פון דעם פאַרפּלאָנטערטסטן פאַסאָן, און אָפּט האָט זיך די פּאַרליידי מיט איר געעצהט, האָט זי זיך דערפאַר געהאַלטן פאַרריסן...

מיט מיר האָט זיך פלאָרענס געהאַלטן פון דער ווייטנס און פלעגט מיך רופן „גרינהאָרן״.

אויף זיך פלעגט זי זאָגן, אַז זי איז אַן עכטע „יענקי״... דאָ גע־בוירן. אפילו אירע עלטערן, פלעגט זי אונדז פאַרזיכערן, זיינען אויך אַמעריקאַנער געבוירענע...

— אַהאַ, געקומען אַהער מיט דער „מעיפלאַוער״! — פלעג איך זי שטעכן...

איך האָב ניט געקענט פאַרנעמען איר גרויס האַלטן זיך און מאַכן דעם אָנשטעל. עפּעס האָט זיך מיר ניט געגלויבט... דערפאַר האָב איך טאַקע קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין התפעלות ווען זי פלעגט נע־מען דערציילן אירע מעשהס... אָבער ניט געקוקט דערויף, האָט מיך דאָס מאָדנע מיידל אינטריגירט, און איך האָב גראָד זיך געוואָלט מיט איר נענטער באַקענען.

„פלאָ״ אָבער האָט געבלאָזן פון זיך, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט אַמ־וויניקסטנס געווען די צווייטע האַנט פון דער „ערשטער ליידי״... אַן ווערטער איז צווישן אונדז אויסגעוואַקסן אַ שטילע שנאה. מיר האָבן זיך ניט געקריגט, נאָר אַלע מאָל האָבן מיר איינער דער צווייטער צו־געוואָרפן שטעך־ווערטלעך... גיפטיקע באַמערקונגען... ביז איינ־מאָל האָט אויסגעבראָכן דער שטורעם.

געווען איז דאָס, ווען מיר אַלע מיידלעך זיינען געזעסן פאַרטיפט אין דער אַרבעט, איז פלוצלינג צוגעקומען די פּאַרליידי און געזאָגט, אַז זי האָט אַ „ספּעשל״, וואָס מוז גלייך געמאַכט ווערן. און אַזוי ווי זי רעכנט מיך מיט פלאָרענסן פאַר די שנעלסטע „הענט״, גיט זי אונדז איבער די עטלעכע טוצן „לייניגגס״, וואָס מוזן גלייך געמאַכט ווערן.

איך און פלאָרענס האָבן גלייך גענומען איינבייען די אונטערשלאַקס

פון דעם באַרג העטס, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, העגט זיינען גע־פלויגן מיט דער שנעלקייט פון אַן עקספּרעס...

מיט אַמאָל גיט זיך „פּלאָ" אַ דריי אויס צו מיר און זאָגט מיט אַ ברייטן שמייכל:

— העי, סיידי, לאָמיר ביידע מאַכן אַ וועט און זען ווער פון אונדז עס קען שנעלער איינניייען אַ ליינינג.

איך האָב געוואוסט, אַז אין נייען אונטערשלאָגס איז פלאָרענס אַ גרויסע בריה... נאָר עפּעס האָט מיר ניט געפּאַסט, אַז איך זאָל דאָס צוגעבן. און ווידער האָב איך אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּעס בין איך דאָך אויך ניט קיין שיפּע זיבעלע אין נייען...

— גוט, לאָמיר זען!

איך האָב דעם וועט אָנגענומען.

די צען מיידלעך, וועלכע זיינען געזעסן ביי דעם זעלבן לאַנגן טיש, האָבן מיט גרויס שפּאַנונג צוגעקוקט און געווען נייגעריק צו זען ווער עס וועט אַרויס די זיגערין...

מיר האָבן אין איין און דער זעלבער צייט איינגעפעדימט די נאָד־לען, פאַרקניפּט דעם עק פון דעם פאָדים, אַ רוק געטאָן דעם פינגערהוט אויפן פינגער און אָנגעהויבן נייען. און שוין ביים ערשטן שטאָך מיט דער נאָדל, האָט זיך מיין פאָדים איבערגעריסן. איך האָב זיך געפילט פאַרלוירן.

איך בין געווען גרייט צוצוגעבן פלאָרענסעס זיג...

אָבער דאָ האָט „פּלאָ" צו אַלעמענס איבערראַשונג געהאַנדלט מעשה „ספּאָרט". זי האָט אויפגעהערט נייען און אַ זאָג געטאָן:

— ס'איז אַלרייט, סיידי, איך וועל וואַרטן ביז דו וועסט נאָך אַמאָל אָנפאַנגען.

און כדי צו ווייזן איר שטאַרקע פאַראַכטונג צו מיר, האָט זי אַ וואונק געטאָן מיטן לינקן אייגל צו די מיידלעך אַרום, און אַרויסגעזייט צווישן די ציינער:

— נישקשה, איך קען מיר פאַרגינען צו וואַרטן, ביז דו וועסט זיך דאַרטן אַן עצה געבן, וועל איך מיר נאָך דערווייל פאַררויכערן אַ סיגאַ־רעטל...

— אַ, שאַראַפּ! — בין איך שוין אַרויס פון די כלים.

— מיידלעך — האָט זי אַ כיקע געטאָן — זי קריגט קאַלטע פיס...

— ווער קריגט קאַלטע פיס?

— דו!

— איך? איך האָב ניט קיין חרטה. לאָמיר אָנפאַנגען און הער אויף צו קאָמאַנדעווען...

— אָל־רייט!

מיר נעמען נייען... איך פיל נערוועז... עפּעס גייט מיר היינט ניט..

פלאָרענס האָט פריער געענדיקט.

— נו, — האָט זי אַ צופרידענע פון איר זיג אויסגערופן — ווער איז שנעלער! — האָט זי ניט אָפּגעלאָזט. — גייט זיך נאָך וועטן מיט מיר, דער „גרינהאָרן!"

און פלוצלונג בויגט זי זיך איין, טוט אַ קוק אויף דעם קאַפּעליוש, וואָס איך האַלט אין פאַרענדיקן דאָס נייען און שיסט אויס מיט אַ הילכיק געלעכטער:

— געוואַלד! מיידלעך, זי האָט דאָך איינגענייט דעם „ליינינג" פאַרקערט!

די מיידלעך זיינען זיך פאַרגאַנגען אין אַ ספּאַזמישן לאַכן...

ס'האָט מיך אַ ברי געטאָן...

און געפילט האָב איך דערביי, אַז איך מוז איר אַ זאָג טאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איר שטאַרק אַ נעם טאָן.

— העי, „פלאַ", — האָב איך אַרויסגערעדט מיט אַ געמאַכטער רואיקייט, — איך האָב פאַר דיר אַ גרויסן פּלאַן!

— אַ פּלאַן?! — האָט „פלאַ" איבערגעפרעגט, און אויפגעהערט צו לאַכן.

— יאָ, גאָר אַ גרויסן פּלאַן, און ווען דער דאָזיקער פּלאַן זאָל געלינגען, ביסטו אַ געמאַכטער מענטש, קענסטו ווערן אַ מיליאָנערשע... איבערנאַכט האָסטו די גרויסע געלעגנהייט פון אַניאָגן ראָקעפעלערן, וואַנדערבילטן און דזשיי פּי מאָרגאַן...

— גיי, וואָס בעבעסטו דאָרטן?

— דאָס וואָס איך זאָג דיר איז ניט געבעבעט, איך בין טויט־ערנסט. איך זאָג דיר, אַז עס איז אַ גוטער איינפאַל...

זי האָט מיך צעמישט אָנגעקוקט, אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און אַ רעווע געטאָן:

— נו, זאָג שוין וואָס?

אַלע מיידלעך האָבן אָנגעשטעלט מויל און אויערן.

— פּלאָ, הער זיך איין, אָבער מיט קאָפּ... דו זאָלסט וויסן זיין, אַז דו ביסט אַ גרויסער טאַלאַנט. און אַזאַ טאַלאַנט טאָר ניט גיין פאַרלוירן... מיין פּלאַן איז דער: מען דאַרף פאַר דיר דינגען דעם קאַרנעגי האָל און אונטער אַ גרויסן סימפאָנישן אָרקעסטער, אָנגעפירט פון טאָסקאַניני, דאַרפסטו זיצן אין מיטן פון דער בינע און נייען... אונטער די הימלישע קלאַנגען פון מאָצאַרט, שובערט און בעטהאָוון דאַרפסטו זיצן אויבן אָן און איינניייען אונטערשלאַגס... אָבער דו פאַרשטייסט דאָך, אַז דו דאַרפסט דאָס מאַכן זייער עלעגאַנט און דורכאויס אונטער די קלאַנגען פון מוזיק . . . למשל: אַ לאַנגער קלאַנג, אַ לאַנגער ציִ מיט דער נאָדל . . . אַ קורצער קלאַנג — קורצער ציִ מיט דער נאָדל...

די מיידלעך פון שאַפּ האָבן זיך הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט... בלויז אַ רגע האָט פלאָרענס געשוויגן, נאָר באַלד האָט זי זיך אויפגעכאַפּט עפּעס אַזוי ווי אַ שלאַנג וואָלט איר אַ ביס געטאָן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט און מיט אויגן, וואָס זיינען אַזש געוואָרן פאַרלאָפן פון גרויס אויפרעגונג, האָט זי אויסגעשריגן:

— דו פאַסקודנע גרינהאָרן, דו „גוד־פאַר־נאַטינג", דו סאַן אָוו —

איין זידל־וואָרט איז געווען פייערדיקער פונעם צווייטן. נאָר דאָס זידלען האָט איר, ווייזט אויס, ניט באַפרידיקט, ווייל פלוצלינג האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם הוט, וואָס זי האָט דאַן געהאַלטן אין האַנט און מיר אַ וואָרף געטאָן אין פנים. האָב איך איר צוריקגעוואָרפן דעם קאַפּעליוש, וואָס איך האָב געהאַלטן אין האַנט...

באַלד האָבן גענומען פליען קאָלירלעך פאָדים, פעדערן, פייגעלעך, בלומען, פאַסאָנען, און פאַרשידענע אַנדערע צאַצקעס. און אַליין, ניט ווויסנדיק ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָבן מיר זיך געריסן פאַר די האָר. און באַלד איבערגעגאַנגען צו בוכצעס . . . די מיידלעך האָבן אַלע אויפגעהערט צו אַרבעטן און אָנגעפאַנגען צו שרייען. אויף זייערע געשרייען איז פון ערגעץ אָנגעלאָפן די פאַרליידי.

זי האָט אונדז פֿאַנאַנדערגענומען און געוואָלט וויסן וואָס עס איז דאָ געשען. מיר האָבן ביידע געשוויגן.

— איך ווייס, אַז דאָס איז פֿלאָרענסעס אַרבעט — איז די פֿאַרליידי געווען זיכער.

— עס וועט אַזוי ווייטער ניט גיין, — האָט זי מיט צאָרן געשריען, סיידי, איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר דערציילן אַקוראַט וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען!

איך האָב געשוויגן.

— נו?! — האָט זי געפֿאָדערט אַ דערקלערונג.

— וואָס דאָ איז פֿאָרגעקומען? — האָב איך ענדלעך געענטפֿערט, — אַלץ וואָס ס'איז פֿאָרגעקומען האָט גאָרניט צו טאָן מיט אײַך... עס איז אַן ענין צווישן מיר און איר, — און מער האָט זי פֿון מיר ניט אַרויסגעקראָגן.

זינט יענעם געשלעג צווישן מיר און פֿלאָרענסן, זײַנען אַוועק טעג און מיר האָבן ניט גערעדט צווישן זיך. איך האָב דורך דער צייט באַמערקט, אַז זי זוכט זיך מיט מיר איבערצובעטן. איך האָב זיך געמאַכט ניט־ווויסנדיק, און האָב איר כסדר אויסגעמיטן. אָפֿט ווען איך פֿלעג עפּעס זוכן אויפֿן טיש אַ בלום, אַ קוליערל גאָרן, צי עפּעס אַ שלייפֿל, אָדער שפּילקעס, און פֿלאָרענס האָט עס באַמערקט, האָט זי דאָס מיר אונטערגעטראָגן און דערלאַנגט דאָס געזוכטע אַרטיקל מיט אַ ברייטן שמייכל.

איך בין אָבער פֿאַרבליבן קאַלט, פֿלעגט זי דאַן דערציילן וויצן און קוקן אין מײַן זײַט כדי צו זען צי איך לאַך... איך האָב אַפֿילו אַ שמייכל ניט געטאָן, האָט זי זיך גענומען צו איר לעצטן מיטל, נאָכמאַכן דער טאַנטע גאַסי. און אַז פֿלאָרענס פֿלעגט נאָכמאַכן איר טאַנטע גאַסי, פֿלעגן מיר מיידלעך זיך האַלטן ביי די זײַטן פֿון געלעכטער. זי פֿלעגט פֿאַרלייגן ביידע הענט אויפֿן האַרצן, אַרויסשטעלן דעם בויך, און פֿלעגט דאַן נעמען שפּאַנען ווי אַ שוווער־לייביקע אידענע און אַוועקלייגן אַ צעקאַליעטשעטן ענגליש... געהייסן האָט עס, אַז זי רעדט זיך דאָס דורך מיט אַ שכנה ביים אויסהענגען די וועש... דער געשפּרעך איז געווען אַזוי קאָמיש, אַז מיר פֿלעגן זיך אַזש פֿאַרגיין פֿון לאַכן. אויך איצט ווען זי האָט געזוכט מיך איבערצובעטן, האָט זי אָנגעווענדט

דעם גוט־אויסגעפּרואוווטן מיטל „ענטי־גאַסי", און כּסדר געקוקט אין מיין זייט . . .

האָב איך מיך איינגעבויגן און אַריינגעלאָכט אין דעם קאַפּעליוש, וועלכן איך האָב געהאַלטן אין מאַכן, אַז זי זאָל ניט זען, אַז איך האָב הנאה פון אירע שטיק . . .

זי האָט עס באַמערקט און האָט זיך צופרידן צעשמייכלט.

עס זיינען ווידער אַוועק עטלעכע טעג און מיר האָבן נאָך אַלץ ניט גערעדט צווישן זיך.

איינמאָל נאָך דער אַרבעט זיינען מיר צוזאַמען אַרונטער אין עלע־וויטאָר. אַרויסגייענדיק, טוט זי מיך פּלוצים אַ כאַפּ אונטערן אָרעם, און גיט אַ זאָג:

— גענוג געווען ברוגז, סיידי, איך וויל מיך מיט דיר איבערבעטן... איך אַנטשולדיק זיך פאַר דיר, פאַר אַלץ. נו, „שעיק" — האָט זי אויס־געשטרעקט איר האַנט.

איך האָב איר אויסגעשטרעקטע האַנט אַנגענומען און בין געווען צופרידן זיך איבערצובעטן, ווייל עס האָט מיך נאָך אַלץ געצויגן צו איר און איך האָב געוואָלט וויסן מער וועגן אָט דעם מאָדנעם מיידל. מיר זיינען געגאַנגען צוזאַמען, און זי האָט מיט אַמאָל גענומען לויבן די „פּאַרעינערס".—די איינגעוואַנדערטע, האָט זי מיר פאַרזיכערט,—זיינען „סמאַרט", האָבן אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס, קענען אַ סך שפּראַכן און וואָס מ'שטיינס געזאָגט, ווייס דער אַמעריקאַנער!? אַז סך־הכל קען ער איין שפּראַך, ענגליש.

דאָס אַלץ איז געווען אַ מין פאַרענטפערונג פאַר דעם וואָרט „גריג־האָרן", וואָס זי פלעגט מיך אַזוי אָפט רופן...

האָב איך איר פאַרזיכערט, אַז מיט ענגליש דאַרף מען זיך חלילה ניט שעמען, ווייל ענגליש איז אויך אַ שפּראַך . . . און אַזוי רעדנדיק זיינען מיר ביידע צוגעקומען צו דער סאָבוויי. איך האָב איר געזאָגט אַ „גוטע נאַכט" און זיך פאַרנומען אין אַן אַנדערער ריכטונג.

זינט מיר האָבן זיך איבערגעבעטן, האָט „פלאָ" געקלעפּט אַרום מיר. זי האָט מיר פאַרטרויט, אַז אַמאָל וועט זי מיר דערציילן אַלץ וועגן זיך... זי האָט מיר אויך צוגעזאָגט מיטצונעמען צו אירע על־טערן אין הויז אַריין. איך האָב איינגעהאַלטן מיין אומגעדולד, און

בלויז געוואָרט ביז זי וועט מיך באַקענען נענטער מיט איר לעבן.

דערווייל פלעגט זי אָפט לאָזן פאַלן ווערטער, אַז זי האָט אַ רייכע באַקאַנטשאַפט... זי וועט איר לעבן ניט פאַרברענגען אין שאָפּ... זי האָט גרויסע פּלענער.... פאָרן קיין האָליוואוד.... עפּעס ווערן — צי האָב איך דען ניט געזען ווי אַזוי זי מאַכט נאָך טאַנטע גאָסי? וואָלט אַ געוויינלעך מיידל אויך באַוויזן אַזוי נאָכצומאַכן אַ טאַנטע?

איינמאָל האָט די פאַרליידי מיך געשיקט אויספּרעסן אַ פּעקעלע צעקנייטשטע וואַרע, בין איך געשטאַנען אין אַ ווינקל פון שאָפּ ביי אַ לאַנגן טיש און געביגלט.

מיט אַמאָל וואַקסט אויס נעבן מיר פלאָרענס מיט צוויי פּיצלעך סחורה אין האַנט, געפינט אַן אייזן און נעמט גלעטן די סחורה, האָב איך באַלד פאַרשטאַנען, אַז עפּעס וויל זי מיר זאָגן, וואָס די אַרומיקע מיידלעך זאָלן ניט הערן... ווייל יענע האָבן שטאַרק ליב געהאַט זיך אונטערצוהערן.

— איך וויל דיך עפּעס פרעגן!

— פרעג!

זי שווייגט.

— נו, פרעג, — ווער איך שוין אומגעדולדיק.

— איך ווייס ניט צי איך זאָל דיך דאָס פרעגן... וועסט ענטפערן?

— אַוודאי וועל איך ענטפערן.

— דעם אמת?

— זיכער.

— האָסט אַ געליבטן?

האָט מיך דאָס אַביסל צעטומלט. זאָגן איר ניין, וואָלט געמיינט פאַרלירן איר צוטרוי, און דאָס האָב איך ניט געוואָלט. איך האָב באַשלאָסן איר צוטרויען צו געווינען.

—נו, וואָס שווייגסטן?

— יאָ, איך האָב אַ געליבטן — האָב איך ענדלעך אַרויסגערעדט.

— נו, און דו?!

— איך אויך! — ענטפערט פלאָרענס צופרידן.

— ווער איז ער? — האָב איך געוואָלט וויסן.

— אָ, כמעט אַ מיליאָנער.

— וואָס מיינסטו כמעט ?

— וועל, ער האָט שערס אין אויל־קוואַלן... און אַחי שנעל ווי מען געפינט דאָרטן אויל, ווערט ער אַ פילפאַכער מיליאָנער . . . איך האָב אַליין געזען די פּאַפּירן, — האָט זי צוגעגעבן מיט שטאָלץ.

— איז ער עפּעס אַ שיינער ? — האָב איך ווייטער געפרעגט.

— יאָ, אַ שיינער, אָבער . . . ניט זייער קיין יונגער . . . איך האָב פיינט יונגע צוציקעס.

דאָ האָט אונדז פּלוצלינג די פּאָר־לײדי גערופן, עס הייסט ניט גע־רופן, נאָר זי האָט געשריען מיט באַנומענע קולות.

— ווי לאַנג — האָט זי געוואָלט וויסן, — דאַרף דאָס נעמען אויס־צופרעסן אַ פּיצל סחורה פאַר אַ הוט ? שוין באַלד אַ שעה, ווי איר גלעט דאָרטן דעם טיש . . . זאָל שוין נעמען אַ סוף, זאָל נעמען !

דער אמת איז געווען, אַז מיר האָבן גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז מען דאַרף פּאָרזיכטיק פּרעסן מיט אַ הייס אײַזן אויף ווייסע, דינע זייד . . . און ווען מיר האָבן ענדלעך אויפגעהויבן די אײַזנס איז דאָס ווייסע זייד געווען טונקל־ברוין . . . פּלאָ׳ס וואַרע האָט נאָך געהאַט אַן אויסגעברענטע לאָך ביים זייט . . .

אַהיים זײַנען מיר ווידער געגאַנגען צוזאַמען.

זי האָט מיך איינגעלאַדן אויף סאַפּער דעם קומענדיקן פרייט׳יק אָוונט. איך האָב איר באַדאַנקט. און זי האָט מיר דעמאָלט מודה געווען, אַז זיי וואוינען ניט אויף דער רייכער ריווערסייד דרייוו, נאָר אין דער אָרעמער אידישער געגנט פון ריווינגטאָן סטריט... און מיך דערביי געבעטן, אַז איך זאָל מיך, חלילה, אין שאַפּ ניט אַרויסכאַפּן מיט אַ וואָרט וועגן דעם . . . איך האָב איר צוגעזאָגט.

יענעם פרייטיק האָבן מיר אַוועקגעלייגט די אַרבעט אַביסל פריער ווי געוויינלעך. דאַן זײַנען מיר ביידע צוגעפאָרן צו פּלאָרענסעס עלטערן. ס׳איז געווען אַ פייערדיקער זומער־טאָג, אין גאַס האָט געפּרעגלט די הייסע זון, ריווינגטאָן גאַס האָט געשוויבלט, ווי אויף אַ היימישן יאַריד.

איך האָב באַטראַכט די לאַנגע רייע מיט וועגעלעך, וואָס האָבן זיך געצויגן פאַרביי פּלאָרענסעס „רײַכע” עלטערנס הויז.. אַ קורץ אידל, וואָס איז געשטאַנען לעבן איינעם פון די פּושקאַרטס, האָט געצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט מיט זײַנע קולות: „ווייבער — האָט ער געשריגן —

קויפט באַרגנס, ווייבער, צוויי פּאָר אַ קוואָדער. טייערע אַנטיקן, ווייבער... ס'ווערט שפּעט, שוין באַלד שבת. כאַפּט אַ מציאה, ווייבער! ביליק ווי באַרשט..."

איך בין געבליבן שטיין לעבן אַט דעם קרעמל און זיך איינגעקוקט אין דער טשיקאַווער סחורה. ס'איז געווען אַן אויסטערלישער געמיש פון די משונהדיקסטע אַנטיקן: צעהאַקטע אונטערוועש... אַ טערקישער שאַל מיט לעכער... אַ בילד פון ראַספּוטין און מערי פּיקפאָרד... אַ צעבראָכענע וואַזע... אין אַ גרויסער באַגילדיקטער ראַם איז געווען דאָס בילד פון צאַר ניקאָלאַי, נאָר עס האָט אים געפעלט דאָס רעכטע אויג... אויף אַ צווייט וועגעלע זיינען געלעגן אַלטע ענגלישע זשורנאַלן, עטלעכע ביכער אָן טאָוולען און אַ פּאָר פּסחדיקע הגדות. איך האָב מיט נייגיר באַקוקט די טשיקאַווע אַנטיקן. נאָר מיטאַמאָל האָב איך דערפילט ווי פלאָרענס שלעפּט מיך ביים אַרבל: — וואָס האָסטו זיך דאָ אָוועקגעשטעלט קוקן אויף דעם „גאַרבעדזש?" אויב דו האָסט אַזוי ליב צו קוקן, וועל איך דיך פירן אויף דער פיפטער עוועניו צו טיפאַניס שאָו־פענצטער, וועסטו כאָטש אין דיין פאַנטאַזיע זיך קענען אויסקלייבן אַ טייערן ברילִיאַנטענעם בראַסלעט, אַ פינגערל מיט אַ גרויסן דיימאַנד, אָדער גאָר אַ שפּילקע פון טייערע רובינען... קום — האָט זי מיך אַ פעסטן שלעפּ געטאָן. איך האָב נאָך אַלץ זיך איינגעקוקט אין די אַנטיקן.

— קום אַוועק פון די פאַרשטונקענע שמאַטעס...

זי האָט מיך מיט כעס אַוועקגעשלעפּט פונעם וועגעלע.

געוואוינט האָבן זיי אין אַן אַלטן טענעמענט־הויז אויפן דריטן גאָרן, אַזוי, אַז ווען איך האָב געשטעלט איין פוס אויף אַ טרעפּ, האָט די צווייטע טרעפּ געענטפערט מיט אַ קוויטש... און כאָטש אין גאַס איז נאָך געווען העלער טאָג, איז דאָ אויף די שטיגן געווען אַזוי פינצטער, אַז איך האָב מיך געמוזט אָנהאַלטן אָן פלאָרענסן, כדי ניט צו פאַלן. דאָס איז געווען איינע פון יענע הייזער, וועגן וועלכע מען האָט אין איין רעדן, אַז מען גייט זיי אַרונטערוואַרפן, ביז עס קומט אַ פייער און ווישט אָפּ די דאָזיקע פייער־פאַסטקעס.

גייענדיק אויף די שטיגן, בין איך אַריין אין אַ געדריקטער שטימונג

נאָר ווען כ׳האָב אָן עפן געטאָן די טיר און דערזען די שטוב, איז די שלעכטע שטימונג פאַרשוואונדן.

ס׳האָט מיך אַרומגענומען אַ ליבע היימישקייט. דאָס גרויסע צי־מער, וואָס איז געווען די קיך, האָט אויך געגאָלטן פאַרן עס־צימער. ס׳איז געווען ליכטיק און ריין צוגעקליבן. אויפן טיש זיינען געשטאַנען זילבערנע לייכטער, מיט נאָך ניט קיין געצונדענע ליכט. פונעם ווייסן טישטוך, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, האָט אַראָפּגעבלאַנקט היימיש זילבערוואַרג. צוויי חלות זיינען געווען צוגעדעקט מיט אַ קליין ווייס האַנט־אויסגענייט טישטוכל. פון דעם גרויסן אויוון, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט מיט טעפּ, האָט זיך געטראָגן אַן אנגענעמער ריח פון גע־שמאַקן געקעכץ. פון יעדן ווינקעלע האָט אַרויסגעשיינט דער היימישער שבת.

פלאָרענסעס פאָטער איז געווען אַ שיינער איד מיט אַ לאַנגער, באַ־זילבערטער באָרד. ווען מיר זיינען אַריין אין הויז, האָט ער זיך גע־דרייט איבערן שטוב מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און אונטער־געברומט עפּעס אַ גמרא־ניגון. די מאַמע האָט זיך געפּאָרעט אַרום די טעפּ. זי איז געווען אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ פיין, עכט אידיש פּנים, מיט אַ פּאָר שווארצע אויגן, און שטילער באַנעמונג, האָט זי אויסגעקוקט פונקט דער היפּוך פון איר טאָכטער. דאָס הויז־קלייד מיט דער ברייטער שירץ, וואָס זי האָט געטראָגן, האָבן געבלאַנקט פון ריינקייט.

פונם גרויסן קאָנטראַסט, וואָס איך האָב דאָ דערזען צווישן פלאָ־רענסן און אירע אייגענע, בין איך געוואָרן אינגאַנצן צעטומלט. איך האָב בשום־אופן ניט געקענט זיי צוזאַמענבינדן פאַר אייגן בלוט און פלייש. און מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלן צי איז דאָס ניט אייבע פון פלאָס שפּיצלעך ?! אפשר איז דאָס גאָר ניט איר היים ? . . .

עס זיינען אָנגעקומען נאָך קינדער, צוויי זין און אַ פאַרהייראַטע טאָכטער מיטן איידים און צוויי קינדערלעך.

ס׳איז געוואָרן פריילעך, די מענער האָבן זיך געוואַשן צום עסן, די מאַמע האָט גענומען אויסטיילן די געפילטע פיש. ווען זי האָט מיר דער־לאַנגט מיין חלק, האָב איך איר באַדאַנקט און איר געזאָגט, אַז איך האָב שוין אַזאַ שבת ניט געזען זינט איך האָב פאַרלאָזט די אַלטע היים.

עס איז עפּעס אַזוי ווי ביי טאַטע־מאַמע אין הויז. האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט און האָט מיט אַנטציקונג אויסגערופן: „הער נאָר, חיים, זי רעדט דאָך אַזאַ שיינעם אידיש! ווי קומט צו אַן אַמעריקאַנער מיידל אַזאַ פיינעם אידיש? דו ביסט אַוודאי געקומען קיין אַמעריקע נאָך גאָר אַלס קליין קינד, דערפאַר ביסטו איצט שוין אַ גאַנצע אַמעריקאַנקע״.

האָט פלאָרענס דעמאָלט אַ קוק געטאָן אויף איר מוטער מיט אַ חוזק־שמייכעלע, וואָס האָט געזאָגט:

— קוק מיר נאָר אָן די מבינטע אויף אַמעריקאַנישקייט! . . .

מען האָט אָנגעהויבן רעדן פון דער היים. אַלע האָבן אָנטייל גענומען אינעם געשפּרעך. ס׳איז געוואָרן פריילעך. פלאָרענס, האָב איך באַמערקט, איז געזעסן ווי אויף אַ פרעמדער חתונה.

— שוין ווידער געפילטע פיש! — האָט זי אַרויסגעזייט צווישן די ציין. זי האָט די פיש אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט.

— וואָס דען, מיין קינד, זאָל איך דיר געבן לכבוד שבת?

— „לכבוד־שבת, „מיי־איי״ — האָט פלאָ זיך צעבייזערט, און אויסדרייענדיק זיך צו מיר, האָט זי געזאָגט:

— איך גיב דיר אַוועק דעם גאַנצן טאָפּ געפילטע פיש פאַר איין פאָרציע „טשאָפּ־סואי״...

און גאַנץ שטיל האָט זי צוגעגעבן: „מיר וועלן שפּעטער אַריינגיין צום „טשינק״, וועל איך ערשט האָבן מיין ריכטיקן סאָפּער״...

זי האָט זיך כמעט ניט צוגערירט צו די געשמאַקע און עכט־אידישע מאַכלים.

נאָכן עסן האָט איר מוטער זיך באַקלאָגט פאַר מיר: „איך זע, האָט זי געזאָגט, אַז דו ביסט אַן אמת־אידיש קינד, וואָלט איך דיך געבעטן, זאָלסט רעדן מיט מיין פייגעלען, עפּעס איז זי גאָרניט ווי אַלע מיינע קינדער, זי איז די אינגסטע ביי מיר. ווען איך האָב זי געבראַכט קיין אַמעריקע, איז זי נאָך קיין יאָר ניט אַלט געווען. די אַנדערע קינדער מיינע זיינען שוין אַלע געוואָקסענע, און אַזוי האַלט זי זיך פרעמד פון טאַטע־מאַמע, און אויך מיט די שוועסטער און ברידער. וואָס איך גיב איר עסן, געפעלט איר ניט, זי ווערט פאַרשוואונדן פון הויז ביז

אין דער שפּעטער נאַכט אַריין, און זאָגט ניט צומאָל, וואוהין זי גייט, און זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געבראַכט אירע חברטעס צו מיר אין הויז. דערפאַר האָב איך זיך באמת דערפרייט ווען איך האָב געזען מיט וועמען זי חברט זיך. אפשר, שרהלע, — האָט זי געבעטן, וואָלסטו ביי איר געקענט פועלן, אַז זי זאָל ווערן לייטישער?!...

ווען מיר זיינען מיט אַ שעה שפּעטער געזעסן אין כינעזישן רעס־טאָראַן און געגעסן „טשאַפּסואי״, האָט פלאָרענס געהאַט צו מיר אַ טענה, למאי איך עס ניט! — און עפּעס — האָט זי ווייטער געטענהט — קוק־סטו מיר אויס גאָר ווי אַ נעבכטיקע...

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, פלאָ, עפּעס קען איך ניט פאַרשטיין, ווי עס קומען צו דיר אַזעלכע עלטערן?

זי האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן פון דער פראַגע און געענטפערט:

— וואָס זשע, מען האָט מיר דען געגעבן אויסצוקלייבן וועלכע עלטערן איך וויל? נו, אַוודאי ווען מען וואָלט ביי מיר געפרעגט, וואָלט איך אויסגעקליבן די ראָקעפעלערס, די וואַנדערבילטס, אַמוויינסטנס די שיפס פאַר עלטערן, וואָלט איך מסתמא מער הנאה געהאַט פון מיין לעבן, און ניט געדאַרפט לעבן אין אַזאַ חושך... אָבער ניט געזאָרגט, סיידי, — האָט זי אַ פרייליכע אויסגערופן:

— איך וועל אַזוי ווי מיינע עלטערן ניט לעבן, און ווי מיין פאַרהיי־ראַטע שוועסטער אַוודאי און אַוודאי ניט... אַ לעבן אַביסל — האָט זי שוין גערעדט מער צו זיך אַליין ווי צו מיר — מען קען זיך קיינמאָל ניט פאַרגינען אַ קלייד, אַ פאָר שיך, און אָפט פעלט אויף ברויט. און רעד מיט מיינע עלטערן, וועלן זיי דיר דערציילן, אַז מיין שוועסטער האָט געטאָן אַ גוטן שידוך... דער שוואָגער מיינער אַרבעט ביי בייטלען, איז שטענדיק הערט מען ביי אונדז אין הויז די ווערטער: „ביזי״, „סלעק״ און „סטרייק״. נאָר אַממייסטנס — דאָס וואָרט „סטרייק״... פרייטיק עסט מיין פאַרהייראַטע שוועסטער מיטן מאַן און קינדערלעך ביי אונדז. שבת, ביי אונדז... און אָפטמאָל אין מיטן וואָך אויך... ער איז אַ פאַרברענטער יוניאָן־מאַן, מיין שוואָגער, לויפט צו די מיטינגען, פאַר דער יוניאָן לויפט ער אין פייער און אין וואַסער,

דעם ערשטן מאַי טראָגט ער די פאָן... נאָר קיין לעבן מאַכט ער ניט, רעד אָבער מיט מיין מאַמען, וועט זי דיר דערציילן, אַז ער איז אַ גאָל־דענער יונגערמאַן, האָט ניט קיין גאַל... און טשעפּעט ניט קיין פליג אויפן וואַנט... ער רויכערט ניט, שפּילט ניט אין קאַרטן, און קוקט ניט אויף קיין פרעמדע פרויען. גאָלד און זילבער.. נאָר קיין ביסל „קעש" איז ניטאָ... כאַ־כאַ־כאַ,—האָט זיך פלאָרענס פלוצלונג פאַנאַנ־דערגעלאַכט, — דו ווייסט, פונקט אַזאַ „פיינעם" יונגנמאַן האָט מיין שוואָגער געבראַכט פאַר מיר. מען האָט ביי מיר ניט געפרעגט. אַ „סורפּרייז" אַזאַ... האָסט געדאַרפט אָנקוקן דעם פאַרשוין, עס איז מיין שוואָגערס אַ שוועסטערקינד, דער פאַרמאַן פון זיין שאָפּ!

— ווי אַזוי איז ער דיר געפעלן?

— גרויסאַרטיק! האָסט אים געדאַרפט אָנקוקן. דער ריכטיקער „מאַקי", האָט גערעדט מיט אַ אידישן אַקצענט, האָט געטראָגן אַ שווערן זייגער מיט אַ קייטל, און האָט געקייט טשואינג־גאָם, דער ריכטיקער מאַנספאַרשוין פאַר מיר!...

— און וואָס פאַר אַ מאַן וואָלסטו געוואָלט?

— איך האָב שוין!

— אַ, יענעם מיינסטו, פון די אויל־קוואָלן?

— יאָ, טאַקע יענעם.

— און וואָס ועסטו טאָן, — האָב איך געוואָלט וויסן, — ווען יע־נער וועט ניט רייך ווערן?

— ער וועט יאָ רייך ווערן! — האָט זי עקשנותדיק אויסגערופן — „איט'ס אין די בעג"... ער איז אַ וועלטלעכער מענטש, ניט קיין כניאָק. מיר קלייבן זיך באַרייזן די וועלט און — האָט זי צוגעלייגט — צום ערשטן פאָרן מיר קיין האָליוואָוד...

— ווילסט טאַקע ווערן אַן אַקטריסע?

— איך וועל ווערן! וועסט זען!

— וועסטו מיך כאָטש דערקענען, ווען דו וועסט ווערן גרויס?

— זיכער וועל איך דיך דערקענען...

מיטאַמאָל האָט זי זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטן און געזען, אַז

עס איז ניטאָ קיין שום באַקאַנטער אַרום, האָט זי פֿאַרזיכטיק אַריינגעלייגט די האַנט אין בוזים און פֿון דאָרטן אַרויסגענומען אַ ווייס טאַשן־טיכל, וואָס איז געווען פֿאַרקניפּט. זי האָט דעם קנופּ פֿאַרזיכטיק אויפֿגעבונדן, ס'האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן, ס'איז געווען אַ גאָלדן פֿינגערל מיט אַ טייער בריליאַנטן שטיינדל.

— נאָ, זע!

— ס'איז טאַקע אַן אמתער בריליאַנט?

— אמת ווי גאָלד! איך מיין — האָט זי זיך געכאַפּט — ווי בריליאַנט, נאָר איך בין שוין מיד פֿון טראָגן דאָס אין בוזים . . . איך גיי דאָס טראָגן אויף דער האַנט. אין הויז וועל איך זאָגן, אַז איך האָב מיר דאָס געקויפֿט אין פֿינף און צען סענט סטאָר . . .

זי האָט נאָך לאַנג גערעדט און געבויט פֿאַר מיר לופֿט־שלעסער וועגן איר הערלעכער צוקונפֿט. איך האָב איר געוואונטשן גליק. מיר האָבן זיך געזעגנט, און איך האָב איר צוגעזאָגט, אַז פֿאַרן שאַפּ בלייבט אַלץ ווי געווען, קיין וואָרט פֿון איר היים און איר לעבן.

עס זיינען אַוועק וואָכן און חדשים. אין שאַפּ איז אַלץ געגאַנגען מיטן געוויינלעכן גאַנג, בלויז פֿלאָרענס האָט וואָס אַמאָל מער אויסגעפֿעלט ביי דער אַרבעט. אין אָנהויב פֿלעגט זי אַריינקומען שפּעט, דאַן האָט זי גענומען אויספֿעלן טעג . . . און צולעצט איז זי אינגאַנצן מער ניט געקומען — און אויס!

דורך דער צייט האָט זי מיר דערציילט, אַז זי קלייבט זיך פֿאָרן קיין קאַליפֿאָרניע מיטן „דזשענטלמאַן־פֿרענד", וועלכער וועט אָט־אָט ווערן שטיין־רייך . . .

נאָר איינמאָל איז זי געקומען אין שאַפּ אַריין זייער אַ פֿאַרטרויערטע. זי האָט מיר דערציילט, אַז דער פֿריינט אירער איז ערגעץ פֿאַרשוואונדן ווי אין וואַסער אַריין... ער וואוינט מער ניט אויפֿן אַלטן אַדרעס. ערשט ווען ער איז פֿאַרשוואונדן, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי ווייסט זייער ווייניק וועגן אים . . .

עטלעכע וואָכן איז זי געווען שטאַרק פֿאַרטרויערט, נאָר איין טאָג

איז זי אַריינגעקומען אַ פרייליכע, פונקט ווי די אַמאָליקע „פלאַ״. זי האָט מיר דאַן פאַרטרויט אַ סוד, אַז זי האָט באַגעגנט אַ מאַן, וואָס איז עפּעס אַן אויסנאַם פון אַ מענטשן, מיט אַלע מעלות. אַלע טירן, וואָס פירן צו אַ קאַריערע אין די מואוויס, זיינען פאַר אים אָפן. ס׳איז גאָר קיין צווייפל ניט, האָט זי מיר פאַרזיכערט, אַז אָט דער איז דער ריכטיקער.

צוויי וואָכן נאָך אָט דער באַקאַנטשאַפט איז זי אינגאַנצן פאַרשוואונדן, אפילו ניט געזעגענענדיק זיך מיט מיר.

איך האָב אָפּגעוואַרט אַ שטיקל צייט און געהאָפט, אַז זי וועט מיר קלינגען אויפן טעלעפאָן, אָדער שרייבן אַ בריוול. נאָר ווען איך האָב אַלץ ניט געהערט פון איר, בין איך אַוועק צו אירע עלטערן, און דאָרט געפונען איר מוטער אַ פאַרוויינטע. זי האָט מיר געוויזן אַ קאַרטל, וואָס איז יענעם טאָג אָנגעקומען. ס׳איז געווען פון פלאָרענסן פון קאַליפאָרניע. זי שרייבט, אַז זי איז געזונט און גליקלעך. זיי זאָלן זיך ניט זאָרגן פאַר איר, ווייל עס גייט איר זייער גוט, אָבער קיין אַדרעס אויף צוריק האָט זי ניט אָנגעגעבן.

עס זיינען געלאָפן חדשים און יאָרן, און פון פלאָרענסן האָב איך מער ניט געהערט, אויך אירע עלטערן האָבן אויפגעהערט צו קריגן די מאָגערע קאַרטלעך אָן אַדרעסן אויף צוריק.

דורך דער צייט פלעג איך איר זוכן אין די מואוויס. כ׳ווייס, אפשר וועט זי זיך פאָרט דערשלאָגן און ווערן אַן אַקטריסע? און איינמאָל האָב איך איר טאַקע געזען. געווען איז דאָס אין אַ מאַסן־סצענע פון עפּעס אַ היסטאָריש בילד. הונדערטער פּאָרלעך זיינען אויסגעפּוצטע אין גראַפישע און פּרינצלעכע קליידער געקומען צו אַ קעניגלעכן באַל, די מוזיק האָט געשפּילט, און די פּאָרלעך האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ, און אָט שוועבט פאַרביי אַ פּאָרל. די דאַמע האַלט דעם קאָפּ הויך פאַרריסן, טוט אַ פאָכע מיטן פעכער אַזוי אַריסטאָקראַטיש, און מיט אַזאַ פאַרנעם, ווי זי וואָלט געווען די „סטאַר״ פונם בילד. אָבער ס׳איז גאָר פלאָרענס! פון גרויס איבערראַשונג האָב איך אַזש אויסגעשריען איר נאָמען. די גאַנצע סצענע האָט געדויערט ווייניקער ווי אַ מינוט. איך בין אָבער געזעסן און געוואַרט ביז מען האָט דאָס זעלבע בילד גע־

וויזן נאָכאַמאָל, האָב איך ווידער דערזען פלאָרענסן, אָבער ווידער האָט זי בלויז אַ שוועב פאַרביי געגעבן און איז פאַרשוואונדן . . .

פון זינט יענעם דעביוט אירן, האָב איך שטאַרק געהיט די סינע־מאַ, איבערהויפּט בין איך געגאַנגען צו יענע בילדער, וואו מען האָט געוויזן מאַסן־סצענעס... איך האָב איר אָבער שוין מער קיין מאָל ניט געזען.

ס'זיינען געלאָפן די יאָרן און איך האָב שוין געהאַט אינגאַנצן פאַרגעסן אין פלאָרענסן.

איינמאָל פאָר איך מיט אַ גאַנצע גרופּע פריינט קיין קוני־איילאַנד. מיר לאָזן זיך וואוילגיין, פאָרן אויף דעם קאַרוסעל, פאָרן אין „לאָווערס לעין", וואו עס ווערט פינצטער . . . אויף וועגעלעך, וואָס זעצן אַרויס די קישקעס . . . מיר שיסן מיט אַ ביקס אויף הילצערנע פערדלעך . . שפּעטער באַקוקן מיר די וואונדער פון די פאַרשידענע פאַרזעעניש, אַ דאַמע מיט אַ באָרד, אַ מאַן מיט צוויי קעפּ... אַ יונג, וואָס שלינגט מעסערס . . . און דאָ האָט דער מאַן, וואָס גייט אַרום און טייטשט אויס די וואונדער, געלאָזט וויסן, אַז יענע, וועלכע וועלן באַצאָלן עקסטראַ צען סענט, וועלן זען דעם גרעסטן פון אַלע וואונדער, נעמלעך, ווי מען לייגט אַריין אַ גאַנצע דאַמע אין אַ קאַסטן, און מען צעשניידט איר אויף שטיק־לעך, און שפּעטער דורך דעם גרויסן מופת פונם מכשף ווערט זי צוריק גאַנץ... מיר האָבן באַצאָלט די צען סענטיקע און געגאַנגען זען דאָס וואונדער.

אין טעאַטער זיינען געזעסן עטלעכע צענדליק מענטשן און געוואַרט דאָס שפּיל זאָל זיך אָנהייבן.

ס'איז אַרויס דער כישוף־מאַכער, אַ הויכער יונג מיט אַ פּאָר קליינע שוואַרצע, כיטרע אויגעלעך. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ טורבאַן, ווי אַ טערק, און אָנגעטאָן איז ער געווען עפּעס אין אַ קאָלירטן משונה־דיקן כאַלאַט.

ער האָט פאַר אַלעמען דערקלערט, וואָס אַזוינס ער גייט דאָ באַ־ווייזן, און דערביי געוואָרנט ניט צו ווערן היסטעריש, און זיך ניט צו שרעקן... ווייל ער וועט די דאַמע שפּעטער גאַנץ מאַכן . . .

אויף דער קליינער פלאַטפאָרם איז שוין געשטאַנען אַ לאַנגער קאַסטן מיט פאַרשידענע מעשענע זאַוויעסקעס. באַלד איז אויך אַרויסגע־קומען די דאַמע, וועלכע ער האָט געדאַרפט צעשניידן. זי איז געווען אַן אויסגעפּוצטע אין אַ קורץ רויט קליידל מיט פאַרשידענע פּאַטשערקעס און שימערירנדיקע שטיינדלעך. איך האָב זיך איינגעקוקט אין דער דאַ־מע, וועלכע איז געווען שטאַרק אָנגעפּאַרבט, איז געווען אַ „גע־בליטשטע״ בלאָנדינקע. עפּעס האָט זי מיר אויסגעקוקט קענטלעך. איך האָב געקנייטשט דעם שטערן, געזוכט זיך צו דערמאָנען וואו איך האָב ערגעץ די דאַמע געהאַט באַגעגנט, און זיך בשום־אופן ניט געקאָנט דערמאָנען וואו איך האָב איר פריער געזען.

מיט אַמאָל האָט זי אַ שמייכל געטאָן מיט אַ מויל גרויסע ווייסע ציינער און איז שנעל אַריין אין דעם קאַסטן . . .

פּלוצלונג האָב איך זיך דערמאָנט און עס האָט אויפגעבליצט ביי מיר אין מוח „פלאָרענס״. די גאַנצע צייט, וואָס דער שוואַרץ־קינסטלער האָט געשניטן פלאָרענסן, בין איך שוין געזעסן ווי אויף הייסע קוילן.

איך האָב געוואָלט, אַז דאָס שפּיל זאָל זיך ענדיקן וואָס שנעלער, כדי איך זאָל ענדלעך קענען רעדן מיט איר.

איך האָב זיך אויך געוואָלט טרעפן מיט איר פּנים־אל־פּנים.

ווען זי איז ווידער גאַנץ געוואָרן, איז זי אַרויס פון קאַסטן, האָט זיך פאַרנייגט, אַ שמייכל געטאָן און איז פאַרשוואונדן הינטער אַ שמוציקן פאָרהאַנג.

איך האָב אַ צעטומלטע איבערגעלאָזט אַלע מיינע פריינט, און בין געלאָפן הינטערן פאָרהאַנג, כדי זיך צו זען מיט מיין אַמאָליקער פריינדין.

ווען איך בין אַריין, איז זי געזעסן לעבן אַ שפּיגל אין אַ שמוציק ציגיינער־ביידל און געדרויכערט אַ פּאַפּיראָסל.

— פלאָרענס!! — האָב איך מיט פרייד אויסגעשריען — דו דער־קענסט מיך?

זי האָט מיך אָנגעקוקט פרעמד און מיט גרויס חידוש.

— ניין — האָט זי אַרויסגעזאָגט טרוקן — איך קען אייך ניט.

— אָ, קוק זיך איין, פּלאָ, דאָס בין איך דאָך, סיידי.

— עס טוט מיר לייד, איר מאַכט געוויס אַ טעות.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט אוועקצוגיין, אָבער דאָ האָב איך איר פאַרשטעלט דעם וועג און געזאָגט:

— פּלאָרענס, דו געדענקסט ניט סיידין, דיין פריינדין? מיר האָבן דאָך ביידע געאַרבעט אין דער ניין־און־דרייסיקסטער סטריט ביי דאַמען־היט, אין דער סיימאָן העט קאָמפּאַני.

— איך האָב קיינמאָל ניט געאַרבעט אין קיין שאָפּ. איך בין פון מיין קינדהייט אָן אין די „שאָו־ביזנעס״. ביז ניט לאַנג צוריק בין איך געווען אַ רייטערין אויף אַ פערד אין דעם גרעסטן צירק. איך בין אַראָפּגעפאַלן פון פערד . . .

איך האָב זיך אַביסל צעקלאַפּט און געמוזט האָבן רו. בין איך אוועק־געפאָרן אויף מיין גרויסן „רענטש״ אין טעקסעס, דאָרטן האָב איך מיך גוט אויסגערוט, אָבער לאַנג רוען קען איך נישט . . . דערווייל ביז דער צירק וועט זיך ווידער עפענען, אַרבעט איך דאָ — אויס לאַנגווייל . . .

אין דעם גרויסן צירק בין איך די הויפּט־רייטערין: די מוזיק שפּילט אַ מאַרש, און איך, מיט מיין ווייסן פערד, שפּרינגען דורך אַ פייערדיקן ראָד . . . איר שטימע איז געווען הויל און אָנגעשטרענגט, עפּעס אַזוי ווי זי האָלט איין אַ געוויין . . .

מיטאַמאָל האָב איך באַמערקט אויפן טישל, אויף וועלכן עס איז געלעגן אָנגעלייגט שמינקע און אויסגערויכערטע שטיקלעך פּאַפּיראָסן, אַ צעטל פון אַ „פּאָון־שאָפּ״ מיט פלאָרענסעס נאָמען, פופצן דאָלער איז דאָרטן געווען פאַרשריבן פאַר אַ זייגערל. איך האָב שנעל אָפּגעווענדט מיין בליק פונעם צעטל, און נאָכאַמאָל אַפּעלירט צו מיין אַמאָליקער פריינדין:

— פלאָרענס טייערע, דו האָסט מיר צוגעזאָגט, אַז ווען דו וועסט אַמאָל ווערן באַרימט, וועסטו אין מיר נישט פאַרגעסן, מיר וועלן פאַר־

בלייבן אייביקע פריינט, און איצט, אַז דו ביסט גרויס געוואָרן און איך האָב דיך ענדלעך געפונען, נאָך לאַנגע יאָרן פון זוכן, ווילסטו מיך נישט דערקענען ? . . .

— הער שוין אויף, סיידי, — האָט זי ניט אויסגעהאַלטן און איז אַ פאַל געטאָן צו מיר און האָט איר קאָפּ אָנגעשפאַרט אויף מיין אָרעם. איך האָב געזען, ווי זי ווישט בגנבה אַ טרער.

— וואָס מאַכסטו, סיידי ? — האָט זי געפרעגט מיט אַ געשפּאָלטע־נער שטים.

— אָ, איך בין אָל־רייט. קום צו מיר אַהיים. קענסט ביי מיר וואוי־נען אויב דו ווילסט. אָ, פלאָ, איך וואָלט אַזוי געוואָלט וויסן, ווי עס איז דיר געגאַנגען די גאַנצע צייט.

זי האָט זיך מיט אַמאָל אויסגעגלייכט, האָט טיף אַריינגעצויגן דעם רויך פונם פּאַפּיראָס, וועלכן זי האָט געהאַלטן אין מיטן רויכערן, און געזאָגט :

— ס׳טוט מיר לייד, סיידי, וואָס איך קען ניט אָננעמען דיין איינלאַ־דונג. אַ דאַנק. די צייט דערלויבט מיר דאָס ניט, כ׳בין אַ צו־פאַרנומענער מענטש . . . אָט דאָ ענדיק איך די טעג . . . איך פאָר צוריק אויף מיין „רענטש״ אין טעקסאַס, וואו איך האָב אייגענע פערד, בהמות, לאַנד, ווייַן־גערטנער . . . איך וועל זיך אַביסל אויסרוען אויף מיין רענטש . . און דאַן צוריק צום צירק . . . צוריק צום רייטן ! דו קענסט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן וואָס פאַר אַן אינטערעסאַנטן לעבן איך פיר. איך רייט אויף אַ פערד דורך אַ פייערדיקן ראָד, דאָס פייער ברענט אַרום אַ גרויסן רייף, די מוזיק שפּילט און איך מיט מיין ווייסן פערד פליען דורך אין מיטן . . .

זי האָט זיך אַלץ מער צעצונדן, און אַלץ מער גענומען דערציילן פאַנטאַסטישע מעשות, נאָר ווען זי האָט דערזען ווי איך שטיי אַזוי שטיל און דערשלאָגן, האָט זי אויסגערופן באַליידיקט :

— דו גלויבסט מיר גאָר ניט ? !

איר שטים איז אַרויסגעקומען צעשפּאָלטן, עפּעס אַזוי ווי זי האַלט זיך איין פון וויינען . . .

— ניין, פלאָרענס טייערע, זאָג מיר דעם אמת, — און איך האָב

איר אָנגעצייגט אויפֿן לאָמבאַרד־צעטל.

זי האָט מער ניט אויסגעהאַלטן און האָט מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער דערציילט:

— ס׳איז געווען אַ לאַנגער און שווערער וועג פֿאַר מיר פֿון סיימאָנס „העט־שאָפּ” ביז אַהער . . . איך האָב אָבער נישט געקענט פֿירן אַזאַ לעבן ווי מיין מאַמע און שוועסטער האָבן געלעבט. ווייל — איך בין אַנדערש . . . מיין לעבן איז אַנדערש . . . ס׳איז אַ אינטערעסאַנטער לעבן — שטורמישער . . . איך וועל נאָך ווערן גרויס און באַרימט...”

אירע דינע אַקסלען האָבן געצוקט פֿון איר שטילן וויינען . . . די טרערן וואָס זיינען גערונען פֿון אירע אויגן זיינען געווען שוואַרץ פֿון דער אָנגעשמירטער „מאַסקערע” אויף אירע וויעס . . . די טרערן האָבן אַראָפּגעוואַשן די רויטע פֿאַרב פֿון אירע באַקן און איבערגעלאָזט לאַנגע פּאַסן אויף איר בלייך אויסגעצערטן פּנים.

# די גנבטע

— וואו זאָל איך זיצן, אינעווייניק צי אין דרויסן ?

— אינעווייניק, און באַהאַלט דיין פּנים . . . — האָט דער טראָק־דרייווער אָנגעוויזן אויף אַ פאַרמאַכטן וואָגן אויף וועלכן ס׳איז געווען אָנגעשריבן עפּעס אַ נאָמען פון אַ פוטערוואַרג־פירמע.

— ס׳איז היינט אַזאַ שיין וועטער און איך וואָלט אַזוי וועלן זיצן דרויסן און זיך אָנזאַפן מיט דער פרישער לופט.

— אויב דו ווילסט דווקא זיצן אין דרויסן און שעפּן לופט, האָסטו היינט אַ גאָלדענע געלעגנהייט צו זיצן הינטער די גראַטעס . . .

— וואָס עפּעס אינמיטן דרינען ?

— אַ פינצטער לעבן אויף דיין קאָפּ ! אין מיטן דרינען גאָר ? — האָט זיך דער רויטער בעני צעקאָכט, — האָסט דאָך היינט אָנגעגנבעט אַ פולן טראָק מיט זאַכן . . . ס׳דרייען זיך אַרום בלויע רעק . . . פלאַכע פיס . . . אַ גאַנצער סקאַדראָן געהיים־פּאָליציי, וואָס שמעקן מיט די נעז ווי אַ הונט צו אַ הינטעכע . . .

— איך האָב זיי ניין איילן אין דער ערד . . . יעטע די שאַפּליפ־טערין פייפט אויף זייער טאַטנס טאַטן . . . —האָט יעטע שטאָלץ אַרויס־געדעט, — מיך אַרט נישט און באַסטאַ !

— און מיך אַרט יאָ, — האָט דער רויטער בעני אַ געשריי געטאָן.

— וואָס איז ? וואָס ציטערסטו אַזוי אין די הויזן ?

— וואָס איך ציטער ? איך האָב אַ ווייב מיט קינדער און וויל ניט פוילן אין קרימינאַל צוליב עפּעס אַ ביליקע גנבטע פון קליינע גנבה־לעך . . .

יעטע, וועלכע האָט די גאַנצע צייט געדעדט רואיק, איז פון בעניס לעצטער באַמערקונג אַזש אונטערגעשפּרונגען פון כעס.

— וואָס מיינסטו דיר עפּעס אַ גנבטע פון קליינע גנבהלעך ? ס׳איז שוין צייט, אַז דו זאָלסט וויסן, דו רויטער פּעמפּיק, אַז איך בין פאַר־

רעכנט צווישן חברה גרויסער צעלייגער, פאַר אַ פאַך־לײדי מיט גאָלדענע פינגער . . .

— דו קריכסט אַריין צי נישט ? — האָט דער יונג אומגעדולדיק געפרעגט, אַרומקוקנדיק זיך מיט מורא אויף אַלע זייטן.

— וואָס איז, וואָס האָסטו אַזוי מורא ? — האָט זיך יעטע אַלץ ניט געקאָנט איינשטילן,—דו טרייבסט דאָך בלויז דעם טראָק און איך טו די שווערע אַרבעט... דו זיצסט דיר ווי אַ פריץ אויף דער לופט און איך צאָל דיר דערפאַר מיט כשר־פאַרהאָרעוועט געלט . . .

— דו גייסט אַריין צי נישט ? — האָט בעני אַ דערצאָרנטער אויס־געשריען און דערביי האָט ער נערוועז געדרייט דאָס רעדל פון טראָק. אַ פאַרע האָט געזעצט פון מאָטאָר.

— אַז שרייען זאָלסטו אויף די ציין, רבונו־של־עולם, — האָט יעטע אַ וואָרף געטאָן די ווערטער צום רויטן.

זי האָט דערביי אָן עפן געטאָן דאָס פאַרמאַכטע טירל, איז שנעל אַריין אין טראָק, וועלכער האָט שוין אָנגעפאַנגען צו פאָרן.

אינעווייניק האָט יעטע נאָך אַלץ געצאָרנט :

— בענעלע קרעכצער, אַ בראַנד אים אין די יאַסלעס !

אַ מידע, אָן אויסגעשעפּטע פון אַ טאָג אָנגעשטרענגטער „אַרבעט", איז זי געבליבן זיצן אין פינצטערן וואָגן אויף אַ פּאַק סחורה. עס האָט געשטיקט מיט פאַרדעמפטער לופט. יעטע האָט מיטאַמאָל דערפילט, אַז זי איז דורכגענעצט מיט שווייס און האָט זיך געכאַפּט, אַז זי איז נאָך פול מיט סחורה. זי האָט אָנגעצונדן אַ קליין עלעקטריש לעמפל, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ ווינקל פון טראָק, און האָט זיך גענומען אויסליידיקן... פון הינטער איר קלייד האָבן גענומען פאַלן טייערע אונטערוועש, ביילאַך־זאָקן, זיידענע שפּיצן, טייערע בלוזקעס. זי האָט זיך ארומגעקוקט און גענומען ציילן די אָנגעלאַטכנטע אַרטיקלען, וועלכע זי האָט דורכן טאָג אַהער געבראַכט . . . עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז עס פעלן זאַכן... „זאָל ער דערהרגעט ווערן, בענעלע גנב, זי וועט מוזן אויסזוכן אַ נייעם טרייבער, אַ מענטש, וואָס וועט נישט ציטערן און איר נישט באַסעווען : זיץ דאָ, זיץ נישט אינעווייניק, ליג איינגעלייגט, מען קוקט, מען זעט, מען גייט . . . וואָס איז, זי האָט אפשר ווייניק צרות אין דער היים ? פון איר קינד מוז זי ליידן . . . אים אָבער וועט זי שיקן צום טייוול . . .

זי וועט קריגן אַ נייעם שאָופער מיט אַ טראַק און קאָנען זיצן אויף דער לופט. נאָר וואו וועט זי קריגן אַ בלאָטן יונג מיט אַ פאַרמאַכטן וואָגן? פאַרפאַלן, זי וועט שוין מוזן ליידן נאָך אַ שטיקל צייט. זי האָפט צו גאָט, אַז זי וועט גאָר אינגיכן פטור ווערן פון דער פינצטערער פרנסה... זי זאָל נאָר נישט אַריינפאַלן ביז דעמאָלט . . . אָט היינט האָט מען איר שיעור, שיעור נישט געפאַקט . . . אַ פּרויען־פּאָליציאַנטקע האָט איר אַ כאַפּ געטאָן פאַרן האַנט, נאָר זי האָט זיך געשיקט אַרויסגעריסן און איז פאַרשוואונדן צווישן געדיכטן עולם. איז דען אַ וואונדער, וואָס זי „אַר־בעט" נישט ווי עס דאַרף צו זיין? אַז די טאָכטער אירע צעמישט זי אינגאַנצן. דער קאָפּ איז איר נישט ביי דער „אַרבעט". אויב זי וועט זיך נישט נעמען אין די הענט אַריין, איז זי אין דער ערד מיט די ביינער, וועט נאָך אַריינפאַלן און דאַרפן פוילן אין קרימינאַל".

יעטע זיצט אויף אַ באַרג מיט „זאַכן", טראַכט און קנייטשט דעם שטערן. זי האָט געוואָלט געבן איר קינד אַ גוטע דערציאונג מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, האָט זי זיך עפּעס אַזוי אומבאַמערקט אַריינגעוואָרפן אין דער ביטערער פרנסה . . . איי, ווי די היץ שלאָגט דאָ, מען קאָן דאָך דערשטיקט ווערן!

זי האָט פאַרזיכטיק אָן עפן געטאָן אַ קליין טירל לעבן טרייבער און אַ זאָג געטאָן:

— רוק דיך, איך גיי זיך זעצן לעבן דיר.

— אוי, אַ רוח אין דיין געפּגרטן טאַטנס טאַטן אַריין! פאַרמאַך! אַ פּאָליציאַנט אויף אַ מאָטאָרסייקל פאָרט נאָך!

— ווער דערהרגעט מיט אים אינאיינעם, — האָט יעטע אַרויסגע־שטירעט פון צווישן די ציין און האָט שנעל פאַרמאַכט ס'טירל.

— אַ טאָג אַ ביסל, — רעדט יעטע צו זיך אַליין, און ציט זיך אויס אויף דער האַרטער באַנק, וואָס איז אַריינגעשטעלט אין טראַק, ווישט אָפּ דעם שווייס פון איר פנים און אירע געדאַנקען גייען ווידער איבער צו איר טאָכטער.

— אוי, — קרעכצט זי אויס, — די מויד וועט מיך טרייבן יונגער־הייט פון דער וועלט, — איז נאָך קיין פולע אַכצן יאָר ניט אַלט און וויל מער נישט לערנען און וויל נישט אַרבעטן, נאָר הוליען דורך די נעכט און שלאָפן גאַנצע טעג . . . ווען עס מאַכט זיך עפּעס אַ לייטישער יונגער־

מאַן, וואָס זאָל מיט איר חתונה האָבן, וואָלט זי געווען די גליקלעכסטע מאַמע אויף דער וועלט . . . ס׳וואָלט איר דעמאָלט אַראָפּ אַ שטיין פון האַרץ און אַן עול פון קאָפּ, און אַליין וואָלט זי נאָך אויך געקאָנט לעבן אויף דער וועלט.

יעטע טראַכט פון דעם געמוטשעטן לעבן וואָס זי האָט געפירט פון דעם טאָג וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט „טשאַרלי די דאָל״, אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער איז געווען שיין ווי אַ ליאַלקע. יעטע האָט ניט געוואָלט הערן ווען מענטשן האָבן איר געוואָרנט, אַז ער האָט די טשאַ־כאָטקע. ער אַליין האָט עס איר אויך געזאָגט. אמתע ליבע, — טראַכט יעטע, — וויל פון גאָרנישט וויסן. זי האָט מיט אים חתונה געהאַט, האָט זיך אָפּגעמוטשעט צוויי יאָר און ער איז געשטאָרבן און איר איבערגע־לאָזט מיט אַ פּיצל קינד אויף די הענט און אָן אַ פּעני געלט. קיין פאַך אין דער האַנט האָט זי נישט געהאַט. זי האָט זיך אויסגעזוכט אַ שטעלע ביי פּאַקן טשאָקאָלאַד. ס׳קינד האָט זי איבערגעלאָזט ביי אַ שכנה, און אין אָוונט ווען זי פלעגט גיין פון דער אַרבעט, האָט זי איינגעקויפט עסן, פלעגט אָפּנעמען ס׳קינד און גאַנץ פרי ווידער אַמאָל אַוועקגעטראָגן ס׳קינד. די פּאַרדינסטן זיינען געווען קליין, די שעהן לאַנג. אַ ביטער, חושכדיק לעבן איז דאָס געווען. ביז זי האָט זיך באַקענט מיט אירע אַ שכנה, די „מומע האָדל״. אַזוי האָבן איר אַלע גערופן, ווייל זי איז גע־ווען ווי אַ גוטע מומע צו אַלע ווער עס האָט נאָר אויסגעשטרעקט די האַנט, פלעגט געבן אַ סך צדקה און האָט פאַר יעדן געהאַט אַ וואַרימען שמייכל. קיינער האָט נישט געוואוסט פון וואַנען זי קומט און אַקוראַט מיט וואָס זי באַשעפטיקט זיך. מען האָט דערציילט, אַז זי איז זייער אַ רייכע אלמנה, וואָס האָט געירשנט אַ גרויסע ירושה. די גאָר נאָענטע האָבן געזאָגט, אַז זי האַנדלט מיט „געשוואַרצטע וואַרע״.

אויף יעטען האָט זי געהאַט גרויס רחמנות, וואָס אַזאַ יונג ווייבל מיט אַ פּיצל קינד דאַרף אַזוי פאַרפּינצטערט ווערן. און איינמאָל ווען ביי יעטען איז דאָס קינד קראַנק געוואָרן און זי איז אַריין צו דער מומע האָדל באָרגן אַ פּאָר דאָלער פאַרן דאָקטער, האט די מומע האדל איר צוגע־זאגט אויסצולערנען אַ טייער פאַך ביי וועלכן זי וועט קאָנען גוט פאַרדי־נען און נישט דאַרפן אַזוי שווער אַרבעטן.

זי האָט איר שפּעטער דערציילט, אַז זי האַנדלט מיט „געשוואַרצטע

סחורה״ . . . און אַז יעטע האָט נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען וואָס זי מיינט דערמיט, האָט זי איר דערקלערט, אַז זי שוואַרצט אַריבער די וואַרעס פון די גרויסע מאַגאַזין־געשעפטן צו זיך אין הויז אַריין . . .

— איך בין, — האָט זי געזאָגט, — אַ טייערע שוואַרצערין, — כ׳האָב גאָלדענע פינגער. איך, מיין טייער קינד, האָב שוין גענוג געלט. איך ווער אַלט און וויל מיר אויף דער עלטער רואיק לעבן און בכבוד . . . איך זע, אַז דו פלאָגסט זיך מיט אַ פיצל קינד, פאַרדינסט וואָסער אויף קאַשע . . . איך וועל דיך אויסלערנען די מלאכה פון שוואַרצן . . . אין מיין „פאַך״ דאַרף מען בלויז אַרבעטן אַ שעה־צוויי דורכן טאָג. דו וועסט האָבן גענוג צייט זיך אָפצוגעבן מיט דיין קינד און וועסט דיר לעבן ווי אַ גראַפיניע . . .

יעטע האָט נישט געוואָלט הערן דערפון. איר קינד איז דערווייל געוואָרן ערגער. זי האָט געמוזט אויפגעבן די שטעלע און אַכטונג געבן אויפן קינד. די „מומע האָדל״ איז געווען די איינציקע, וואָס פלעגט אָפט קומען. זי האָט שטאַרק ליב געהאַט ס׳קינד, האָט אויסגעבאָרגט אַ פּאָר דאָלער, האָט איר דערביי אויסדערציילט די ראָמאַנען פון איר אינטערעסאַנט לעבן . . . אַ גראַף איז געווען אין איר פאַרליבט ביז צום שטאַרבן . . . עס איז געווען אַ ראָמאַן נאָר צו באַשרייבן אין די ביכער . . . אָבער ליב האָט זי גאָר געהאַט איינעם אַ צירק־רייטער . . . דאָס זיינען געווען ראָמאַנען אין דער אַלטער היים. דאָ האָט זי ליב געהאַט איציקל גנב . . . ער האָט פאַר איר געגנבעט, אַבי זי זאָל האָבן . . . נאָר שפּעטער האָט זיך אין איר פאַרליבט אַ דאָקטער . . . נישט אַלץ, וואָס די „מומע האָדל״ האָט דערציילט, האָט יעטע געגלויבט, אָבער עס איז געווען גוט צו הערן אירע מעשות און פילן, אַז עס איז דאָ אַ מענטש, וואָס אינטערעסירט זיך מיט איר.

די „מומע האָדל״ האָט איר איינמאָל פאָרגעשלאָגן, אַז זי זאָל מיט איר בלויז מיטגיין זען ווי זי „אַרבעט״. זי דאַרף חלילה גאָרנישט טאָן, נאָר זאָל זי אויף טשיקאַווען זען ווי זי טוט די „אַרבעט״, און אַזוי האָט יעטע אָנגעפאַנגען מתחילת מיטגיין בלויז, „קוקן״, שפּעטער האָט זי געהאָלפן שוואַרצן די סחורה, ביז זי האָט אַליין אָנגעפאַנגען „שוואַרצן״. צום ערשטן מאָל האָט ביי איר שטאַרק געקלאַפּט ס׳האַרץ. שפּעטער האָט דאָס איר גערעגט און געצויגן . . . זי האָט מתחילת בלויז געאַרבעט אַ

שעה אַ טאָג און געהאַט גענוג פאַר אַלץ . . . ביסלעכווייז האָט יעטע „געאַרבעט" אַזוי געשיקט, אַז די „מומע האָדל" פלעגט פשוט אָנקוועלן פון אירע גאָלדענע פינגער . . . זי האָט איר דערביי געלערנט וועמען זי דאַרף צאָלן גרעפט (שוחד) און אויך אָוועקלייגן אַ „טאָלער" אין באַנק אויף דער עלטער . . .

עס זיינען געלאָפן די יאָרן, די טאָכטער איז אונטערגעוואַקסן. יעטע האָט געטאָן אַלץ כדי איר צו געבן אַ גוטע דערציאונג, נאָר קיין גרויס דרך־ארץ פאַר איר מאַמען האָט זי נישט געהאַט . . .

„איי, ווען איר סעמקע זאָל ווען שטעלן אַ חופּה".

באַשפּריצט מיט עפּעס אַ גלאַנציק שמירעכטס, פאַרקעמט ער אַזוי קע דער באַרבער, ווי אַלע אין דער נאָכבאַרשאַפט רופן אים. יעטע צע־שמייכלט זיך ברייט. זי האָט ליב פון אים צו טראַכטן. עס ווערט איר גוט אויפן האַרצן און גרינג אויף דער נשמה. איי, ווי ליב זי האָט אים. לאַנג קאָן זי אַזוי טראַכטן פון אים און אויספאַנטאַזירן איר צוקונפט. זי זעט ווי זי וואַרפט אָוועק איר „פינצטערע פּרנסה" און האָט חתונה מיט סעמקע שפּיגל. ער עפנט אַן אייגענעם באַרבער־שאַפּ מיט אַ פּול־רום, ווייל ביז ער וועט נישט האָבן אַן אייגענע ביזנעס, וועט ער נישט חתונה האָבן, אַזוי האָט ער איר אויסדריקלעך געזאָגט. זאָל סעמקע נאָר שטעלן די חופּה, וועט זי אויפקניפּן איר „קניפּל". איי, וועלן איר מענטשן מקנא זיין, און איר אייגענע טאָכטער וועט קריגן פאַר איר מער דרך־ארץ ווען זי וועט ווערן מרס. שפּיגל.

יעטע פאַנטאַזירט ווייטער:

זי זעט שוין ווי זיי גייען שפּאַצירן. ער האַלט איר געאָרעמט. זיין הויכע פיגור און ברייטע פּלייצעס ציען אויף זיך ווייבערישע בליקן. די גרויסע שוואַרצע אויגן שמייכלען און די קוטשעראַוואַטע האָר, וועלכע ער באַשפּריצט מיט עפּעס אַ גלאַנציק שמירעכטס, און פאַרקעמט אַזוי ממזריש, אַז אַלעמאָל וואַרפט זיך אַ לאָק אויפן שטערן. זי זעט גאַנץ גוט, אַז די בלאָנדע נעמט איין פאַר אים אַ נכפּה . . . זאָל זי נאָר פּרובירן . . . וועט זי איר די זייטן אונטערהאַקן . . . אַ מעסער!

— גוט מאָרגן, מיסעס שפּיגל, — באַגריסט מען איר פון אַלע זייטן.

און זי ענטפערט אַלעמען מיט אַ שמייכל „גוד־מאָרנינג", און זאָל זי זען ווער ס'איז די מיסעס שפּיגל.

„זע און קראַפּיר, דו בלאָנדע נקבה!"

יעטע האָט נישט באַמערקט ווי דער טראַק איז פּלוצלונג שטיין געבליבן. דער רויטער בעני האָט ברייט געעפנט דאָס טירל און אַ זאָג געטאָן:

— פרישע לופט!

יעטע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אירע חלומות און זיך דערזען לעבן איר הויז. זי איז אַרויס באַלאָדן מיט פּעק. דער רויטער האָט אויך געטראָגן פּעק געשוואַרצטע סחורה. זיי זיינען אַריין אין הויז. נאָכדעם ווי דער יונג האָט שוין געהאַט אויסגעלאָדן אויך די איבעריקע פּעקלעך, האָט זיך יעטע מיט אים צערעכנט. זי האָט אים באַצאָלט און נאָך צוגעגעבן אַ טרונק בראַנפן. זיי האָבן זיך געזעגנט ווי די בעסטע פריינט און זיך באַשטעלט אויף מאָרגן אין דער באַשטימטער צייט ווידער זיך צו טרעפן.

יעטע איז דערנאָך אַריין אין „פּאַרלאָר". ביים שפּיגל איז געזעסן איר טאָכטער דזשענקע. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ צווענגל און זיך געצופּט די ברעמען. ביי דער מוטערס אַריינקומען, האָט זי זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, נאָר איז זיך ווייטער אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט פון צופּן אַ ברעם.

— וואו קלייבסטו זיך היינט גיין, וואָס דו פּוצט זיך אַזוי? — האָט יעטע געפרעגט.

— איך וועל דיר לאָזן וויסן דורך אַ טעלעגראַמע, — האָט די טאָכטער חוצפּהדיק געענטפערט.

— אָט אַזוי רעדט מען צו אַ מאַמען?!

— מניע... — האָט די טאָכטער אָפּגעענטפערט.

פון דעם „מניע" האָט יעטע אַרויסגעלייענט „אויך מיר אַ מאַמע". געפילט האָט זי ווי צוצוגיין צו דער מויד און איר גוט אָנהרגענען, איר ביטער האַרץ אויסלאָזן צו איר, נאָר זי האָט זיך באַהערשט, ווייל יעטע ווייסט שוין פון לאַנג, אַז מיט בייזן וועט זי ביי איר גאָרנישט אויספירן. אינגאַנצן פּאַראיבל האָבן אויפן קינד קאָן זי דאָך אויך נישט, אַ מאַמע אַ גנבטע!... און שלעפּט זיך נאָך אַרום מיט סעמקע שפּיגל, וואָס איז יונגער פון איר. יאָ, זי ווייסט גוט, אַז דער טאָכטער געפעלט נישט דער שידוך...

— איך גיי אָפּקאָכן עפּעס עסן, — האָט יעטע געזאָגט און איז

אַרויס פון צימער. זי איז אַריין אין קיך, דאָרט עפּעס אויף גיך צוגע־שטעלט צום קאָכן און דערנאָך האָט זי גענומען אויססאָרטירן די גע־שוואַרצטע סחורה. זי האָט פאַרזיכטיק טייל זאַכן אַריינגעלייגט אין דער שאַפע, אַנדערע אַרטיקלען האָט זי אויסגעלייגט אין די שופלאָדן. שפּעטער איז זי אַריין אין וואַש־צימער, זיך אַרומגעוואַשן, אַרויפגעצויגן אַ הויז־קלייד, זיך געמאַכט באַקוועם. זי איז צוגעגאַנגען צום לאַנגן שפּיגל, ביי וועלכן עס איז נאָך אַלץ געזעסן איר טאָכטער דזשענקע, און זיך קונציק געשוואַרצט די בלאָנדע ברעמען.

מאַמע און טאָכטער זיינען געווען שטאַרק ענלעך. ביידע האָבן זיי פאַרמאָגט גרויסע, בלויע אויגן און בלאָנדע האָר, אַ גלאַטע ווייסע הויט מיט פאַרריסענע נעזלעך. די מאַמע איז געווען אַביסל העכער און דיק־לעכער פון דער טאָכטער.

יעטע, שטייענדיק ביים שפּיגל, האָט זיך פּלוצלונג צעלאַכט.

— דו ווייסט, — האָט זי אַ זאָג געטאָן צו דער טאָכטער, — ווען מיר וואָלטן אָנגעטאָן די זעלבע קליידער, וואָלט מען אונדז אָנגענומען פאַר צווילינג־שוועסטער.

דזשענקע האָט נישט איינגעשטימט:

— אין בעסטן פאַל, — האָט זי געזאָגט, — וואָלט מען דיך אָנגע־נומען פאַר מיין עלטסטער שוועסטער.

— איז פאַרוואָס טאַקע, טאָכטער, ווילסטו מיט מיר נישט לעבן בשלום, ווי מיט אַן עלטערער שוועסטער? — האָט זיך יעטע אָנגעכאַפּט אין דער געלעגנהייט, — אָט זע איך דאָך, אַז די לעצטע צייט האַלטסטו מיך עפּעס ווי איך וואָלט דיר געווען אַ שטיף־מאַמע, באַהאַלטסט זיך, זאָגסט נישט וואו דו גייסט . . . היטסט זיך פאַר מיר . . . איך בין אַ בלאָטע פרוי און איך וואָלט וועלן דו זאָלסט זיך פאַרטרויען פאַר מיר ווי פאַר אַן עלטערער שוועסטער. איך ווייס מער פאַר דיר, כ'האָב מער דערפאַרונג; וואָס שווייגסטו? פאַרוואָס ענטפערסטו מיר נישט אויף פראַגן וואָס איך פרעג דיך?

— דו זאָגסט מיר צופיל מוסר, מאַמע, דו האַלטסט פאַר מיר גאַנצע לעקציעס, און דו אַליין טוסט אַלץ וואָס מען טאָר נישט . . .

יעטע האָט דערפילט ווי אַ שאַרפע שפּיז וואָלט איר אַ שטאָך געטאָן.

„אַט דאָס איז עס !‟. זי האָט איינגעהאַלטן דעם וויטיק און בלויז אַ זאָג געטאָן :

— עס וועט שוין נישט נעמען לאַנג און איך וועל פון דער פינצטער־רער פרנסה פטור ווערן, כ׳וועל חתונה האָבן, ווערן אַ באַלעבאָסטע. איך וואָלט אָבער וועלן, אַז דו זאָלסט די ערשטע חתונה האָבן. מיין גרויס גליק וואָלט געווען ווען דו וואָלסט אויסגעזוכט אַ פיינעם יונגערמאַן און זיך „געסעטלט‟. איך וואָלט דיר געמאַכט אַ גרויסע פּאַראַדנע חתונה...

— האָסט אַזויפיל געלט ? — האָט דזשענקע געוואָלט וויסן, — ווייסט וויפיל עס קאָסט איצט אַ שיינע חתונה ?

— דו קריג נאָר דעם ריכטיקן חתן און איך וועל דיר נדן אויך געבן.

דזשענקע האָט זיך צופרידן צעשמייכלט. זי האָט געעפנט ס׳מויל, געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר זי האָט זיך ווי צוריקגעכאַפּט און געשוויגן.

— שווייגסטו שוין ווידער, — האָט די מוטער פּראָטעסטירט, — האָסט דאָך עפּעס געוואָלט זאָגן ? רייד ! האָסט שוין עמיצן? — פאַרשט יעטע ווייטער.

— און וואָס וועט זיין, — רעדט ענדלעך דזשענקע אַרויס נישט זיכער, — אַז דער שידוך וועט דיר נישט געפעלן ?

— וועל איך דיר געבן אַ גוטע קרענק, אַן אויסגעטריקנטע פייג, נישט קיין נדן !

— וועל איך ביי דיר נישט פרעגן און וועל אַוועק מיט אים און דו וועסט אפילו נישט וויסן וואו איך בין אַהינגעקומען.

— אויב אַזוי, מיינט דאָס, אַז דו האָסט שוין עמיצן. רייד קלאָרע דבורים און נישט קיין פאַרשטעלטע רייד . . . קום אַרויס מיט לשון...

זי האָט אַלץ העכער געהויבן די שטימע און געוואָלט וויסן ווער, וואָס, ווען, נאָר אין מיטן די געשרייען האָט עמיצער געקלאַפּט אין טיר.

דזשענקע האָט אַ געשריי געטאָן „קאָם אין‟. אַ קאָסטימערקע איז אַריין און געפרעגט צי יעטע האָט שוין פרישע סחורה.

— ווער האָט אייך געשיקט ? — האָט יעטע געוואָלט וויסן און אויפגעהערט שרייען, — איך זע אייך דאָ צום ערשטן מאָל.

— גנענדל האָט מיך געשיקט און זי וועט דאָ באַלד זיין מיט דער מרס. פייגענבוים.

— אָ, גנענדל . . . איטס אָלרייט . . . — האָט יעטע געזאָגט צו־

פרידן און גענומען איר ווייזן פאַרשיידענע קליידער, אונטערוועש און זאָקן.

די פרוי האָט גענומען קלייבן און טאַפּן די סחורות, געפרעגט די פּרייזן אויף יעדער זאַך און געזאָגט, אַז ווערדליק געשוואַרצטע וואַרע, וויל יעטע צו הויכע פּרייזן . . .

— אַ בראַנד דיר אין די יאָסלעס פאַר ווען מיין שווערע פּראַצע בחינם . . . — האָט יעטע געטראַכט, נאָר הויך האָט זי געזאָגט:

— געשוואַרצטע סחורה איז אויך סחורה! איך גיב אייך אַוועק די אַרטיקלען פאַר ווינציקער ווי אַ העלפט . . .

— וואָס־זשע, עס קאָסט אייך אַליין טייערער? — האָט די פרוי געפרעגט מיט אַ צוקערדיק שמייכעלע . . .

— אוי, אַ כאָלע . . . — האָט יעטע נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן, ווי ס'זיינען אָנגעקומען נאָך קונים. ס'איז אַריין מרס. פייגענבוים מיט דער וואָדעוויל־אַקטריסע קלאַראַ ביקסעל.

זיי האָבן מיט גרויס הנאה געקליבן איין אַרטיקל נאָכן צווייטן און דערביי דערציילט שאַרפע וויצן און הויך געלאַכט.

קלאַראַ ביקסעל האָט געפרעגט ביי יעטען צי זי וואָלט ניט געקאָנט אַריבערשוואַרצן אַ קאַראַקולענעם מאַנטל, וואָס דאַרף זיין געפּוצט מיט אַ סילווער פוקס.

יעטע האָט פאַרקויפט די געשוואַרצטע וואַרע ביליקער ווי אַלע מאָל. זי איז געווען שטאַרק נערוועז און געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון די אויסגעכאַליעטע ווייבער, וועלכע קומען זיך צום גרייטן און פאַר ווע־מען זי שטעלט איר פרייהייט אין קאָן. גיב זיי מציאות! . . . בראַנדיק זאָלן זיי ווערן!

איר גאַנץ ביטער האַרץ וועט זי היינט אויסלאָזן צו סעמקע שפּיגל, וואָס מאַכט איר די לעצטע צייטן עפּעס צופיל פיגלעס. צי איז עס נישט אַמאָל די בלאָנדע בעלאַ, וועלכע זי האָט שוין איינמאָל אָנגעפּאַטשט?

אין מיטן פון דעם דינגעניש און קויפן האָט זיך דזשענקע אַרויסגע־שאַרט פון הויז. יעטע האָט זיך אויף גיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די קונים און איז אַריין אין קיך, גענומען צוגרייטן עסן און באַשלאָסן, אַז היינט וועט זי האָבן אַן אָפּענעם געשפּרעך מיט סעמקען. איינמאָל פאַר אַלע מאָל! זאָל ער אויפהערן איר צו פירן פאַר דער נאָז. ניין, עס איז אייגנטלעך

איר שולד, אַז דער יונג וויל נישט זיין „קיין מענטש ביי יענעם", ער וויל אַן אייגענע ביזנעס, און ביז ער וועט זיך נישט איינשטעלן באַלעבאַטיש, האָט ער איר געזאָגט, וועט ער נישט חתונה האָבן. וועט זי אים היינט זאָגן: „שטעל אַ חופה און איך עפן פאַר דיר אַ ביזנעס". עס וועט דאָך זיין אונדזער ביזנעס, — טראַכט יעטע אַ צופרידענע פון דעם באַשלוס און נעמט זיך אָנטאָן אין די שענסטע קליידער. אָן אויסגעפוצטע לאָזט זי זיך גיין צום באַרבער־שאַפּ אין ברום סטריט, וואו עס אַרבעט איר געליבטער. אויפן וועג אַהין האָט זי אויסגעאַרבעט פאַרשיידענע פּלענער, ווי אַזוי אים צו לאָזן וויסן, אַז זי האָט אָפּגעשפּאָרט אַ שיינע פּאָר טויזנט דאָלער און האט באַשלאָסן, אַז מיט דעם געלט וועט ער קאָנען טאָן וואָס ער האָט אַלע מאָל געוואָלט: עפענען אַן אייגענעם באַרבער־שאַפּ מיט אַ פול־רום.

נאָר ווען זי איז אַריין אין באַרבער־שאַפּ, האָט מען איר געזאָגט, אַז סעמקע איז היינט אַוועק פון דער אַרבעט זייער פרי, איז זי אַוועק צו זיין וואוינונג און אויך דאָרט האָט זי אים נישט געפונען. זי איז אַן אַנטוישטע געבליבן שטיין און נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן, האָט זי באַשלאָסן אַרויפצוגיין צו דער „מומע האָדל", וואו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען פרויען און שפּילן קאָרטן. די „מומע האָדל" האָט פאַר יעדן „סיט" ביים קאָרטן־טישל אַראָפּגענומען צוויי דאָלער.

די „מומע האָדל", וועלכע איז איצט שוין געווען אַלט, האָט זיך דערפרייט מיט יעטען ווי מיט אַן אייגענער טאָכטער. זי האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן דאָס „שוואַרצן", אָבער זי האָט נאָך אַלץ געמאַכט אַ זייטיקן דאָלער . . . זי האָט אָבער געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף יעטען און געזען, אַז יענע זאָל ניט שפּילן צו גרויס און זי האָט איר אויך אונטערגעזאָגט ביי וועלכע קאָרטן־שפּילערינס מען קאָן מאַכן געלט און וועלכע „זיצן אויפן דאָלער" . . . נאָר גראָד איז יעטען דעם אָוונט נישט געגאַנגען. זי איז געווען נערוועז. דער קאָפּ אירער איז נישט געווען ביי די קאָרטן, נאָר ביי סעמקען . . . און אויך ביי דער טאָכטער. זי האָט באַשלאָסן, אַז היינט מוז זי ווידער אויפנעמען מיט דער טאָכטער דעם ניט־פאַרענדיקטן געשפּרעך. זי האָט נאָך האַלבע נאַכט זיך אויפגעהויבן פון קאָרטן־טישל און זיך געלאָזט גיין אַהיים.

אין הויז איז געווען פינצטער. די טאָכטער איז נאָך נישט געווען

אין שטוב. די נאַכט איז געווען אַ הייסע. אין הויז האָט די לופט גע־שטיקט, איז זי אַראָפּ אין גאַס און גענומען אַ נערוועזע שפּאַנען אַהין און צוריק און געזוכט מיט די אויגן אפשר וועט פון ערגעץ אָנקומען איר טעכטערל. דער שטאָט־זייגער האָט אויסגעקלונגען צוויי. די גאַסן זיינען געוואָרן אַלץ ליידיקער, און יעטעס געמיט אַלץ שווערער. דעם אויבן־אָן פון אירע געדאַנקען האָט פאַרנומען דזשענקע. סעמקע שפּיגל איז געווען פאַררוקט אין שאָטן. דער מאַמעס האַרץ איז געווען אָנגע־זאַפּט מיט שרעק פאַר איר קינד, וואָס שלעפּט זיך אַרום דורך די שפּעטע נעכט איבער ניו־יאָרק און נאָר גאָט דער איינציקער ווייסט וואו און מיט וועמען.

יעטע איז אַריין צו זיך אין שטוב, זיך געלייגט שלאָפן, נאָר דער שלאָף איז נישט געקומען. דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן דריי. צי האָט נישט עפּעס אַן אומגליק געטראָפן מיט דזשענקען? אַזוי שפּעט איז זי נאָך קיינמאָל נישט אהיימגעקומען. יעטע איז אַראָפּ פון בעט, צוריק אָנגעטאָן אַ הויז־קלייד און זיך אין דער פינצטערניש אָוועקגעזעצט ביים פענצטער, און מיט נייגער געקוקט צום דרויסן, אפשר קומט פון ערגעץ אָן איר טאָכטער.

מיט אַמאָל האָט זי דערזען ווי עס איז פון ערגעץ אָנגעפאָרן אַ טעק־סי. זי האָט טיפער אויסגעבויגן דעם קאָפּ און געזען ווי די טעקסי איז שטיין געבליבן ביי איר הויז. ס׳האָט זיך אַן עפן געטאָן דאָס טירל און עס איז אַרויס אַ הויכער שיינער מאַן און באַלד איז אויך אַרויס איר טאָכטער. יעטע האָט זיך איינגעקוקט, ס׳האָט איר אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן. צי זעט זי ריכטיק? דורכן שיין פון גאַסן־לאָמפּ האָט זי דערקענט סעמקע שפּיגל, א י ר סעמקע . . .

דזשענקע האָט אינסטינקטיוו אויפגעהויבן דעם קאָפּ צום פענצטער און דערזען ווי די מאַמע קוקט און זעט . . . סעמקע האָט עפּעס שטיל גערעדט צו דזשענקען, דאַן האָט ער איר אַ קוש געטאָן אין די ליפּן און איז צוריק אַריין אין דער וואַרטנדיקער טעקסי, וועלכע האָט זיך אין דער שטילקייט פון דער נאַכט צעברומט און מיט אַ געפּילדער זיך געלאָזט לויפן איבער די דרעמלענדיקע ניו־יאָרקער גאַסן.

דזשענקע איז אַריין אין הויז און האָט מיט אַ ווינקל פון אויג גע־קוקט אויף דער מוטער, וואָס האָט אַ פאַרשטיינערטע געשוויגן.

מאַמע און טאָכטער האָבן עפּעס ווי איינגעהאַלטן דעם אָטעם. עס האָט זיך בלויז געהערט דער שטילער טיק־טאַק פונעם זייגער.

דזשענקע האָט נישט אויסגעהאַלטן און אַרויסגעפּלאַצט:

— נו, וואָס שווייגסטו? זאָג עפּעס!... האָסט דאָך געזען... מעגסט זאָגן וואָס דו ווילסט, עס וועט דיר סיי־ווי־סיי נישט העלפן... ער האָט ליב מיך, בלויז מיך... און ניט קיין אַנדערע...

— און מיט וואָס ביזטו דאָס אַזוי זיכער, אַז ער האָט ליב בלויז דיך? — האָט יעטע ענדלעך אַרויסגערעדט די ווערטער, מיט עפּעס אַ פרעמד קול.

— איך ווייס דאָס, ווייל מיט מיר איז ער ע־נסט, ער וויל מיט מיר חתונה האָבן!

און אַז יעטע האָט נישט געענטפערט, האָט דזשענקע נישט אָפּגעלאָזט און געפרעגט:

— נו, וואָס זאָגסטו?

— ס׳געפעלט מיר נישט דער שידוך, — איז יעטע ענדלעך אַרויס מיט לשון, — ער איז אַ שאַרלאַטאַן, אַן אויסוואורף, אַ פרויען־יעגער און אַ ליגנער, און דו וועסט מיט אים נישט חתונה האָבן, נישט ביי מיין לעבן!...

— דו ביזט אייפערזיכטיק, האַ, מאַמע? — האָט דזשענקע אַן אָנגעצונדענע פון כעס געשריגן, — הער זיך אויף צו מאַכן נאַריש, ביזט שוין נישט קיין מיידעלע, נאָר אַן עלטערע פרוי!... זוך דיר אויס אַ מאַן אין דיין עלטער און לאָז סעמקען איבער צו יונגערע פון דיר... און איך בין די יונגע... איך... איך... איך...

זי האָט אַלץ העכער געשריגן און איז אַריין אין אַזאַ צאָרן, אַז יעטע האָט זיך דערשראָקן פאַר איר טאָכטערס אויסברוך. ס׳האָט איר מיט אַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ מוראדיקער פאַרלאַנג צוצולויפן צו דער טאָכטער, איינקלעמען אירע הענט אַרום דזשענקעס האַלדז און שטיקן, רייסן און בייסן... זי האָט זיך דערשראָקן פאַר אירע געפערלעכע געדאַנקען און איז אַרויסגעלאָפן פון שטוב צו זיך אין שלאָף־צימער, דאָרטן צוגעפאַלן צום בעט און אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין. די שלייפן האָבן ביי איר מוראדיק געקלאַפּט, אַ היץ האָט באַשלאָגן איר קערפּער. זי האָט געוויינט, געשריגן און זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, נאָר באַלד איז זי גע־

בליבן ליגן שטיל, אַ שוואַכע, אַן אויסגעשעפּטע און געהאַט דאָס געפיל ווי די שטאַרקע, זיכערע יעטע האָט זיך אָפּגעטיילט פון איר גוף, און דאָ, אין בעט, ליגט יעטע די אויסגעלאַכטע, די אַוועקגעוואָרפענע . . . זי איז געלעגן באַוועגלאָז און געקוקט מיט שטאַרע אויגן אויף דער סטעליע.

ווי לאַנג זי איז אַזוי געלעגן, האָט זי אַליין נישט געוואוסט. פּלוצלונג האָט זי דערהערט ווי דורך אַ טשאַד אַ שטיל וויינען. האָט זי נישט געקאָנט פאַרשטיין ווער עס וויינט. זי האָט זיך אָנגעשטרענגט און זיך איינגעהערט און דערקענט איר טאָכטערס איינגעהאַלטענעם געוויין. זי האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. דאָס וויינען איז געוואָרן שטאַרקער און יאָמערלעכער.

יעטע האָט זיך אַרויסגעשאַרט פון בעט און איז אַריין אין פאַרלאָר. אין אַ ווינקל אויף דער סאָפע, איינגעדרייט אין אַ קנויל, איז געלעגן דזשענקע און געוויינט. יעטע האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט איר טאָכטער אַזוי וויינען. ס׳האָט אַ ריר געטאָן דער מאַמעס האַרץ. מיט אַמאָל האָט זי אין אַלץ פאַרגעסן און בלויז דערפילט, אַז איר קינד איז שלעכט, אַז איר טאָכטער שטייט פאַר עפּעס אַ געפאַר. מיט דער שנעלקייט פון אַ קאַץ איז יעטע צוגעשפּרונגען צו דער סאָפע און געבעטן:

— דזשענעלע, זאָג פאַרוואָס וויינסטו?

זי האָט נישט געענטפערט, נאָר נאָך יאָמערלעכער געוויינט.

— זאָג מיר, טאָכטערשי, וואָס האָט פּאַסירט?

— אַז ער וועט מיט מיר נישט חתונה האָבן, וועל איך מיך פון פענצטער אַרויסוואַרפן . . .

— אוי, אַ בראָך! — האָט יעטע פאַרבראָכן די הענט, — זאָג, ביזט חלילה אין טראָבל?

— כ׳בין! . . .

— אוי, — האָט יעטע אַרויסגעקרעכצט און זיך געזעצט אויף דער סאָפע לעבן איר טאָכטער, — איז וואָס־זשע זאָגט ער? — האָט יעטע געפרעגט אַ דערשלאָגענע.

— סעמקע זאָגט, — כליפּעט דזשענקע, — אַז ער קען איצט נישט חתונה האָבן . . .

— וואָס הייסט, ער קען איצט נישט ? — שרייט יעטע אויס דער־צאָרנט.

— עס איז נישטאָ מיט וואָס, מאַמע, — רעדט שוין דזשענקע פאַר־טרוילעך פאַר דער מוטער, — אַז ער האָט אַפילו נישט קיין געלט צו באַ־צאָלן פאַר דער חופּה, שוין אָפּגערעדט פון איינריכטן אַ היים . . . און אַ . .. ביז — — ענדיקט זי נישט און הויבט ווידער אָן וויינען.

— און ווען ער האָט געלט, ביזטו זיכער, אַז ער וואָלט מיט דיר חתונה געהאַט ? — וויל יעטע וויסן.

— אַפילו מאָרגן, מאַמע . . .

— וועט איר מאָרגן חתונה האָבן !

— ווי אַזוי, מאַמע ?

— איך וועל אויסשטיין אַלע הוצאות.

דזשענקע איז צוגעפאַלן צו דער מוטער און זי געגומען קושן און ווישנדיק די אויגן האָט זי ווייטער געפרעגט :

— און אַ היים, מאַמע ?

— איך וועל אייך איינריכטן אַ היים, און אויך אַ באַרבער־שאַפּ מיט אַ פּול־רום. דאָס האָט ער אַלעמאָל געוואָלט, — רעדט יעטע אַרויס פאַר־טראַכט און אירע שטאַרע אויגן קוקן דערביי מיט צער אין דער פוסט־קייט פון דער נאַכט.

# פריינדינס

קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען לאַראַ איז געקומען. זי האָט זיך מיט אַמאָל באַוויזן אין די קינסטלער־קרייזן, און אַרום איר האָבן זיך געגומען טראָגן פאַרשיידענע קלאַנגען: זי האָט פאַרלאָזן אַ מאַן מיט אַ קינד ערגעץ אין קאַנאַדע, און איז געקומען קיין ניו־יאָרק שטודירן מוזיק און ווערן אַ זינגערין . . . און אַט דערציילט מען, אַז זי איז גאָר קיינמאָל ניט געווען פאַרהייראַט, נאָר אַ קינד האָט זי יאָ ערגעץ . . . מען זאָגט אויך, אַז דאָס איז שוין גאָר ניט קיין קליין מיידעלע, נאָר אַ היפּש כלה־מיידל . . . מען האָט זיך אויך געשושקעט, אַז זי טראָגט אויף איר געוויסן אַ שיין ביסל ראָמאַנען . . .

קיינער האָט קלאָר ניט געקענט אָנווייזן ווי, ווער, וואָס און ווען. נאָר די האָט געהערט ווי יענע האָט דערציילט . . . אַז יענער האָט געזען . . . און אַזוי האָבן זיך אַרום לאַראַן גענומען שפּינען פאַרשיידענע אַוואַנטוריס־טישע מעשׂות.

לאַראַ, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ קאָפּ שוואַרץ־זיידענע האָר און אַ פּאָר גרויסע ברוינע לאַכעדיקע אויגן און אַ ווייסע דורכזיכטיקע הויט, האָט אויסגעקוקט יונגער פון אירע דרייסיק יאָר.

לאַראַ האָט ליב געהאַט צו הערן ווי מענטשן, איבערהויפּט די פרויען פון די קינסטלער־קרייזן, ווילן דורכאויס וויסן געגוי ווער זי איז, פון וואַנען זי שטאַמט און צי ס'איז טאַקע אמת אַז זי האָט ערגעץ איבערגעלאָזט אַ מאַן מיט אַ טעכטערל, און אויב יאָ, ווי אַלט איז די טאָכטער ? . . .

פלעגט לאַראַ זיך איינהערן און אַ שמייכלדיקע, מיט אַ רואיקן טאָן, ענטפערן, אַז דאָס טאָר זי ניט אויסזאָגן, ווייל עס איז אַ מיליטערישער סוד, און אַז זי קלייבט זיך אויף די עלטערע יאָרן אָנשרייבן איר לעבנס־געשיכטע, וועט זי שוין דאָרטן אַלץ אַרויסשרייבן . . .

פלעגט מען זיך טרעפן ביי אַ קינסטלער־אָוונט, איז לאַראַ אַלע מאָל געווען אַרומגערינגלט מיט מענער, וואָס האָבן איר געמאַכט קאָמפּלימענטן, און לאַראַ פלעגט עס גלייכגילטיק אויסהערן און צושמייכלען פון העפלעכ־קייט וועגן. גראָד האָט זי געזוכט די געזעלשאַפט פון פרויען, געוואָלט אין דער גרויסער פרעמדער שטאָט געפינען אַ האַרציקע פריינדין, מיט

ווען זי זאָל קענען פריי און אָפנהאַרציק זיך דורכרעדן.

אַזאַ האָט זי ענדלעך געפונען אין מרים פיינשטיין. מרים איז געווען פאַרהייראַט צו דוד פיינשטיין, אַ דענטיסט, וועלכער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט פאַר קינסטלער, און אַליין פלעגט ער פון צייט־צו־צייט אָנשרייבן אַ ליד, און זיך האַלטן פאַר אַ באָהעם.

אַ יונג אַ שיינער, האָט ער ליב געהאַט אַ לייכטן פלירט מיט פרויען, כאָטש מרימען מיט זייערע צוויי קינדער האָט ער שטאַרק ליב געהאַט. ביי זיי אין הויז איז אַלע מאָל געווען פריילעך.

מרים האָט געהאַט אַ לאַנג־יאָריקע פריינדין פייגעלע לעווין, וואָס איז געווען פאַרהייראַט צו אַ דראָגיסט. פייגעלע, אַ שטילע, אַ קליינע, מיט אַ ווייך שטימעלע, אַ בלאָנדע, מיט אַ פּאָר בלויע פאַרחלומטע אויגן, האָט ניט געקענט פאַרטראָגן לאָראַס הויך לאַכן און פרייע באַנעמונג צו מענטשן.

און איינמאָל ביי די פיינשטיינס אין הויז איז דאָס געווען: לאָראַ האָט דערציילט אַ פּיקאַנט מעשהלע מיט אַ שאַרפער ענדע. אַלע האָבן זיך צעלאַכט און הנאה געהאַט פון דעם אַנעקדאָט, נאָר פייגעלע האָט אַרונטערגעלאָזן די אויגן און האָט זיך פאַרשעמט.

שפּעטער האָט זי לאָראַן גוט אויסגעמוסרט און איר געזאָגט, אַז אַזעלכע אַנעקדאָטן דערציילט מען ניט אין קיין אַנשטענדיק הויז . . .

האָט לאָראַ דערפילט אַן אַנטיפּאַטיע צו פייגעלען, און ביידע האָבן זיך קעגנזייטיק שטיל פיינט געהאַט. פאַרקערט איז דאָס געווען מיט מרימען. זייער פריינטשאַפט איז געוואַקסן און לאָראַ איז ממש ווי צוגעקלעפּט געוואָרן צו איר נייער חברטע.

מיט אַמאָל האָט לאָראַ באַמערקט, אַז דייוויד איז עפּעס ניט גלייכגילטיק צו איר . . . און דאָס האָט לאָראַן ניט געשמייכלט, נאָר פאַרקערט, עס איז איר געווען פאַרדריסלעך וואָס איר בעסטער פריינדינס מאַן מאַכט זיך נאַריש, ווייל פון דער מינוט אָן וואָס מרים איז געוואָרן איר נאָענטע חברטע, האָט זי צו מרימס מאַן דערפילט אַ נאָענטקייט ווי צו אַן אייגענעם ברודער, און האָט דערפאַר געקוקט מיט אַזעלכע אויגן אויף דייווידן.

פייגעלע האָט אויף זיי געהאַלטן אַ וואַכזאַם אויג. צו זיך אין הויז האָט זי לאָראַן קיינמאָל ניט איינגעלאַדן, און ווי זי האָט זיך שוין עטלעכע מאָל אויסגעדריקט, איז זי זייער פאַרזיכטיק וועלכע מענטשן זי פאַרבעט צו זיך אַהיים . . .

עס איז געווען אין אַ קאַלטן ווינטער־אָוונט. ביי די פּיינשטיינס אין הויז האָט מען געפייערט דעם יום־טוב חנוכה. זיינען זיך צו־זאַמענגעקומען פריינט און באַקאַנטע. מרים מיט פייגעלען האָבן זיך גע־פּאָרעט אין קיך, געפּרעגלט די חנוכה־לאַטקעס, דערלאַנגט צום טיש.

לאַראַ האָט געזונגען, און דער עולם האָט איר אונטערגעהאָלטן. מען האָט גענומען אַ טרונק און אַריין אין אַ געהויבענער שטימונג, געלויבט איינער דעם צווייטנס טאַלאַנט.

דייוויד האָט דאַן אַוועקגערופן לאַראַן און איר געזאָגט, אַז ער האָט נאָר־וואָס פאַרענדיקט אַ ליד, וואָס ער האָט נאָך פאַר קיינעם ניט גע־לייענט.. וויל ער עס איצט פאַר איר פאַרלייענען און הערן איר מבינות.

זי איז אים נאָכגעגאַנגען, און ווען זיי זיינען אַריין אין אַ זייטיק צי־מער, האָט ער איר פּלוצלונג אַרומגענומען און באַפאַלן מיט קושן.

מיט אַלע כוחות האָט זי זיך געזוכט אַרויסצערייסן פון זיינע קושן. מיט אַמאָל האָט זי דערזען ווי דייוויד איז אָפּגעטראָטן פון איר און איז שטאַרק בלייך געוואָרן. ווען זי האָט זיך אומגעקוקט, האָט זי דערזען פייגעלען. זי איז געשטאַנען, און מיט אויגן וואָס האָבן געשפּריצט מיט פייער האָט זי דורכגעשטאָכן לאַראַן, און האָט פון צווישן די ציין אַדורכגע־זייט בלויז איין וואָרט „אויסוואורף" און איז פאַרשוואונדן.

אויפן צווייטן טאָג, ווען לאַראַ איז, ווי געווייינלעך, אין אָוונט געקומען צו מרימען אין הויז, האָט זי איר קאַלט אויפגענומען און ווען לאַראַ האָט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געפרעגט צי זי איז בייז אויף איר, האָט מרים, אַן אויפגערעגטע, געענטפערט, אַז זי האָט פיינט וואָס לאַראַ מאַכט זיך אַזוי „תמעוואַטע" און זי רעכנט, אַז דאָס בעסטע אונטער די אומשטענדן וואָלט געווען, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל זי אינגאַנצן אַהער ניט קומען . . .

עס איז פאַר לאַראַן קלאָר געוואָרן, אַז פייגעלע האָט איר צוגעטראָגן וועגן דעם נעכטיקן אינצידענט מיט דייווידן. בלויז אַ רגע האָט זי גע־האַט דעם פאַרלאַנג צו דערציילן איר דעם אמת וועגן איר מאַנס האַנדלונג וואָס מיינט פאַר איר גאָרניט אַ חוץ אַ באַלעסטיקונג, נאָר באַלד האָט זי זיך איבעררעכנט, אַז דאָס קען נאָך אויף אַן אמת צעשטערן מרימס רואיק פאַמיליען־לעבן. מיט אַמאָל האָט לאַראַ דערפילט ווי עס ווערט איר ענג אין האַלדז, און אָט־אָט וועט זי זיך צעוויינען.

זי האָט פעסט צוזאַמענגעדריקט די ליפּן, געטאָן אַ נערוועזן שאָקל

מיטן קאָפּ און אַרויסגעלאָפן אַ באַליידיקטע פון איר פריינדינס הויז.

אַ יאָר איז אַוועק.

דורך דער צייט האָט לאָראַ עטלעכע מאָל צופעליק באַגעגנט מרימען, און אַלע מאָל האָט זי איר געטראָפן צוזאַמען מיט פייגעלען. מרים פלעגט זיך באַגריסן מיט לאָראַן מיט אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ. עס איז געווען אַ באַגריסונג מער פון יוצא וועגן פאַר די אַרומיקע באַקאַנטע ווי פאַר זיך . . . פייגעלע פלעגט אַבזיכטלעך אַוועקדרייען איר קאָפּ אָן אַ זייט אַזוי ווי זי וואָלט זאָגן: „מיט אַזעלכע ווי דו האָב איך ניט קיין שום געשעפטן".

— — — — — — — — — — —

ס'איז געווען אין איינעם פון יענע זומער־טעג, ווען עס פעלט ממש אויס לופט צו אָטעמען. דער אָונט איז צוגעפאַלן און די היץ איז אויף אַ האָר ניט געמינערט געוואָרן.

לאָראַ האָט דאַן מיט אַ קליינער גרופּע פריינט באַשלאָסן זיך דורכצופאָרן אויף אַ שפּאַציר־שיף און אַזוי אַרום געהאָפט צו דערקוויקן זיך מיט אַ קיל ווינטל.

די שיף, וועלכע האָט דעם אויסגעפּאַרעטן עולם געפירט צו די בער־מאָונטענס און צוריק, האָט זיך שטיל געגליטשט איבערן רואיקן וואַסער.

לאָראַ מיט אַ קליינער גרופּע פריינט זיינען געזעסן אינמיטן פון דעק, און שטיל געזונגען אַ ראָמאַנס. פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן דאָס שפּילן פון אַ פידל.

לאָראַ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. אַ קלאָרער, בלוילעכער הימל איינגעטונקט אין פינקלענדיקע דימענטן מיט אַ זילבערנער לבנה, איז איר געשוואומען אַנטקעגן.

עס האָט איר מיט אַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט און זי האָט דערפילט אַ פאַרלאַנג צו זיין מיט זיך אַליין.

זי האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר אירע פריינט, און איינע אַליין לאַנגזאַם געגומען שפּאַנען איבערן שיף.

אַ מחיהדיק ווינטל האָט אָנגעיאָגט פון מזרח און געשויבערט אירע שוואַרצע האָר. זי איז געבליבן שטיין אין אַ ווינקל פון דעק, געקוקט אויף די סודותדיקע בערג, אויף די פאַרליבטע פּאָרלעך, וועלכע האָבן זיך אין שאָטנס פון דער נאַכט געטוליעט איינער צום צווייטן און קיינעם אַרום

זיך ניט געזען . . .

מיט אַמאָל האָט זי דערהערט אַ שטיל פּליסטערן פון אַ פאַרליבט פּאָרל, און באַלד דעם קלאַנג פון הייסע קושן. זי האָט געזוכט מיט די אויגן. ניט ווייט פון איר אין אַ ווינקל זיינען געשטאַנען אַ יונגער מאַן און אַ פרוי, איינגעשלאָסן אין די אָרעמס. זיי האָבן ניט געזען די אַרומי־קע וועלט . . . לאָראַ איז געוואָרן אומרואיק. זי האָט זיך געלאָזט גיין. זי איז פאַרבייגעגאַנגען דעם פאַרליבטן פּאָרל, געוואָרפן אַ בליק און אין שיין פון דער לבנה האָבן פאַר איר אַ בליץ געטאָן צוויי באַקאַנטע פּנימער — דייוויד מיט פייגלען . . .

לאָראַ איז געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז איר ערשטער געדאַנק איז גע־ווען ערגעץ צו אַנטלויפן, אַז זיי זאָלן איר ניט זען, אָבער באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ נאַרישער איינפאַל.

פאַר וואָס זאָל זי אַנטלויפן? עס האָט איר מיט אַמאָל אַרומגעכאַפּט אַ מוראדיקע שנאה צו פייגלען, צו דער שטילער פרוי, וועלכע פלעגט זיך רויטלען ווען זי, לאָראַ, האָט הויך גערעדט, און וועלכע האָט איר אויף שטענדיק פאַרטריבן פון איר בעסטער פריינדינס הויז.

איצט האָט זי איר געטראָפן, און אונטער וועלכע אומשטענדן?

מיט אַמאָל האָט זיך לאָראַ געלאָזט גיין אין זייער ריכטונג. זי איז צוגעקומען נאָענט און הויך געזאָגט:

— אַ גוטן אָוונט, דייוויד, אַ גוטן אָוונט פייגעלע!

יענע זיינען אַזוי איבערראַשט געוואָרן פון דער אומגעריכטער באַ־געגעניש, אַז זיי זיינען געבליבן שטיין אַ ווײַלע און ניט געענטפערט.

פייגעלע איז אָבער ענדלעך די ערשטע געקומען צו זיך און געפרעגט איר וואָס זי מאַכט. באַלד האָט זי גענומען פּלאַפּלען, אַז זי און דייוויד האָבן זיך דאָ צופעליק געטראָפן . . .

בע, מע . . . ווי גאָט איז איר ליב, מוז לאָראַ איר צוזאָגן, אַז זי וועט מרימען פון דער באַגעגעניש ניט דערציילן! . . .

— איך זאָג דיר צו — האָט לאָראַ געהערט איר אייגן קול, וואָס האָט איר אַליין געקלונגען עפּעס אַזוי פרעמד, — ניין, מרימען וועל איך גאָר־ניט דערציילן, נאָר דיר זאָג איך אַז דו ביסט אַן אויסוואורף!

און מיט אַ געהויבענעם קאָפּ האָט זי זיך געלאָזט גיין אין דער ריכ־טונג וואו עס האָבן אויף איר געוואַרט אירע פריינט.

# געעפנט די אויגן

פיר יאָר אַז בעלאַ פירט אַ ליבע מיט מאָריס מאַרקאָף.

שוין אַ סך מאָל, אַז זי האָט באַשלאָסן אָוועקצוגיין פון מאָריס מאַר־קאָף, אָבער יעדעס מאָל ווען זי זאָגט אים, אַז עס מוז נעמען אַ סוף און אַז זי קען אַזוי ווייטער נישט אָנגיין מיט אַ לעבן פון ליגנס און באַהעל־טעניש, ווערט מאָריס אַ פאַרציטערטער. ער נעמט זיך בעטן ביי איר, אַז זי זאָל האָבן נאָך אַביסל געדולד און איינזעעניש — די הויפּט־זאַך געדולד און וואַרטן, וועט זיך דעמאָלט אַלץ ענדיקן גוט. ער וועט קריגן אַ גט פון זיין פרוי און וועט גלייך מיט איר חתונה האָבן.

ווען בעלאַ דערהערט אַזעלכע רייד, ווערט איר גוט אויפן האַרצן און עס כאַפּט איר אַרום אַ גרויס רחמנות צום געליבטן, וועלכער האָט אַזאַ אומגליקלעך לעבן אין דער היים, און וואַרט מיט אַזוי פיל אַנגסט און פּיין אויף די מינוטן ווען ער קען זיין מיט איר.

בעלאַ באַשליסט דעמאָלט מער נישט צו שטעלן איר געליבטן קיין האַרבע קשיות, נאָר האָבן געדולד און וואַרטן, וואַרטן אויף דער מינוט ווען ער וועט זיין אַ פרייער מענטש, ווייל לויט ווי מאָריס זאָגט איר, גייען אָן פאַרהאַנדלונגען מיט פרוי מאַרקאָף.

בעלאַ קען נישט פאַרשטיין, ווי קענען פרויען זיין אַזוי קליינלעך ? איז דען געלט אַלץ ? און אַז די מיסעס מאַרקאָף וועט קריגן אַביסל ווייניקער געלט איז אַן אומגליק ? וואו זיינען אירע געפילן ? וואו איז איר שטאָלץ ?

וואָס פאַר אַ באַשעפעניש איז אָט־די מיסעס מאַרקאָף ?

זי דערמאָנט זיך איצט וויפיל פיינע יונגע לייט זי האָט אונטער דער צייט באַגעגנט, נאָר קיינער אינטערעסירט איר נישט. איר גאַנצער איך איז פאַרנומען מיט מאָריס מאַרקאָף. איר פריינדין דזשעני זאָגט איר טאַקע, אַז זינט זי האָט באַגעגנט איר געליבטן, האָט זי פאַרלאָרן איר שכל . . .

בעלאַ, אַן אומרואיקע, קוקט אויפן זייגער. ער האָט שוין לאַנג גע־דאַרפט דאָ זיין, נאָר זי איז שוין געוואוינט, אַז ער זאָל אָפּט פאַרשפּע־טיקן. ער איז זייער אַ פאַרנומענער מענטש.

דער טעלעפאָן האָט זיך צעקלונגען. בעלאַ האָט אויפגעהויבן דאָס טרייבל. „העלאָ, העלאָ, איך בין אָלראַיט, וואָס מאַכסטו? ווען? פאַרוואָס אַזוי שפּעט? קענסט נישט אָפּלייגן דעם קליענט? אוממעג־לעך? מילאָ, אָלראַיט... גוד־באַי... יאָ איך וועל וואַרטן".

בעלאַ איז אַוועק פון טעלעפאָן מיט אַן אומצופרידענער מינע. זי האָט דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר, און נאָך איידער זי האָט געענטפערט אויפן קלאַפּ, איז מיט אַ געפילדער אַריין איר פריינדין דזשעני.

— העלאָ, העלאָ! בעלאַ, איך האָב נייעס, אַ גאַנצן פּאַק מיט נייעס, — האָט זיך דזשעני אַזש שטאַרק פאַרכלינעט...

— וואָס פאַר אַ נייעס? — האָט בעלאַ גלייכגילטיק געפרעגט.

— טרעף!

— האָסט מסתמא אַ נייעם חתן?

— דאָס איז נישט קיין נייעס...

— דיין שטיף־מאַמע איז אַנטלאָפן פון דיין טאַטן? — פּרובירט אַלץ בעלאַ טרעפן.

— זע איך דאָך שוין, אַז דו טרעפסט נישט, וועל איך דיר זאָגן. איך האָב געהאַט די ערע און דעם כבוד מיך צו באַקענען מיט דיין גע־ליבטנס פרוי און איך בין העפלעך געלאַדן צו קומען צו אַ „ברידזש־געים" אין מאַדאַם מאַרקאָפס היים. עס איז נישט גלאַט אַ געים, וואו מען שפּילט אין קאַרטן. מען שפּילט טאַקע אין קאַרטן, אָבער אין זכות פון אָרימע יתומים, ווייל דאָס געלט גייט פאַר אַ יתומים־הויז... און דו ביזט העפלעך געלאַדן מיטצוקומען. דו ווייסט ווער עס וועט דאָרט זיין?

און זי האָט גענומען אויסרעכענען נעמען פון באַקאַנטע כלל־טוע־רינס.

— יאַ־וואָהל, — האָט זיך דזשעני פאַרנייגט און געמאַכט אַ קניקסל — מיר טרעטן אַריין אין די הויכע פענצטער!

— ביזט זיכער, אַז דאָס איז טאַקע די מיסעס מאַרקאָף?

— זיכער ווי גאָלד!

— זאָגסט מיר נישט קיין ליגן ?

— זאָל איך אַזוי געזונט זיין. „סאָ העלפּ מי גאָד" ווי דאָס איז דער ריינער אמת.

— ווי קומסטו צו איר ? — האָט בעלאַ נאָך אַלץ נישט געקענט פאַרשטיין.

דזשעני האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און דערציילט :

— אין האָטעל וואו איך בין איינגעשטאַנען אין אַטלאַנטיק סיטי איז אויך איינגעשטאַנען די מיסעס מאַרקאָף. אַזוי שנעל ווי איך האָב דערהערט איר נאָמען, איז מיר איינגעפאַלן אַז דאָס מוז זיין די ווייב פון דיין געליבטן. אויב אַזוי, — טראַכט איך מיר, — איז זי דאָך מיר נישט קיין פרעמדע, און איך האָב באַשלאָסן מיט איר זיך צו באַקענען. איך האָב נישט פאַרלאָרן קיין צייט, און מיר האָבן זיך באַקענט און געוואָרן באַפריינדעט. זי האָט געהאַלטן אין איין דערציילן פון איר מאַן דעם גרויסן אַדוואָקאַט, וואָס לויפט פאַר אַ ריכטער, און וועלכער רעדט אויף דער ראַדיאָ, און גיט קלוגע עצות . . . זי האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער איז זייער אַ גוטער מאַן . . . האַלט איר אין איין אַרומשיקן אויף פאַרשיידענע וואַקאַציעס. אין די בערג, צום ים . . . ווינטער פאָרט זי קיין פלאָרידע, אָבי זי זאָל האָבן פאַרגעניגן. לויט ווי זי רעדט, לעבן זיי זיך ווי צוויי טייבעלעך . . .

— און דו גלויבסט דאָס ? — האָט בעלאַ געפרעגט.

— יאָ, איך גלויב. איך האָב דיר אַלע מאָל געזאָגט, אַז ער גע־פעלט מיר נישט. ער איז צו אינטעליגענט . . . איך שרעק זיך אַלע מאָל פאַר אַזעלכע . . . זיי זיינען געפערלעך . . . רעדן פון דער לבנה מיט די שטערן, קוקן פאַרחלומט אויפן הימל . . . און זיי טראָגן דער ווייב די הונדערטער . . .

בעלאַ האָט אַ שמייכל געטאָן :

— דו פאַרשטייסט נישט מאָריס מאַרקאָף, ער איז אַנדערש . . .

דזשעני האָט אויף איר געוואָרפן אַ שאַרפן בליק. זי האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, נאָר האָט זיך צוריקגעהאַלטן. זי האָט זיך אויפגעשטעלט צו גיין.

— נו, — האָט זי אַ פרעג געטאָן, — וועסט גיין ?

בעלאַ האָט נישט געענטפערט.

— ווילסט גאָרנישט זען ווי עס לעבט זיך דיין געליבטן ?

— ניין.

— איך האָב דאָך אָבער צוגעזאָגט צו קומען, — האָט יענע נישט אָפּגעלאָזט.

— גיי אַליין !

— איך קען נישט. עס פּאַסט נישט צו גיין אַליין. איבעריקנס, עס איז דאָך פּאַר אַ הייליקן צוועק. נו, וואָס זאָגסטו ?

— איך וועל נישט גיין.

— זאָל מיר מיין טאַטע אַזוי לעבן ווי דו וועסט גיין.

— אָט איז עס, — האָט דזשעני אָנגעוויזן אויף אַ פּרעכטיק הויז אויף וועסט־ענד עוועניו.

בעלאַס האַרץ האָט שטאַרקער געקלאַפּט.

דזשעני האָט אַ קלונג געטאָן אין טיר. אַ דינסט האָט זיי אַריינגעלאָזט. מרס. מאַרקאָף איז זיי געקומען אַנטקעגן. בעלאַ האָט איר מיט נייגער באַטראַכט: אַ מיטליעריקע פרוי פון אנגענעמען אויסזען, נאָר אַביסל צו שווערלעך פּאַר איר נידעריקן וואוקס.

דזשעני האָט פאָרגעשטעלט בעלאַן. מרס. מאַרקאָף האָט איר פריינטלעך באַגריסט און זיי אַריינגעפירט אין אַ גרויס שיין מעבלירט צימער, וואו עס זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט אַ סך פרויען. זיי זיינען געווען אויסגעזעצט ביי טישלעך און געשפּילט אין קאָרטן. די פרויען זיינען געווען שטאַרק פאַרטאָן אין שפּיל און זיך אַפילו נישט אומגעקוקט ווען מרס. מאַרקאָף האָט פאָרגעשטעלט די צוויי נייע געסט.

אַלע ווייַלע האָט מען פון די טישלעך, ביי וועלכע עס זיינען געזעסן די קאָרטן־שפּילערינס, געהערט אַזעלכע אויסרופן:

— דריי אייסעס . . . אַ פלאַש . . . צוויי פּאָר . . . אַ פול הויז...

פּלוצלונג איז אַ רויטהאָריק ווייבל אויפגעשפּרונגען פון אָרט און אויסגערופן היסטעריש:

— „אַ סטרייט פלאַש !"

בעלאַ, דזשעני און מרס. מאַרקאָף מיט נאָך אַ דאַמע האָבן זיך אויך

אװעקגעזעצט בײ אַ טישל און געשפּילט ברידזש. מרס. מאַרקאָף האָט שלעכט געשפּילט, געמאַכט אײן טעות נאָכן אַנדערן. זי האָט עס דער־פילט און זיך פאַרענטפערט:

— איר װעט מיר מוזן אַנטשולדיקן, װאָס איך שפּיל הײנט אַזױ שלעכט. איך בין זײער מיד, נישט אױסגערוט. עס איז אײגנטלעך מײן מאַנס שולד. איך בין ערשט נעכטן געקומען צופאָרן פון אַטלאַנטיק סי־טי און באַלד דעם זעלבן אָװנט האָב איך געמוזט גײן מיט מײן מאַן צו אַ באַנקעט. װיפיל איך האָב זיך בײ אים געבעטן, אַז ער זאָל דאָס מאָל גײן אַלײן אָן מיר, האָט עס נישט געהאָלפן. איך האָב זיך נישט געקענט אײנבעטן. אַט אַזױ איז אַלע מאָל, ער װעט אָן מיר נישט גײן... האָב איך זיך געמוזט אָנטאָן און בין געגאַנגען.

— הערסט אַ לשון?!—האָט דזשעני אונטערגעברומט אונטער דער נאָז צו בעלאַן . . .

בעלאַן האָט באַשלאָגן אַ קאַלטער שװײס. דאָס איז עס געװען נעכטן דער װיכטיקער קליענט!

װען דאָס שפּילן האָט זיך געענדיקט, האָט מרס. מאַרקאָף באַדאַנקט די געסט פאַר די בײשטײערונגען און אױך פאַרן געלט, װאָס מען האָט אַרונטערגענומען בײ יעדן קאָרטן־טישל, און זי האָט פאַרזיכערט, אַז מיט דעם געלט װעט מען העלפן די פאַרװאָגלטע יתומים.

די דינסט האָט דערלאַנגט פאַרשײדענע צובײסן. מען האָט גע־טרונקען געטראַנקען, געגעסן נאַשערײען, נאָר בעלאַ איז די גאַנצע צײט געזעסן אַ צעטראָגענע און עפּעס נישט געװאױסט אױף װעלכער װעלט זי איז.

נאָכן שפּילן האָט מרס. מאַרקאָף געפירט דזשענין און בעלאַן איבער די פאַרשײדענע צימערן. די געסט האָבן באַװאונדערט די רײכע הײם. אין שלאָף־צימער האָט בעלאַ באַמערקט אַ גרױס דאָבל־בעט, האָט זי אַ ציטער געטאָן און איז שטאַרק בלײך געװאָרן. זי האָט אַ שלעפּ געטאָן איר פרײַנדין בײם האַנט, און שטיל געבעטן:

— קום, לאָמיר גײן!

דזשעני האָט זיך אָבער נישט געקענט אײנהאַלטן און דיפּלאָמאַטיש געפרעגט:

— איך באַװאונדער אײער געשמאַק מיט װעלכן אײער הײם איז

איינגעאָרדנט. איך זע אויך, אַז עס איז ניי מעבל, אָבער ווי קומט עס וואָס איר האָט אַ דאָבל־בעט, ווען די מאָדע איז איצט דורכאויס נאָר צוויי בעטן . . .

— ריכטיק, — האָט מרס. מאַרקאָף געענטפערט, — איך האָב שוין געהאַט אויסגעקליבן צוויי בעטן, איז אָבער מיין מאַן באַשטאַנען אויפן גרויסן בעט . . . נו, — האָט זי אַ פאַרשעמטע אַ שמייכל געטאָן,—וואָס טוט נישט אַ פרוי פאַר שלום־בית ?

בעלאַ, אַ בלייכע, אַן אַנטוישטע, האָט זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. זי האָט מעכאַניש אויסגעטאָן איר מאַנטל און דערביי געפילט ווי זי וואָלט זיך אומגעקערט פון אַ לוויה, וואו זי האָט נאָר־וואָס באַגראָבן איר טייערסטן . . . עס האָט זיך איר געוואָלט וויינען, לאַכן, און שרייען, נאָר עפּעס איז אַלץ ווי פאַרגליווערט געוואָרן אין איר און זי איז געבליבן זיצן און קוקן מיט שטאַרע אויגן אין דעם פּוסטן רוים.

דזשעני האָט געהאַלטן אין איין רעדן :

— דער פיינער קאַוואַליער דיינער, אַז געהרגעט זאָל ער ווערן . . . איך האָב דען נישט געוואוסט ? ! דער מאַן מיט דער מאַסקע, מיט די זיסע ריידעלעך . . . וואַרט, האָב געדולד . . . דו טאָרסט נישט פאַר־לירן ס׳געדולד . . . אַז פאַרלירן זאָל ער אַ פוס ! ער איז נעבעך אומגליקלעך, זיין ווייב פאַרשטייט אים נישט . . . ער גייט זיך טרינ־קען . . . ער לעבט ווי אַ פרעמדער אין זיין אייגן הויז . . . כאַפּט אים די בראָך . . . אַבי איך האָב דיר ענדלעך געעפנט די אויגן . . .

— הער זיך איין, בעלאַ, — האָט זי מיטאַמאָל געביטן איר טאָן, — איך האָב פאַר דיר אַ מאַן אַ צאַצקע, אַ פיינער מענטש. ער האָט אַן איי־גענעם גאַראַדזש. נו, מילא, וועט ער נישט רעדן פון דער לבנה מיט די שטערן מיט די אַלפּן־בערג . . . דערפאַר אָבער וועט ער רעדן תכלית... נו, טו אויס דאָס זויערע פּנים און טו אָן אַ שמייכל מיט אַ ניי קלייד, און לאָמיר גיין צו פרענציסן, ווייל היינט איז ביי איר עפּעס אַ הוליאַנקע און דער מאַן מיטן גאַראַדזש וועט אויך דאָרט זיין . . .

בעלאַ האָט פּלוצלונג דערפילט אַ האַס צו איר פריינדין, וועלכע האָט אַזוי גראָב געזידלט איר געליבטן. און ווער האָט איר געבעטן, אַז זי זאָל איר עפענען די אויגן ? זי האָט דערפילט ווי עפּעס אַ שונא האָט זיך אַריינגעריסן אין איר לעבן און איר צעשטערט אַ גאָלדענעם חלום...

מיט אַמאָל האָט בעלאַ דערפילט ווי עפּעס וואָלט אין איר אויפגעד
ריסן. זי האָט גענומען שרייען מיט אַ פרעמד קול:

— איך וויל נישט קיין הוליאַנקעס. איך וויל נישט קיין גאַראַדזש־
מאַן, און איך וויל דיך אויך נישט! ווער האָט דיך געבעטן, אַז דו
זאָלסט מיר עפענען די אויגן?

זי איז צוגעלאָפן, געעפנט די טיר און גענומען אַלץ העכער שרייען:

— אַרויס, אַרויס פון מיין הויז!

# פּיליפּס ליבעס

פּיליפּ גאַלאַנט איז געגאַנגען איבער דער פינפטער עוועניו און האָט זיך אונטערגעפיפן עפּעס אַ גאַסן־לידל. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן הויך פאַרריסן, דעם קאַפּעליוש אַביסל אויף אַ זייט.

פּיליפּ גאַלאַנט איז אַ שיינער, הויכער מאַן, פון אַ יאָר אַכט און דרייסיק, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע געדיכטע האָר, וועלכע גרויען זיך אַרום די שלייפן. ביים ווינקל פון זיין מויל איז אויסגעגאָסן אַ פיל־באַדייטנדיקער שמייכל, וועלכער דערציילט פון זיין דערפאָלג ביי פרויען . . .

אויפן ראָג פון דער פערציקסטער גאַס און פינפטער עוועניו האָט זיך פּיליפּ אָפּגעשטעלט, אויפגעהערט צו פייפן און געוואַרט אויף דעם אָנקומענדיקן באַס, וועלכער האָט אים געדאַרפט פירן צו בערטאַ ניימאַן.

אַריין אין באַס, איז ער אַרויפגעגאַנגען אויבן מיט גרויס הנאה, באַטראַכט די רוישיקע ניו־יאָרקער רייכע גאַס, וועלכע האָט אין אָוונט זיך גענומען איינשטילן פון בייטאָגיקן טומל.

ער האָט פאַררויכערט אַ סיגאַר און זיך פאַרטראַכט.

געטראַכט האָט ער ווי אַזוי צו מאַכן אַ סוף צו זיין איצטיקער ליבע מיט בערטאַן, וואָס האָט זיך שוין, ווי אים ווייזט זיך אויס, פאַרצויגן צו לאַנג . . .

וואָרום פּיליפּ, דאַרף מען וויסן, האָט געליטן פון צופיל ליבע . . .

— צופיל מזל, — פלעגט ער זיך כלומרשט באַקלאָגן פאַר זיינע פריינט.

אַזוי שנעל ווי פּיליפּ פלעגט זיך באַקאַנען מיט אַ מיידל אָדער אַ ווייבל, פלעגט זיך באַלד אָנהויבן אַ סדרה פון טעלעפאָנירן, זיסע ווערטער, טעאַטער און סינעמאַ, און אויב אויף דער דאַמע האָט דאָס אַלץ ניט געמאַכט דעם געווינטשטן איינדרוק, האָט פּיליפּ געשיקט בלומען . . . די טייערסטע רויזן, מיט אויסלענדישע שאָקאָלאַדן . . . און ליבעס־בריוו, וואָס האָבן געקענט רירן אַ שטיין, ביז זי איז געוואָרן זיינע . . .

פאַרליבט אויף אַן אמת, דאַכט זיך אים, איז ער גאָר קיינמאָל נישט געווען . . . עס איז אים געווען גוט מיט זיינע לייכטע ליבעס, אָבער צום האַרצן איז דאָס קיינמאָל ניט דערגאַנגען.

און איצט, פאַרנדיק צו בערטאַן, טראַכט ער, אַז דער ראָמאַן מיט איר האָט זיך שוין צו לאַנג פאַרצויגן . . . אמת, בערטאַ האָט אים אַ היפּש ביסל פאַרכאַפּט. אַזאַ ברען פון אַ מיידל האָט ער נאָך ביז איצט ניט באַגעגנט. איר קלוגשאַפט, איר שיינער אויסזען, איר שלאַנקע פיגור, אירע שוואַרצע אויגן מיטן פייערדיקן טעמפּעראַמענט, — דאָס אַלץ האָט ער איצט געזען פאַר זיינע אויגן, אַן אמתע ציגיינערין! עפּעס איז זי אַנדערש ווי אַלע אַנדערע . . .

וואָלט, דאַכט זיך, פיליפּ געדאַרפט זיין צופרידן. קען ער נישט. ווייל ער האָט באַמערקט, אַז לעצטנס גייט זי עפּעס אַרום שטאַרק פאַרטראַכט, קוקט אויס פאַרזאָרגט און זיפצט שטאַרק אונטער, און דאָס האָט ער פיינט. דאָס זיינען דאָך די ריכטיקע סמנים, אַז זי איז אין אים שטאַרק פאַרליבט. און דערפאַר שרעקט ער זיך. יאָ, ער מוז מאַכן אַ סוף, כל־זמן עס איז נאָך ניט צו שפּעט . . . זי האָט אים שוין איינמאָל געזאָגט, אַז זי וואָלט ניט געקאָנט לעבן לעבן אַן ליבע און באַלד וועט זי אים זאָגן אַז זי קאָן ניט לעבן אָן אים, און דערנאָך וועלן זיך אָנפאַנגען היסטעריקעס, וויינען, חלשן, — ניין, ער מוז זיך פון דעם פּלאָנטער גלייך אַרויסדרייען!

ער פאַרציט טיף דעם רויך פון זיין סיגאַר און טראַכט:

עס איז אים אַ שאָד זי צו פאַרלירן, און עס פאַרדריסט אים, וואָס בערטאַ נעמט ליבע אַזוי שרעקלעך טראַגיש . . . וואָלט זי דאָס גענומען אַזוי לייכט ווי ער, וואָלט דאָס „שפּיל" נאָך געקענט אָנהאַלטן. אַ שאָד . . . אַ שאָד . . .

פיליפּס פּנים נעמט פּלוצלונג אָן אַן ערנסטן אויסזען. אפשר גאָר חתונה האָבן מיט איר? — גיט ער אַ טראַכט, — צי קען ער זיך דען ווינטשן אַ שענערע אָדער אַ בעסערע פרוי ווי בערטאַ? האַ? אפשר?

ער לאַכט זיך פאַנאַנדער הויך אויפן קול. מער פעלט אים טאַקע נישט, ווי ווערן אַ „סטאַטעטשנער מאַן", און אַרומטראָגן זיך דורך די נעכט מיט אַ קינד אויף די הענט! . . . אַן איינפאַל אַביסל! אַז אים געפעלט גאַנץ גוט יענעמס ווייב . . . אַ, ער מוז זיך באַפרייען פון בערטאַן, ווייל זי וועקט אין אים געפערלעכע געדאַנקען . . . אין קאָפּ ביי אים




אַ שווערער אומעט האָט געדריקט זיין האַרץ. דאָס ביכעלע מיט אַדרעסן
פון אַנדערע געליבטע האָבן אים איצט נישט געוואַרעמט.

אַרבעט ער אויס אַ גאַנצן סטראַטעגישן פּלאַן און גרייט זיך צו צו דער מלחמה, וואָס ער וועט דאַרפן פירן מיט בערטאַן ווען זי וועט זיך דער־וויסן, אַז דער „ראָמאַנס" איז געענדיקט . . . ער וועט נאָך היינט מיט איר ניט איבעררייסן אינגאַנצן. ער וועט עס מוזן טאָן צו ביסלעך . . . ער וועט זיך אויפפירן „אַנדערש", קאַלט און גלייכגילטיק . . . דערנאָך וועט ער עטלעכע מאָל ניט קומען אין דער צוגעזאָגטער צייט . . . און דאָס וועט זיין געגנוג אַז בערטאַ אַליין זאָל ווערן אין כעס און וועט איבעררייסן די באַציאונגען מיט אים. ער וועט שוין מאַכן אַזוי אַז זי אַליין זאָל נאָך ווערן ברוגז און ער זאָל פאַרבלייבן דער „דזשענטלמען".

מיט דעם באַשלוס לאָזט זיך פיליפּ גיין צו בערטאַס הויז. אָנגעקומען, קלינגט ער אין טיר.

בערטאַ אַליין האָט געעפנט די טיר. זי האָט אים פריינטלעך אויפגע־נומען. אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן איר עפּעס צו זאָגן, האָט ער דערפילט אַ קאַלטקייט אין איר באַוועגונג.

זי איז געשטאַנען פאַר אים אַ שטאָלצע, אַ גראַציעזע מיט איר פולן רייץ און חן, און געשוויגן.

פיליפּ האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן זיינע פּלענער אויף שפּעטער . . .

— וואָס מאַכסטו, בערטאַ טייערע ? — האָט ער אויסגעשריען מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט, אויסשטרעקנדיק צו איר זיינע הענט און ליפּן אין איין צייט.

— איך בין אַלרייט, — האָט בערטאַ קאַלט געענטפערט און אָנגע־נומען בלויז זיינע הענט.

— פּרויען האָבן אַ וואונדערלעכן פאַרגעפיל, — טראַכט פיליפּ, — און איר אינסטינקט האָט איר מסתמא אונטערגעזאָגט, אַז עפּעס איז ניט גלאַט מיט מיר . . . און דערפאַר באַנעמט זי זיך אַזוי קאַלט.

ער קוקט אויף איר און עס ווייזט זיך אים אויס, אַז נאָך קיינמאָל איז זי נישט געווען אַזוי רייצנדיק ווי היינט אָוונט.

אַ זיסע וואַרעמקייט לויפט דורך זיין קערפּער. ער רוקט זיך צו נענע־טער צו איר. די שלייפן האַמערן ביי אים האַסטיקער. ווי קען ער גאָר טראַכטן פון פאַרלאָזן אַזאַ אוצר ? מילא, ס'ברענט ניט. ער האָט צייט !

— בערטאַ, — רעדט ער אַרויס הייזעריקלעך, — דו קוקסט היינט אויס וואונדערלעך שיין ! דו צויבערסט . . .

— אַ דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט, — ענטפערט זי מיט אַ שמייכל.
— איך מיין עס ערנסט, — ווערט ער שוין דרייסטער נאָכן קאָמפּ־לימענט.

ער גיט איר אַ נעם אין זיינע אָרעמס, אָבער זי דרייט זיך קונציק אַרויס און גייט אַריין אין צווייטן צימער. פיליפּ גייט איר נאָך און קען ניט פאַרשטיין פאַרוואָס זי שפּילט מיט אים פלוצלונג קאַץ און מויז...

— וואָס איז, בערטאַ? עפּעס איז דיין באַנעמונג צו מיר היינט זייער מאָדנע...

— ניין, ניט מאָדנע, נאָר הם... — זי ענדיקט ניט.
— נאָר וואָס? — פאָדערט ער אַן ענטפער.
— איך האָב געוואָלט מיט דיר ריידן וועגן עפּעס.
— אַהאַ, — טראַכט פיליפּ, — זי וויל מיך איצט צודריקן צום ווענטל. צאַפּלסט זיך, בחורל? טאָ האָב חתונה!...
— נו, רעד, — זאָגט ער אַרויס טרוקן.
זי שווייגט.
— נו, — הויבט ער אויף צו איר אַ פּאָר אומגעדולדיקע אויגן.
— נישט איצטער. שפּעטער, — ענטפערט בערטאַ. — דערצייל מיר בעסער ווי עס גייט דיר? ווי גייט ס'געשעפט? ווי פילסטו אין געזונט? און ווי גייט דיר אין ליבע?

פיליפּ שפּרינגט אויף ווי אַן אונטערגעשאָסענער.

— הער זיך אויף צו חכמענען, — זאָגט ער אַרויס מיט אַ ציטער אין זיין שטימע.

— הער, פיליפּ, און איך האָף אַז דו וועסט מיך פאַרשטיין און פאַר־געבן, — האָט זי אָנגעפאַנגען אין אַ פאַרשולדיקטן טאָן. דו געדענקסט סעם גאָלטמאַן? איך האָב דיר אַמאָל דערציילט וועגן אים...

— וואָס איז מיט אים? — האָט פיליפּ ניט פאַרשטאַנען.
— מיט עטלעכע וואָכן צוריק האָב איך אים ווידער באַגעגנט.
— אָ, דיין אַמאַליקער!... — האָט פיליפּ זיך געכאַפּט און איז געוואָרן שטאַרק נערוועז.

— שוין אַ לענגערע צייט, אַז מיר טרעפן זיך ווידער, — האָט איצט בערטאַ רואיק פאַרטגעזעצט, — מיין אַמאַליקע הייסע ליבע פאַר אים האָט ווידער דערוואַכט, און איך ווייס איצט אַז דאָס איז דער איינציקער מאַן

װעלכן איך װעל אײביק ליב האָבן.

— פֿאַלשע, — האָט פֿיליפּ קוים אײנגעהאַלטן די װערטער.

— פֿאַריקע װאָך האָט ער מיר געמאַכט אַ פֿאָרשלאָג אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט אים. איך האָב זײַן פֿאָרשלאָג אָנגענומען.

זי איז אַנטשװיגן געװאָרן, געקוקט אויף פֿיליפּן און געזוכט אַרויסצו־לײענען פֿון זײַן פּנים דעם אײַנדרוק װאָס אירע װערטער האָבן געמאַכט אויף אים.

פֿיליפּ איז געזעסן װי פֿאַרשטײנערט.

אַ מאָדנע זאַך: דאַכט זיך, אַז ער האָט זיך געדאַרפֿט פֿרײען װאָס זײַן ראָמאַנסל האָט זיך איצט געהאַלטן אין פֿאַרענדיקן, אַזױ לײַכט, בעסער װי ער האָט זיך ערשט ניט לאַנג צוריק געװאָונטשן. נאָר עפּעס פֿרײט זיך אים ניט. ער האָט פּלוצלונג דערפֿילט אַ האַס צו יענעם, און געפֿילט האָט ער איצט אַז ער קען זי ניט און טאָר זי ניט פֿאַרלירן. קײנמאָל איז זי אים ניט געװען אַזױ נאָענט און טײַער װי אין דער איצטיקער מינוט. דער גע־דאַנק אַז זי בײַט אים אויס אויף אַן אַנדערן האָט אים געמאַכט װילד. ער האָט אָבער קאָנטראָלירט זײַנע געפֿילן און גערעדט װײך:

— בערטאַ, — האָט ער אָפּעלירט צו איר, — װי קענסטו דאָס טאָן? װי קענסטו אַזױ לײַכט אַרויסרײדן, אַז צװישן מיר און דיר איז אַלץ אויס? אַרט דיך גאָר ניט פֿאַר מיר? גײט דיר ניט אָן װאָס מײַן האַרץ װערט צעבראָכן?

ערגעץ אין אַ װינקל פֿון זײַן נשמה האָט אַ שטימע אים אונטערגע־זאָגט, אַז דאָס זײַנען דאָך באַקאַנטע װערטער, װעלכע ער פֿלעגט אָפֿט הערן פֿון פֿרויען . . . און איצט שטײט ער אַלײן פֿאַר אַ פֿרוי װי אַ אינגל און קײַעט איבער די זעלבע רײד, װעלכע פֿלעגן קלינגען אַזױ באַנאַל אין זײַ־נע אויערן.

ער האָט אויף איר געקוקט מיט בעטנדיקע בליקן.

בערטאַ, אַ שװײַגנדיקע, איז צוגעגאַנגען צו אַ שופֿלאָד, האָט פֿון דאָרטן אַרויסגענומען עפּעס אַ פּאַפּיר און אים געװיזן.

— „מערידזש לײַסענס"!

— יאָ, שוין חתונה געהאַט, — האָט בערטאַ צופֿרידן געשמײכלט, — און מאָרגן פֿאָרן מיר אויף אונדזער האָניק־חודש. איך האָב אים דער־

ציילט וועגן דיר. ער וועט דאָ באַלד זיין, און אויב דו ווילסט וואַרטן, וועל איך דיך באַקענען מיט אים.

פיליפּ האָט זיך דערשלעפּט צום „סענטראַל־פּאַרק", האָט זיך אויס־געזוכט אַן איינזאַם ווינקל און זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק. וואָס ס'האָט ערשט מיט אים פּאַסירט, האָט אים אַזוי צעטומלט, אַז עס איז אים שווער צו באַנעמען. אַ שווערער אומעט האָט געדריקט זיין האַרץ. ער האָט זיך דערמאָנט אַן זיין אַדרעס־ביכל, וואָס איז אַלעמאָל געלעגן נאָענט צו זיין האַרצן, אָבער דאָס ביכעלע מיט אַדרעסן פון אַנדערע געליבטע האָבן אים גראָד איצט ניט געוואַרעמט.

# אַ מאַמע

נייטן האָט פֿאַרמאַכט זיין יאַטקע און מיט גרויס הנאה זיך געלאָזט גיין אַהיים צו זיין ווייב און קינד.

זיין הויכע פיגור מיט די ברייטע פּלייצעס האָבן זיך מיט פעסטקייט געטראָגן איבער די ניו־יאָרקער גאַסן.

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער זיין פּנים ווען ער האָט געטראַכט וועגן זיין פרוי שוירלי.

ער דערמאָנט זיך איצט אַז זיינע פריינט האָבן אים אָפּגערעדט פון שידוך.

„עס איז ניט קיין גלייך פּאָר" — האָבן זיי געטענהט. נישט אַנדערש ווי די פריינט זיינע האָבן אים פשוט ניט פאַרגונען ס'„גליק".

און אַז זי איז אַן אַמעריקאַנערין איז וואָס? איז ער דען אַ גרינער? אפשר זיך שלעכט אַרויפגעאַרבעט אין די אַכטצן יאָר וואָס ער געפינט זיך אין אַמעריקע? איי, דאָס וואָס זי איז מיט צוועלף יאָר אינגער פון אים איז אויך קיין אומגליק ניט. אַ פרוי דאַרף זיין אינגער פונעם מאַן.

אַ ווילדע מיידל איז שוירלי געווען, דאָס איז אמת. אָבער זינט זי האָט חתונה געהאַט מיט אים און געבוירן אַ קינד, איז זי גאָר אַן אַנדער מענטש געוואָרן, און איצט צו פיר און צוואַנציק יאָר, ווייזט זיך אים אויס, אַז זי האָט זיך „געסעטלט". און טאַקע פאַרוואָס ניט? עס פעלט איר חלילה עפּעס ביי אים? געוואָלט אַן אויטאָמאָביל, נאַ דיר אַן אויטאָמאָביל! אַ דימענט־רינגל, נאַ דיר אַ דימענט־רינגל! אַ דינסט? אויך אַ דינסט־מיידל האָט ער מיט שווערע מי איר פאַרשאַפט.

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער נייטנס פּנים פון דעם באַוואוסטזיין, אַז ער קען געבן זיין יונגער פרוי אַלץ מיט דער ברייטער האַנט. זיינע שונאים און יענע גוטע פריינט וואָס זיינען געווען קעגן דעם שידוך אויף צעפּיקעניש...

צו דער זעלבער צייט איז שוירלי געזעסן ביי זיך אין הויז און גע־

קייעט „טשואינג־גאָם" און געלייענט אַ מעשה וועגן הייסער ליבע און ליידנשאַפט.

איבערגעלייענט, גיט זי אַ וואָרף אַוועק דעם זשורנאַל, טוט אַן אומ־צופרידענעם שאָקל מיט איר שיינעם קאָפּ בלאָנדע האָר און ברומט אַרויס:

— אָה, העל!

די מעשה האָט איר אינגאַנצן צעטומלט . . .

אַך, ווען זי וואָלט נאָר געקענט באַשליסן אַזוי צו האַנדלען ווי די העלדין פון ראָמאַן — אַלץ איבערלאָזן און אַוועק מיט איר געליבטן, וואָלט דעמאָלט איר גוט געווען . . .

צו וואָס, — טראַכט זי — צו וועלכן שוואַרצן יאָר טויגן איר די אַלע גוטע זאַכן וואָס דער מאַן אירער גיט איר, אַז זי האָט אים ניט ליב... אַז ליבן ליבט זי גאָר אַן אַנדערן? . . .

זי שפּייט אויס דעם „גאָם" און פאַררויכערט אַ סיגאַרעט. זי טראַכט און טראַכט און קען זיך קיין עצה ניט געבן. פרעדי שטייט איר פאַר די אויגן . . . און איר פרעדי וויל ניט אַנדערש נאָר זי זאָל פאַרלאָזן איר מאַן און אַוועקפאָרן מיט אים.

און ליב האָט זי פרעדין פּונקט אַזוי פייערלעך ווי אין דעם „ראָמאַן", וואָס זי האָט נאָר־וואָס איבערגעלייענט. ווען זי איז אין זיינע אָרעמס, פאַרגעסט זי אין אַלץ אין דער וועלט, אַפילו אין איר קינד. און ווען זי טאַנצט מיט אים, שוועבט זי ממש אין די הימלען. זי וואָלט, דאַכט זיך, געוואָלט אַזוי אייביק טאַנצן . . .

און דאַן דערמאָנט זי זיך אין יענעם טאַנץ פון באַלד נאָך זייער חתונה. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איר מאַן האָט איר אויס־גענומען צו אַ טאַנץ.

האָט ער דאָס אַביסל אַ טאַנץ געטאָן, אַז עס איז איר פּשוט פינצטער געוואָרן אין די אויגן. געטראָטן איר אויף די פיס, און עפּעס האָט ער אַזוי מאָדנע אונטערגעהאָפּקעט און דערביי זיך אַזאַ קרומען דריי געטאָן, וואָס האָט געהאַט דעם זיבעטן חן . . . און דערצו האָט ער נאָך שטאַרק גע־שוויצט. זי האָט באַמערקט צווישן עולם עטלעכע פון אירע אַמאָליקע פאַרערער און ווי איר האָט זיך אויסגעוויזן האָבן זיי זיך געשטיקט פון גע־לעכטער . . .

דעמאָלט האָט זי זיך פאַרשוואָרן:

„קיינמאָל מער!" — מער וועט זי מיט אים נישט טאַנצן . . .
פון דעמאָלט אָן איז זי אַליין געגאַנגען צו טענץ, און ביי איינעם פון די טענץ באַגעגנט פרעדין און עס האָט זיך פאַר איר אָנגעפאַנגען אַ ניי אינטערעסאַנט לעבן.
אַ קלונג אין טיר האָט איבערגעשלאָגן אירע געדאַנקען וועגן פרעדין.
ס'דינסט־מיידל איז צוריקגעקומען פון אַ שפּאַציר מיט איר אינגעלע, אַ קינד פון אַ יאָר דריי, אַ צאַפּלדיקער, אַ פריילעכער מיט אַ פּאָר בלויע אויגן. ער איז מיט אַ געפּילדער צוגעלאָפן צו דער מאַמען און געבעטן:
— מאַ, שפּיל מיט מיר אין פערדלעך.
און ווען די מוטער האָט אים ניט געפאָלגט, האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויפן דיל און געצויגן שוירלין פאַרן קלייד.
שוירלי האָט מיט כעס אים אָפּגעשטויסן פון זיך. דאָס קינד שטייט איר די לעצטע צייט עפּעס ווי אַ ביין אין האַלדז. ווען ניט דאָס קינד, וואָלט זי דאָך איצט געווען אַ פרייער פויגל . . .
— אָ, צו וואָס האָט זי עס געדאַרפט? . . .
דאָס קינד האָט זיך צעוויינט.
— נעם אים אַוועק פון מיינע אויגן, דעם קליינעם אָנשיקעניש! — האָט זי אַ געשריי געטאָן צו דער דינסט.
נייטן, איר מאַן, איז אַריינגעקומען אין הויז. דאָס קינד איז גלייך געלאָפן צו אים.
נייטן האָט אים איינגעשטילט מיט פאָטערלעכע צערטלעכקייט, געגעבן אים עפּעס אַ שפּילצייג, וואָס ער האָט פאַר אים איינגעקויפט אויפן וועג אַהיים. דאָס קינד האָט זיך פאַרשפּילט און אויפגעהערט וויינען.
נייטן איז צוגעגאַנגען צו שוירלין און האָט איר געגעבן אַ קוש. זי האָט אים באַגעגנט קאַלט און גלייכגילטיק.
— חנה־סערקעלע, וואָס ביזטו אַזוי אויפגערעגט? טוט דיר עפּעס וויי, חלילה? — האָט ער ווייך געפרעגט.
— הער מיך אויף צו רופן חנה־סערקעלע! — האָט זי אויסגעשריען — וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט אַז דו זאָלסט מיך ניט רופן מיט דעם „קייקישן" נאָמען? איך הייס שוירלי!
— נו, מילא, זאָל זיין שוירלי, וואָס דאַרפסטו זיך אויפרעגן? נישט געפערלעך . . . מער קיין דאגות זאָלסטו ניט האָבן — פּרובירט נייטן

איר איינשטילן.

— איך האָב געגנוג דאגות און צרות, איבערגענוג . . . איך האָב אַ האַרץ וואָס פילט, און ניט קיין האַרץ פון אַ בהמה . . . . — און דאָס זאָגנ־דיק האָט זי זיך אַ הויב געטאָן פון פלאַץ און איז מיט אימפעט אַרויס אין גאַס.

נייטן איז געבליבן שטיין אַביסל צעטומלט פון זיין ווייבס אויסברוך, נאָר באַלד איז ער געקומען צו זיך און האָט זיך ברייט צעשמייכלט.

עס איז ביי אים קיין נייעס ניט, אַז זיין שוירלי זאָל ווערן ברוגז. עס וועט זיך ענדיקן ווי אַלע מאָל — ער וועט איר מוזן איבערבעטן מיט עפּעס אַ טייערער מתנה, ווי מען בעט איבער אַ צעבאַלעוועט קינד.

שוירלי איז פון הויז געלאָפן צו אַ טעלעפאָן.

זי מוז טעלעפאָנירן פרעדין.

נאָר ווען זי האָט געהאַלטן ביים אויפהויבן דאָס טרייבל, איז איר האָנט געבליבן אין דער לופטן. זי האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט אָן איר אַנגעוויטיקטער פראַגע — דאָס קינד . . .

פרעדי האָט דאָך איר אויסדריקלעך געזאָגט:

— מיט דיר, שוירלי, וועל איך פאָרן אין עק וועלט, אָבער מיטן קינד — „ניקס" . . .

אַ מינוט האָט זי נאָך נאָכגעטראַכט איידער זי האָט אָנגעקלונגען דעם נומער, דאַן האָט זי אַנטשלאָסן אויסגעקלונגען זיין נומער. זי האָט גלייך דערקענט זיין שטימע.

— האַלאָ! פרעדי? יע, דאָס בין איך שוירלי, אַ פרעדי, איך בין אַזוי „מיזעראַבל" . . . פאַרוואָס? ווייל איך קען שוין ווייטער אַזוי ניט אַנגיין . . . וואָס? יע, יע, איך פאָר! — האַ? ס'קינד? . . . וועל, יאָ, מיטן טאַטן . . . אַלרייט, עס וועט אפשר זיין בעסער אַזוי . . . וואָס זאָגסטו, פרעדי, איך הער ניט . . . רעד העכער! — האַ, עס וועט זיין אויך בעסער פאַרן קינד, זאָגסטו? . . . אודאי . . . ווען? דאָנערשטיק אָוונט, ניין אַזייגער אין גרענד־סענטראַל סטיישאַן . . . יאָ, יאָ, באַשטימט. גוד־ביי „דאַרלינג", גוד־ביי.

אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל איז זי אַ מינוט געבליבן שטיין. נאָר באַלד האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. עפּעס אַזוי ווי זי איז ענד־לעך געקומען צום ריכטיקן באַשלוס און אויסגערופן:

— אָט אַזוי בלייבט עס, — און זיך געלאָזט גיין צוריק צו איר הויז.

עס איז דאָנערשטיק אָוונט. ביי שוירלין אין הויז איז שטיל. נייטן איז אין זיין „בוטשער־שאָפּ". די דינסט איז אין די „מואוויס". דאָס קינד שלאָפט. שוירלי פּאַקט נערוועז אירע זאַכן. איינגעפּאַקט, טוט זי אָן איר מאַנטל, איר הוט, נעמט דעם וואַליז אין האַנט, און בלייבט פּלוצלונג שטיין צעטומלט, שטעלט צוריק אַוועק איר וואַליז און לאָזט זיך גיין צום קינדס צימער.

זי גייט צו צום בעטל, קוקט זיך איין אין פּנים פון איר קינד, בויגט איין איר קאָפּ און טוט אים לייכט אַ קוש אויפן שטערן.

דאָס קינד האָט זיך אומרואיק אַ דריי געטאָן און שטיל פאַרקרימט זיין פּנימל, עפּעס אַזוי ווי צום וויינען. זיין קליין קערפּערל האָט איצט אין דער טונקלקייט פון דער נאַכט אויסגעקוקט שוואַך און אומבאַהאָלפן.

שוירלי האָט פּלוצלונג דערזען איר קינד פאַרלאָזן, אָן אַ מאַמען, אַ לעבעדיק יתומל דרייט ער זיך אַרום און זוכט איר, שוירלין.

אַ טיפער רחמנות האָט איר אַרומגעכאַפּט. איר מאַמע־האַרץ האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. זי האָט מיט אַמאָל דערפילט, אַז זי קען זיך פון איר קינד ניט אָפּרייסן, ס׳איז אַ טייל פון איר, אַ גליד פון אירע גלידער, האָט זי זיך מיט אַמאָל פאַנאַנדערגעוויינט אויפן קול.

דאָס קינד האָט זיך אויפגעכאַפּט, און דערזעענדיק די מוטער ביי זיין בעטל, האָט ער מיט פּחד פאַרוואָרפן די הענטעלעך אַרום איר האַלדז. זי האָט אים גענומען אויף די הענט, געדריקט אים צום האַרץ, און פּלוצלונג איז איר איינגעפאַלן אַ געדאַנק.

זי האָט אים אַ פרעג געטאָן :

— ווילסט זיך אַביסל דורכפאָרן מיט דיין מאַ ?

— יעס, — האָט דאָס קינד געענטפערט פאַרשלאָפן.

זי האָט אין איילעניש אים אָנגעטאָן, און איז שנעל אַרויס מיט אים פון הויז.

אין גאַס האָט זי צוגערופן אַ טעקסי און געהייסן פאָרן צום דיפּאָ.

אינעווייניק אין דעם דיפּאָ האָט שוין פרעדי געוואַרט. זי האָט אים פון דערווייטנס דערזען, איז זי צוגעגאַנגען צו אים. אין אירע אויגן האָט געברענט אַן אומעטיק פייערל, ווי ביי אַ געשלאָגענעם הונט.

— פרעדי, טייערער, איך . . . איך האָב נישט געקענט! . . . נישט געקענט אים איבערלאָזן, — האָט זי שטאַמלדיק אָנגעוויזן אויפן קינד.

פרעדי איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער, געקוקט אויפן קינד. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט פאַרוואונדערונג. נאָר באַלד איז ער געקומען צו זיך און אָנשטעלנדיק אַ פינגער אויפן קינד, האָט ער קאַלט אַרויסגערעדט בלויז איין וואָרט: „ניקס".

שוירלי האָט געפילט ווי עס ברעכן זיך אונטער אירע פיס. עס האָט איר אַרומגעכאַפּט אַ כעס געמישט מיט האָס. זי האָט צו אים אויפגעהויבן אירע אויגן, און פּלוצלונג דערזען פאַר זיך אַן אַנדער פרעדי. איר העלד, וועמען זי האָט אַזוי שטאַרק פאַרגעטערט, און צוליב וועמען זי איז גרייט געוועזן אויף אַלץ . . . איז מיט אַמאָל געוואָרן קליין און נישטיק אין אירע אויגן.

אַ מינוט זיינען זיי ביידע געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם צווייטן און געשוויגן.

שוירלי איז די ערשטע געקומען צו זיך און שפּאָטיש אַריינקוקנדיק אין זיין פּנים, האָט זי בלויז איבערגעפרעגט:

— „ניקס", האַ? וועל, עס איז „ניקס" מיט אונדזער גאַנצן ראָמאַן...

און אַ כאַפּ טוענדיק דאָס קינד פאַרן הענטל, האָט זי זיך געלאָזט גיין מיט שנעלע טריט פון דיפּאָ, און דערביי האָט זי געהאַלטן אין איין מורמלען:

— אין דער ערד אַריין מיט אַזאַ ליבע . . .

פאָרנדיק אין טעקסי צוריק אַהיים איז זי געוואָרן שטאַרק אומרויִק. וואָס וועט זיין אויב איר מאַן איז שוין דאָ אין הויז, אָדער אַפילו איר דינסט־מיידל? וואָס פאַר אַ תירוץ קען זי געבן פאַר אויפוועקן אַ קליין קינד אין מיטן שלאָף, שפּעט ביינאַכט? וואו, זאָל זי זאָגן, איז זי געוועזן מיטן קינד? . . .

זי האָט דערפילט ווי עס באַגיסט איר אַ קאַלטער שווייס. איר היים, וואָס איז ערשט מיט אַ שעה צוריק געוועזן פאַר איר אַ גיהנום, איז איר איצט געוואָרן ליב און טייער.

אַפילו צו איר מאַן האָט זי איצט געפילט אַ ליבע וואַרעמקייט, וואָס עס דאַכט זיך איר, אַז זי האָט דאָס ביז איצט גאָר קיינמאָל ניט געפילט, און פאַר וועמען זי האָט דאָס אַלץ געוואָלט אויפגעבן?

— גאָט, עס זאָל נאָר ניט זײַן צו שפּעט, — האָט זי שטיל געבעטן.
די טעקסי האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר איר הויז. זי האָט נערוועז אַ קוק געטאָן צו אירע פענצטער. עס איז דאָרטן געווען שטיל און פינצטער. זי האָט פרייער אָפּגעאָטעמט, באַצאָלט דעם טרייבער, האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס קינד אויף אירע הענט און איז אַ גליקלעכע צוריק אַרײַן אין הויז.

# דער אַקטיאָר

פּאָול קאַזאַן איז אַריין אין זיין גאַרדעראָבע־צימער, האָט אַרונטער־געצויגן זיין פּעלערינע און זי נאַכלעסיק אַ וואָרף געטאָן אַן אַ זייט.

פון טעאַטער האָבן זיך געטראָגן שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

— גענוג, איך גיי מער נישט אַרויס זיך נייגן, — האָט ער צעבאַלע־וועט אַרויסגערעדט, — איך וויל נישט! קעטשוק! קעטשוק! וואו ביזטו ערגעץ?! — האָט ער בייז גערופן.

פון דער זייט איז אַריינגעלאָפן זיין באַדינער.

— אָט בין איך, מר. קאַזאַן, — האָט ער אַ דערשראָקענער גע־שטאַמלט, — איך האָב געמיינט, אַז איר זענט נאָך אַלץ אויף דער בינע.

די אַפּלאָדיסמענטן האָבן נישט אויפגעהערט.

— איך גיי מער נישט אַרויס זיך נייגן! איך בין מיד! — האָט ער זיך ווי געבעטן.

— איך ווייס, סער, אַז ס'איז שווער צו טראָגן די קרוין פון דעם גרעסטן שוישפּילער אויף דער וועלט.זייער שווער,סער,—האָט דער דינער אים געחנפעט, בעת ער האָט זייער גוט געוואוסט, אַז פּאָול קאַזאַן וועט קיינמאָל נישט מיד ווערן פון אַפּלאָדיסמענטן. דערביי האָט ער אים צור־ריק אָנגעטאָן די פּעלערינע, וועלכע פּאָול קאַזאַן האָט העלדיש פאַרוואָרפן אויף דער לינקער זייט און איז אַרויס אויף דער בינע זיך ווידער פאַרנייגן.

צוריקקומענדיק אין זיין גאַרדעראָבע־צימער, איז קאַזאַן געבליבן שטיין פאַרן שפּיגל און גערעדט צו זיך:

— נאָבעלער פּרינץ האַמלעט פון דענמאַרק, איך פאַרלאָז דיך ביז מאָרגן אָוונט.

אונטערן צויבער פון דער שאַרפער עלעקטרישער באַלייכטונג און קינסטלערישן שמינק, מיטן שיינעם בלאָנדן פּאַרוק און די ענג־געפּרעסטע היסטאָרישע קליידער, האָט ער באמת אויסגעזען ווי דער העלדישער פּרינץ האַמלעט, אָבער ווען ער האָט אויסגעטאָן די קליידער און מיט קרים גענר־



נאָבעלער פּרינץ האַמלעט פון דענמאַרק, איך פאַרלאָז דיך
ביז מאָרגן אָוונט.

מען אָפּווישן די שמינקע, האָט זיין יוגנט אָנגעהויבן פאַרשווינדן. מיט יעדן וויש פון דער סאַזשע האָט ער אָפּגעווישט עטלעכע יונגע יאָרן. ביים לעצטן וויש איז אינגאַנצן פאַרשוואונדן זיין יוגנטלעכער צויבער, און פאַרן שפּיגל איז געבליבן זיצן אַן עלטערער מענטש פון די אָנפאַנג זעכ־ציקער, מיט קישעלעך אונטער די אויגן און טיפע קנייטשן אַרום מויל.

ער האָט אויסגעטאָן זיין פּאַרוק און איז געבליבן מיט אַ קאָפּ שיטערע קאַשטאַן־גרויע האָר. ער האָט אַ זיפץ געטאָן: „איך וועל באַלד אינגאַנצן בלייבן אָן האָר״.

— ווי אַזוי איז אין דרויסן דאָס וועטער? — האָט ער אַ פרעג געטאָן ביי זיין באַדינער.

— רעגנדיק, סער!

— נו, יאָ. איך האָב דאָס דערפילט אויף דער בינע אין צווייטן אַקט נאָך, ווען עס האָבן מיר פּלוצלונג גענומען וויי טאָן די קני.

— אַך, — האָט ער אַ זיפץ געטאָן, — מיין רומאַטיזם לאָזט מיך נישט לעבן, — און מיטאַמאָל האָט ער זיך צעשריען:

— וואו זיינען ערגעץ מיינע ברילן?

— אָט זיינען זיי, מר. קאַזאַן, און אָט איז אַ בריוו.

— אָ, שוין ווידער פון איר, — האָט ער אויסגערופן, דערקענענדיק אַ באַקאַנטע האַנטשריפט, וואָס שרייבט שוין צו אים דעם זעקסטן בריוו.

ער האָט דעם בריוו גלייכגילטיק אַ וואָרף געטאָן פון זיך, נאָר דער־ביי האָט ער דערפילט, אַז עפּעס איז דאָרט דאָ מער ווי אַ בריוו, האָט ער געעפנט דעם קאָנווערט, און אַ בילד פון אַ יונג שיין מיידל איז פון דאָרט אַרויסגעפאַלן. ער האָט אַ מאָמענט באַטראַכט די פאָטאָגראַפיע, נאָר באַלד האָט ער דאָס בילד אַ וואָרף געטאָן אָן אַ זייט און דערביי גלייכגילטיק באַמערקט: „אַ גאַנץ שיין מיידל״, דאַן האָט ער געלייענט דעם בריוו, וואָס האָט געהאַט כמעט דעם זעלביקן אינהאַלט ווי די פריערדיקע.

„יאָ, דאָס בין איך״, האָט זי געשריבן, „אָט די אייגענע מיס גייזער, וואָס באַלעסטיקט אייך שוין צום זעקסטן מאָל מיט מיינע בריוולעך אָן דערפאָלג. איך פאַרשטיי, אַז איר קענט קוים באַגרייפן מיין געוואַגטקייט. אפשר רופט איר עס חוצפּה; אָבער וואָס קאָן איך מיר העלפן, אַז איר האָט ביי מיר צוגענומען מיין רו, מיין גלייכ־געוויכט. איך וועל אַזוי לאַנג שרייבן ביז איר וועט פאַרט מיר ענט־

פערן און איינשטימען מיך צו באַגעגענען. איך ווייס, אַז עס איז נישט שיין פאַר אַ יונג מיידל צו זיין אַזוי צודרינגלעך, נאָר מיר לעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, און איך זע נישט איין פאַרוואָס איך טאָר נישט האַנדלען אַזוי ווי איך פיל.

„איך שיק אייך מיין בילד. אפשר וועט מיין בילד אויף אייך מאַכן דעם געוואונטשענעם איינדרוק און איר וועט איינשטימען מיך צו באַגעגענען, און אויב נישט, וועט איר פון מיר קירצלעך ווידער הערן.

„מיט פאַרערונג און דערוואַרטונג, אייער שאָטן,

מיס גייזער".

„נ. ב. — דער אָריגינאַל איז שענער ווי דאָס בילד . . ."

און אונטן איז געווען, ווי אַלעמאָל, אָנגעשריבן איר טעלעפאָן־נומער און אַדרעס.

פּאָול קאזאן האָט איבערגעלייענט דאָס בריוול און באַוואונדערט דעם מיידלס צודרינגלעכקייט: „ווי די יוגנט בייט זיך", — האָט ער אַ שמייכל געטאָן, — „וואָלט אַ מיידל מיט אַ פערטל־יאָרהונדערט צוריק אויך אַזוי געוואַגט צו שרייבן ?! זיכער נישט!"

ער פלעגט דאָן אויך קריגן בריוולעך פון יונגע פרויען, אָבער זייער ברענענדיקער פאַרלאַנג זיך מיט אים צו טרעפן איז געווען איינגעהילט אין טויזנט שלייערן.

— אָבער וואָס איז דער אונטערשייד ? — האָט ער ציניש געשמייכלט — סיי־ווי־סיי פירן אַלע וועגן קיין רוים... פון דער אַריסטאָקראַטישער פאַרפומירטער דאַמע, וואָס רעדט פון שעקספּיר, היינע און בייראָן, ביז דאָס יונגע מיידל, וואָס פּלאַפּלט פון דער לעצטער מאָדע, ווי עס טראָגן די „מואווי־סטאַרס", ביז צו דעם פּראָסטן דאַרפס־מיידל, פון וועלכער עס שמעקט מיט פעלד און היי . . . יאָ, אַלע טירן, וואָס פירן צו ליבע זיינען אָפן פאַר דעם גרויסן, דעם וועלט־באַרימטן קינסטלער פּאָול קאזאן.

אָבער צי וואָלטן די אַלע טירן פון ליבע געווען פאַר אים אָפן ווען ער וואָלט געווען עפּעס אַ מיסטער דזשאָן סמיט ? אָדער גלאַט עפּעס אַ מענטש ? ניין, ער איז זיכער, אַז מען וואָלט זיך אויף אים אַפילו נישט אומגעקוקט. ווי איבערגעגעסן ער איז פון דער פאַלשער חניפה, וואָס מענטשן טראָגן אים צו, און ווי מיד ער איז פון די לייכטע ליבעס, וואָס הויבן

זיך אַלע אָן מיט אַ פּלאַם און לאָזן זיך אויס מיטן רויך. און איצט פילט ער ווי אַלע זיינע פייערן האָבן שוין לאַנג אויסגעברענט. אַפילו דער רויך איז אויך שוין לאַנג פאַרשוואונדן . . . ס׳איז אים איצט קאַלט און אומע־טיק אויף דער נשמה. ס׳ווינטערט ביי אים אין האַרצן.

אין טעאַטער איז פינצטער. דאָס פּובליקום איז שוין אַוועק אַהיים. די אַקטיאָרן זיינען זיך שוין צעגאַנגען, נאָר פּאָול קאַזאַן זיצט אין זיין גאַרדעראָבע־צימער, און פינצטערע געדאַנקען פון הבל־הבלים קריכן אים אין קאָפּ.

„דערגרייכט דעם העכסטן רום און נישט געפונען קיין גליק״ . . .

דער רומאַטישער וויטיק האָט זיך ביי אים צעשפּילט און איז פון דער לינקער קני אַרויף צו דער לינקער האַנט. ער האָט אַרונטערגעשלונ־גען אַ פּיל, וואָס ער נעמט ווען דער וויטיק איז שטאַרק. אָבער ער ווייסט גוט, אַז די פּילן זיינען סם פאַר זיין האַרץ. האָבן דאָך די דאָקטוירים אים אָנגעזאָגט נישט צו נעמען אָט יענע פּילן, וויל עפּעס איז זיין האַרץ נישט אין אָרדענונג . . . אָבער ווען עס כאַפּט אים אָן דער רומאַטישער וויטיק האָט ער דאַן איין פאַרלאַנג ווי אַמשנעלסטן פּטור צו ווערן פון די יסורים. אויך איצט האָט ער גענומען פּילן אַביסל לייכטער. זיין בליק איז ווידער געפאַלן אויף דעם מיידלס בילד, וואָס איז געבליבן שטעקן אין אַ ווינקל פון זיין טישל צווישן דער שמינקע. דאָס בילד איז געווען איבערגעקערט מיטן קאָפּ אַראָפּ, און עס האָט אינגאַנצן געהאַלטן ביים אַרונטערפאַלן. האָט ער דאָס בילד גלייכגעשטעלט און זיך קאָמיש פאַרנייגט מעשה קאַ־וואַליער און געבעטן אַנטשולדיקונג ביי דער מיס גייזער . . .

דער פריערדיקער וויטיק האָט אינגאַנצן איצט אויפגעהערט, האָט ער נאָכאַמאָל גענומען דאָס בילד און עס גוט באַטראַכט. מיטאַמאָל האָט אַ בליץ געטאָן אַ געדאַנק ביי אים אין מוח. אַ פייערל האָט זיך צעצונדן אין זיינע אויגן. ער האָט אַ ווײַלע נאָכגעטראַכט און מיט אַ פעסטן טאָן אַרויסגערעדט: „יאָ, אַזוי בלייבט עס!״

— קעטשוק! — האָט ער אויסגערופן צו זיין האַלב־פאַרשלאָפענעם דינער, — דו קאָנסט שוין גיין אַהיים. איך דאַרף דיך מער נישט האָבן, און זאָג מיין שאָופער, אַז ער זאָל צוואַרטן, איך קום באַלד אַרויס.

דער דינער איז אַוועק. פּאָול קאַזאַן איז דאַן צו צום טעלעפאָן און אָנגעקלונגען דער מיס גייזער. אַ דין קולכל האָט פון יענער זייט טעלע־

פאַן געענטפערט, און ווען פּאָול קאַזאַן האָט דערהערט, אַז דאָס איז זי טאַ־
קע די פריילין גייזער, האָט ער אָנגעהויבן שפּילן דעם יונגן פאַרליבטן,
גערעדט מיט אַ שטילער שפּילעוודיקער שטימע. געטאָן האָט ער דאָס
אַבזיכטלעך כּדי די איבעררעשונג, וועלכע ער האָט פאַר איר צוגעגרייט,
זאָל זיין מער עפעקטיוו . . .

אָבער ווען יענע האָט דאָרטן דערהערט, אַז דאָס איז ער אַליין, פּאָול
קאַזאַן, איז זי געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז מער ווי „יעס, סער" און „נאָ,
סער" האָט זי פון מויל נישט געקאָנט אַרויסברענגען. ער האָט געבעטן
אַנטשולדיקונג פאַר לאָזן איר אַזוי לאַנג וואַרטן. פאַראַן אַ סך סיבות,
דערפאַר איז ער גרייט איר גלייך צו טרעפן, טאַקע שוין היינט, אָט באַלד.

זיי האָבן אָפּגעמאַכט צו באַגעגענען זיך ביי איר אין הויז אין אַ שעה
שפּעטער. פון דאָרט וועלן זיי צופאָרן ערגעץ פאַרברענגען.

ער איז אַוועק פון טעלעפאָן און אַ טראַכט געטאָן, אַז ער דאַרף זיך
גלייך נעמען צו דער אַרבעט, אָבער ווען ער איז געבליבן זיצן ביים שפּיגל,
האָט אַ ביטערער שמייכל זיך געקרייזלט אַרום זיין מויל. ניין, ער דאַרף
גאָרנישט שווער אַרבעטן אויף זיך, כּדי זי זאָל דערזען איר העלד אין דעם
ריכטיקן געשטאַלט ווי ער איז . . . — אַן אַלטער, אָפּגעלעבטער, עלטע־
רער מענטש. ער טוט אויס דעם קאָרסעט, וואָס האַלט אים שטייף, טוט
אָן די ברילן, ציט אַרויף די אַלטע באַקוועמע שיך, זוכט אויס אַן אַלטן אַנ־
צוג, וועלכן ער פלעגט טראָגן ווען ער האָט געשפּילט אַן אָרעמען אינשור־
רענס־אַגענט, און טוט אים אָן נאָכלעסיק, דערנאָך זוכט ער אויס אַן אַלטן
הוט און כאַפּט אויף זיך אַרויף אַ צעפּאָרענעם מאַנטל.

פאַרטיק געוואָרן מיטן אָנטאָן, וואַרפט ער ווידער אַ בליק אין שפּיגל
און דערזעט דאָרט אַ גאַנץ געוויינלעכן עלטערן מענטשן, וואָס וואָלט שוין
על־פּי יושר געדאַרפט זיצן אין דער היים און לעבן פון אָפּגעשפּאָרטן
געלט און זיך שפּילן מיט זיינע אייניקלעך, נישט שפּילן קיין ליבעס . . .

ער איז אַרויס אין גאַס, צוגעגאַנגען צו זיין אויטאָ, אין וועלכער זיין
שאָופער האָט שוין אויף אים געוואַרט און אים געגעבן מיס גייזערס אַד־
רעס. ער האָט דעם שאָופער געהייסן פאָרן פּאַמעלעך. ער האָט צייט . . .
ער האָט מיט גרויס הנאה געטראַכט פון דעם שפּיל, וואָס וועט זיך באַלד
פאַנאַנדערשפּילן פאַר זיינע אויגן. ער זעט שוין ווי אַנטוישט דאָס מיידל

ווערט ווען זי דערוויסט זיך, אַז דאָס איז ער אַליין, איר ראָמאַנטישער, אויסגעחלומטער העלד . . .

„אָ, ער ווייסט גוט, וואָס זי דערוואַרט פון פּאָול קאַזאַן . . . ראָ־מאַנס . . . אַוואַנטיורע . . . גיין אויף שטריק זאָל פּאָול קאַזאַן פאַר זיי פּרויען. ווערן אַ שוואַרץ־קינצלער. ער וויל נישט! ער וועט איר גאָר זאָגן, אַז ער ליידט פון רומאַטיזם . . . און אַז עפּעס איז זיין האַרץ אויך נישט אין אָרדענונג . . . ער מוז אַלעמאָל בעמען פּילן. יאָ, אַזוי וועט ער איר זאָגן . . . און אויב ער וועט איר נאָך אַלץ געפעלן, וועט ער דאַן וויסן, אַז עס איז נאָך דאָ אמתע ליבע אויף דער וועלט" . . .

דער אויטאָמאָביל איז שטיין געבליבן לעבן אַ שיין געמויערט הויז. פּאָול קאַזאַן איז ארויס און געהייסן זיין שאָפער וואַרטן. דאַן איז ער אַריין אין פּאַיע, אָפּגעזוכט דעם נאָמען „גייזער", אַרויף אויפן ערשטן שטאָק, אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל. אַ טיר האָט זיך געעפנט. עס האָט אַ שלאָג געטאָן מיט ליכט. אַ הויך שלאַנק מיידל האָט געפרעגט וואָס ער וויל.

— איך וויל זען מיס גייזער, — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט.

— אָט דאָס בין איך, — האָט זי געענטפערט.

זי האָט אויף אים אָנגעשטעלט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן. עס האָט אים אַ מיש געטאָן אין קאָפּ פון איר שפּרודלדיקער יוגנט און פון די צוויי שוואַרצע אויגן. ער איז אַזוי צעמישט געוואָרן, אַז ער האָט אינגאַנצן פאַרגעסן אין זיינע פריערדיקע פּלענער.

— ווער זענט איר און וואָס האָט איר געוואָלט? — האָט ער מיט־אַמאָל דערהערט איר ווייכע, גלעטנדיקע שטימע.

„זי האָט מיך ניט דערקענט", האָט ער זיך געפרייט. אין דער מי־נוט האָט אים אַ מאָדנער געדאַנק אַ בליץ געטאָן אין מוח. ער האָט טיפער אַראָפּגערוקט זיין הוט און איר געזאָגט, אַז ער איז פּאָול קאַזאַנס באַדי־נער און אַז ער איז געקומען איר לאָזן וויסן, אַז זיין באַלעבאָס וועט ערשט דאָ זיין מיט אַ שעה שפּעטער, און ער וויל וויסן צי זי וועט אַזוי גוט זיין און וואַרטן.

האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט און געענטפערט, אַז זי וועט וואַרטן. מיט דער גרעסטער אומגעדולד וועט זי וואַרטן.

ער איז שנעל אַראָפּ די שטיגן, צוגעלאָפן צו זיין שאָפער און גע־

הייסן טרייבן די מאַשין פּייל אויסן בויגן צו זיין גאָרדעראָבע־צימער אין טעאַטער.

אין דעם אויטאָמאָביל האָט ער זיך פלוצלונג גענומען זידלען און רופן מיט די ערגסטע נעמען:

„פינצטערער אידיאָט וואָס דו ביזט! וואָס הייסט דו נעמסט מיט דיינע אייגענע הענט און ווילסט אָפּשטופּן פון זיך אַזאַ גליק? וואָס ביזטו משוגע געוואָרן? שפּילן דעם אַלטן אָפּגעלעבטן מאַן ווילט זיך דיר גאָר! ווער איז אַלט?", האָט ער זיך מיטאַמאָל הויך אַ פרעג געטאָן, „איך בין יונג און שטאַרק!"

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אין זיך אַ נייעם כוח. דערביי האָט דאָס יונגע מיידל אַלץ געטאַנצט פאַר זיינע אויגן. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז אַזאַ באַחנט מיידל מיט אַזאַ גראַציעזער פיגור און אַזעלכע פייערדיקע אויגן האָט ער נאָך ביז איצט אין ערגעץ ניט באַגעגנט . . . אירע זאַפטיקע ליפּן האָבן צוגעזאָגט פאַרגעניגן. אָט אַזאַ האָט ער דאָך אַרומגעזוכט זיין גאַנץ לעבן. אין איר וואָלט ער זיך באמת געקאָנט פאַרליבן . . .

ער האָט איצט געפילט ווי די זון איז מיטאַמאָל אויפגעגאַנגען אין זיין האַרצן און צעשמעלצט דאָס אייז, וואָס האָט געווינטערט אַזאַ לאַנגע צייט.

„ער זאָל איר נאָר געפעלן", איז אים מיטאַמאָל דורכגעפלויגן אַ געדאַנק, „אָ, זיכער וועט ער איר געפעלן. ער מוז איר געפעלן, ווייל איצט, ווען ער וועט זיך פאַר איר באַווייזן, וועט ער זיין דער ראָמאַנטישער פּאָול קאָזאַן, דער אויסגעצחלומטער העלד פון אירע ראָמאַנען. אָבער וואָס זאָל ער אָנטאָן כדי איר צו געפעלן? וועלכן אנצוג? וועלכן מאַנטל? וועלכן הוט?" און מיטאַמאָל האָבן זיך זיינע אויגן צעלויכטן. עס איז אים עפּעס איינגעפאַלן:

„די פעלערינע! ניט איין פרויען־האַרץ האָט ער שוין באַזיגט מיט דער פעלערינע . . . יאָ, ער וועט אָנטאָן דעם קאָרסעט . . . זיך אַ קליין ביסל צוגרימירן".

דער אויטאָמאָביל איז שטיין געבליבן פאַרן טעאַטער. ער איז אַרויס און געהייסן זיין שאָופער וואַרטן. אַ שלאָבערדיקער, מיט אָפּגעלאָזענע טריט איז ער פאַרשוואונדן אין דער טונקעלער געביידע.

מיט געציילטע מינוטן שפּעטער איז פון דער טעאַטער־געביידע אַרויס אַ הויכער, שיינער מאַן מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ און גלאַנציקן צילינדער־הוט, פּאַררוקט אויף אַ זייט, מיט אַ פּעלערינע אויף די אַקס־לען. אין זיינע גרויע אויגן האָבן זיך געצונדן לעבעדיקע פייערלעך. ער איז איצט מיט טאַנצנדיקע טריט צוגעגאַנגען צו זיין אויטאָ. דער שאָופער האָט פאַר אים ברייט געעפנט דאָס טירל.

ער האָט העלדיש פאַרוואָרפן די פּעלערינע אויף דער לינקער זייט, ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו אַ גרויסן אויפטריט און מיט אַ פעסטער שטימע, ווי אַ מענטש, וואָס איז זיכער מיט אַ גרויסן דערפאָלג, האָט ער הויך אויסגערופן:

— טרייב שנעלער צו דעם פריערדיקן אַדרעס! צו דער הערלע־כער פּרינצעסין פון מיין האַרץ, מיס גייזער!

# אַ חלום

גיטל האָט געוואָרפן אומרואיקע בליקן צו דער טיר און געהאַלטן אין איין איבערחזרן די אייגענע ווערטער:

„וואָס קען דאָס זיין, וואָס ער איז נאָך ניטאָ אין דער היים? עס איז דאָך שוין באַלד איינס! וואו קאָן ער זיין אַזוי שפּעט ביינאַכט? און מאָרגן, — האָט זי זיך ווייטער געזאָרגט, — דאַרף ער אויפשטיין גאַנץ פרי און גיין צו דער אַרבעט".

אין שטוב איז שטיל. לאַנגע, שוואַרצע שאָטנס טאַנצן־אום אויף די ווענט און וואַרפן אָן אַן אומהיימלעכקייט. אַ מוראדיקער שטורעם פייפט אין דרויסן, עס פּליוכעט אַ רעגן.

די ראַדיאָ ברענגט די לעצטע נייעס פון שלאַכטפעלד: דער שונא רוקט זיך אַלץ נענטער צום זיג, נעמט איין טעריטאָריע, מאַכט חרוב שטעט, טויזנטער סאָלדאַטן פאַלן ווי פליגן . . .

זי מאַכט צו די ראַדיאָ, זי קען מער ניט הערן.

זי גייט־צו צום פענצטער און קוקט אויף די פאַרטרערטע שויבן און עס ווייזט זיך איר אויס, אַז דאָס זיינען „מאַמעס"־טרערן אויף געפאַלענע סאָלדאַטן.

דער רעגן ווערט שטאַרקער, דער שטורעם גרעסער.

זי האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטאָן אויפן זייגער — שוין באַלד צוויי!

וויפיל מאָל זי האָט זיך ביי אים געבעטן: „דודל, זון מיינער, טאָמער מאַכט זיך אַמאָל, אַז דו ווערסט פאַרהאַלטן ערגעץ ביז שפּעט ביי־נאַכט, לאָז מיך וויסן. עס איז דאָך דאָ אַ טעלעפאָן אין הויז!" געוויינלעך לאָזט ער וויסן, נאָר עס טרעפט, אַז ער פאַרגעסט, צי ער איז ווייט פון אַ טעלעפאָן, קען זי דאַן מער ניט שלאָפן, ווייל ווער קאָן וויסן, וואָס עס קאָן טרעפן מיט אַ מענטשן אין אַזאַ ריזיקער שטאָט ווי ניו־יאָרק? בפרט ווען

מען פאַרט אין אַן אויטאָמאָביל—ווייניק אומגליקן טרעפן זיך דורכן טאָג?

זי האָט זיך געלייגט אין בעט אַריין, געוואָלט איינשלאָפן און ניט גע־קענט, האָט זי גענומען אַ צייטונג און געפּרואווט לייענען. נאָר די גרוי־סע קעפּ אויף דער פאָדערשטער זייט האָבן דערציילט פון בלוטיקע שלאַכ־טען, וואָס האָבן נאָך שווערער געמאַכט איר געמיט.

ביז גאָר ניט לאַנג צוריק האָט זי געלייענט אַ צייטונג און הנאה גע־האַט פון די ראָמאַנען, געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דער „פאָרטזעצונג פאָלגט", זיך געקוויקט מיט די „שטויבענדיקע פּאַסירונגען פון אמתן לעבן". נאָר איצט ווי קען זי, אַ מאַמע, זיך קוויקן מיט מעשות, ווען מי־ליאָנען יונגע זין ווערן אויסגעשלאָכט?

גאָט, וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט!

אויב עפּעס זאָל, חלילה, טרעפן מיט איר דודלען, וואָלט זי דאָס זי־כער ניט איבערגעלעבט.

איר דודל, איר איין־און־איינציק קינד. אַ שוואַך קינד געווען, אויס־געשטאַנען אַלערליי קראַנקהייטן. זי האָט נעכט ניט געשלאָפן, טעג ניט דערעסן, נאָר געוואַכט איבער אים. דאָס גאַנצע ביסל געלט, וואָס איר יונג־פאַרשטאָרבענער מאַן האָט איר איבערגעלאָזט האָט זי געפּטרט אויף זיינע קראַנקהייטן.

זי האָט נישט געוואָלט מער חתונה האָבן אַבי איר דודלען נישט צו געבן אַ שטיף־פאָטער. געאַרבעט שווער אין שאַפּ איר גאַנצן לעבן, אַבי אים צו געבן אַ גוטע דערציאונג, אים געשיקט אין קאָלעדזש, און געזען, אַז עס זאָל אים קיינמאָל גאָרנישט פעלן.

אָפּגעלעבט אַ לעבן איינע אַליין, — נאָר עס האָט זיך געלוינט! זי האָט דערצויגן אַ זון, וואָס גאָט און לייט זיינען איר מקנא. ער איז אויס־געוואַקסן שיין, הויך, געזונט, און איצט, צו צוויי און צוואַנציק יאָר, איז ער שוין אַן אויסגעשטודירטער אינזשיניער, פאַרדינט גוט, און לאָזט איר מער ניט גיין אין שאַפּ.

זי האָט זיך איבערגעצויגן אין אַ געראַמערער דירה, זיך גענומען אויסרוען אירע יונג אַלט־געוואָרענע ביינער; איר שווער לעבן איז פאַר־לייכטערט געוואָרן — נאָר אָט האָט זיך אָנגערוקט די מלחמה, און האָט זיך ווי אַ שווערע משא געלייגט אויף איר שטיל געמיט.

ווער ווייסט צי דער קריג קאָן ניט אַמאָל אויך אַריינשלעפּן אַמערי־

קע? הערט זי דאָך אין גראָסערי, אין פּרוכט־סטאָר, מענטשן זאָגן, ס׳קען אויך דאָ אָנשפּאַרן; און פון די צייטונגען וואָס זי לייענט קען זי גאָר קיין טאָלק ניט דערגיין. אָט זאָגט איין שרייבער, אַז אַמעריקע וועט קיינמאָל ניט אַריין, שרייבט אין דער זעלביקער צייטונג אַ צווייטער שרייבער, אַז אַמעריקע וועט יאָ אַריין אין מלחמה.

און אויב, חלילה, יאָ, און מען וועט קומען צונעמען ביי איר דאָס קינד, וועט זי ניט לאָזן!

זי וועט זיי זאָגן, אַז זי איז איינע אַליין, און אַז עס איז ניטאָ אַזאַ מאַכט אויף דער וועלט, וואָס קען אים אַוועקרייסן פון איר. זי איז די מאַמע, זי האָט אים געבוירן און דערצויגן און ער איז אירער, אינגאַנצן אירער; „מיך, אויב איר ווילט, קענט איר נעמען, איך האָב שוין מיינס אָפּגעלעבט אָבער ער האָט נאָך גאָר ניט געלעבט אויף דער וועלט; די וועלט איז זיי־נע און איר טאָרט ניט אויסלעשן זיין יונג לעבן״. ניין—זי וועט ניט לאָזן, זי וועט אים פאַרשליסן, באַהאַלטן און אים ניט לאָזן אַרויסגיין אין גאַס . . . זי וועט . . . זי דרימלט איין . . .

---

פון וואַנען טראָגט זיך אַזאַ געוויש? ציִ איז זי אַריינגעפאַלן אין גיהנום? זי געפינט זיך אויפן שלאַכטפעלד — ווי קומט זי אַהער?!

זי שטייט ביי דער זייט אויף אַ בערגלדיק פעלד, עס איז אַ פינצטערע נאַכט, נאָר פון דעם פייער, וואָס שפּייט פון די קאַנאָנען איז ליכטיק־רויט. באָמבעס פאַלן, האַרמאַטן קראַכן, טאַנקען ווי מאָנסטערס רוקן זיך אַלץ נעענטער צו איר, עראָפּלאַנען באָמבאַרדירן — וואַרפן פייער, באָמבעס רייסן־אויף, ס׳פאַרטויבט די לופט. מענטשן פאַלן, פאַלן ווי פליגן. יונגע, העלדישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן ערשט געשאָסן — ווערן אַליין דערשאָסן, פאַלן־אום מיט אַ קרעכץ צו דער ערד און אַלע ווי איינער רופן זיי „מאַ־מע״. עפּעס אַ משונהדיקער הויכער מאַן, באַהאַנגען מיט אַ סך מעדאַלן, מיט אַ הויכן הוט, וואָס קוקט אויס ווי אַ האַרמאַט, שטייט אין מיטן פייער און קאָמאַנדעוועט: „פאָרווערטס״, „מאַרש״, „עקשאָן״ און אַלע ווי איי־נער פאַלגן־אויס זיין באַפעל, שפּאַנען גלייך אין פייער אַריין, שפּאַנען און פאַלן, אַזוי פיל פאַלן זיי, אַז דאָס אויג איז ניט שנעל גענוג זיי צו ציילן.

עס איז אַ גיהנומדיקער געראַנגל, פייער פאַלט פון הימל, פאַרניכטונג האָגלט פון אַלע זייטן, די ערד עפנט זיך אויף און שלינגט איין טויזנטער

מענטשן־מוראַשקעס.

נאָר וואָס שטייט זי עפּעס אָן אַ זייט ? צי הערט זי דען ניט קלאָר ווי אַלע רופן איר? מאַמע ! מאָדנע, אונטער אַזאַ מוראַדיקן קראַכן קען זי קלאָר הערן די שטילע ווײ־געשרייען פון די יונגע זין, וואָס ראַנגלען זיך מיטן טויט —

„מאָדהער", „מאַמע", „מוטערכען" — און מיטאַמאָל פאַרשווינדט איר גאַנצע מורא — זי פילט שטאַרק ווי אַ ריז. פּונקט אַזוי פלעגט זי פילן ווען איר קינדס לעבן איז געווען אין געפאַר, זי פילט ווי זי ווערט עפּעס גרינג, שטאַרק און לייכט ווי אַ פייגעלע, וואָס פליט אום אויפן פעלד.

זי קריכט אַריבער טויטע, הייבט־אויף פאַרוואונדעטע, פאַרבאַנדאַזשירט בלוטיקע וואונדן, שמירט מיט זאַלבן און מיט יאָד, גיט די דאָרשטיקע וואַסער, די גאָר שווער־פאַרוואונדעטע טראָגט זי אַוועק ווייט הינטערן באַרג, וואו עס געפינט זיך אַ ציטוויליקער שפּיטאָל.

זי לויפט צוריק צום שלאַכטפעלד. אויפן וועג זעט זי דורך דער רויטער נאַכט אַ פרישן האָגל פון באָמבעס, וואַרט זי אָפּ אַ ווײַלע עס זאָל שטילער ווערן, נאָר לאַנג קען זי ניט וואַרטן ! ס'רופן דאָך איר טויזנטער שטימען, שרייען פון גרויס ווייטיק, בעטן, רופן אויף פאַרשיידענע שפּראַכען : „מאָדהער", „מאַמע", „מוטערכען", נאָר מיינען מיינט עס אַלץ פּשוט — „מאַמע" ; אַלע זײַנען זיי מאַמעס קינדער, און זי איז זייער מאַמע, — נאָר מיטאַמאָל הערט זי אַ מוראַדיקן אויסגעשריי : „מאַמזי !" עפּעס אַ באַקאַנטע שטימע „מאַמזי" הערט זי נאָכאַמאָל, נאָר דאָס מאָל שוין שוואַכער, יאָ, אָט מיט דעם נאָמען פלעגט איר רופן איר זון ווען ער איז געווען שטאַרק קראַנק. זי לאָזט זיך לויפן אין דער ריכטונג פון וואַנען עס טראָגט זיך דער בעטנדיקער געשריי — „מאַמזי !"

זי שפּרינגט איבער טויטע קערפּערס, פאַלט איבער זיי, הייבט זיך אויף און לויפט ווייטער. עפּעס ברעכן זיך די פיס אונטער איר, נאָר זי גיט זיך ניט אונטער. מיט אַן איבעַרמענטשלעכער אָנשטרענגונג קומט זי אַלץ נעענטער צו דעם אָרט פון וואַנען עס טראָגט זיך אַלץ שוואַכער די שטימע „מאַמזי, מאַמזי ", און אָט איז זי לעבן דעם סאָלדאַט ! ער ליגט מיטן פּנים צו דער ערד און אָטעמט שווער.

זי בויגט זיך איין און דרייט אים אויס מיטן פּנים צו זיך, זי טוט אַ פאַרשטיקטן אויסגעשריי : "דוד ! דודל, מיין זון !"

ער כאַפּט איר אַרום, קלאַמערט זיך איין אָן איר. זי נעמט אים אויף די הענט און טראָגט אים, ווי אַמאָל ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד; אָט דאָן, ווען זי פלעגט אים טראָגן צום דאָקטער נאָך אײנשפּריצונגען קעגן אַסטמאַ. און לייכט איז ער איצט, פּונקט ווי אַמאָל. זי לויפט שנעל, שנעל און רעדט צו אים: „דודל, האַרץ מיינס, וועסט געזונט ווערן, וועסט זען, מיט גאָטס הילף!". זי פילט ווי זיין בלוט רינט אויף איר, זאַפּט זיך איין אין אירע קליידער, דרינגט דורך איר קערפּער. עס איז דאָך איר בלוט... זי האַלט איין די טרערן, זאָל ער ניט זען, אַז זי וויינט, איצט טאָר מען ניט וויינען, איצט מוז מען אים ראַטעווען. מען טאָר ניט פאַרלירן קיין מינוט. זי לויפט שנעל, ניין, זי פליט.

און אָט איז זי לעבן באַרג, וואו עס שטייט דער שפּיטאָל. זי לייגט אים פאַרזיכטיק אַוועק. — נאָר וואָס איז דאָס?

גאָט גערעכטער, פאַרוואָס איז ער אַזוי שטיל? שטיל ווי דער באַרג לעבן אים... זי נעמט אים טרייסלען, שרייען, רופן נאָך הילף, נאָר קיי־נער הערט איר ניט. אירע געשרייען ווערן פאַרשלונגען פון דעם קראַכן פון קאַנאָנען, וואָס טראָגן זיך פון שלאַכטפעלד. זי קען ניט איבער־שרייען דעם געפּילדער פון עראָפּלאַנען, באָמבעס און טאַנקען... — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— מאַמע! מאַמע! וואָס שרייסטו אַזוי!? דו וועקסט דאָך אויף די שכנים! טוט דיר עפּעס וויי? אפשר רופן אַ דאָקטער?

גיטל כאַפּט זיך אויף מיט ווילד־צעעפנטע אויגן. איר זון שטייט לעבן איר בעט און קוקט איר אָן צעשראָקן.

„דוד, דודל, דו ביסט דאָ! דו לעבסט?..."

זי באַקוקט זיינע הענט, גלעט זיינע האָר, באַטאַפּט זיינע גלידער ווי זיך צו איבערצייגן, אַז ער איז טאַקע דאָ און לעבט.

אירע פאַרוויינטע אויגן לייכטן־אויף ווי דאָס אויפגיין פון דער זון נאָך אַ שווערן שטורעם. זי האַלט פעסט זיין האַנט, און דערפילט מיט־אַמאָל ווי טרערן רינען איר פון די אויגן.

# דער וועג צוריק

ביידע חברים זיינען געקומען פון דעם זעלבן שטעטל אין איין צייט, אויף דער זעלבער שיף, קיין ניו־יאָרק. ביידע חברים זיינען אַוועק פון דער היים מיט אַ דרייסיק יאָר צוריק, ווייל זיי האָבן ניט געוואָלט דינען „פאָניען".

יונה גאַרבער איז געווען אַ בחור אַ געזעצטער, אַ שטילער, און געווען צופרידן מיט זיין פאַך: שניידעריי, נאָר זיין פריינט, מרדכי קרולאָוויטש, אַ בחור מיט אַ הייסן טעמפּעראַמענט, האָט זיך ניט געקענט צופּאַסן צו קיין שום פאַך, ער האָט נאָך אין דער היים אויסגעדינט (ווי מען פלעגט אויף אים זאָגן) אַלע עבודה זרהס; געווען אַ שניידער, אַ גאַרבער, אַ קאַמאַשן־שטעפּער, און איז ביי קיין איינעם פון די פאַכן נישט פאַרבליבן. יונה פלעגט האָבן צו אים אַ טענה למאי ער בייט זיינע שטעלעס פונקט ווי ער בייט זיינע מיידלעך . . . און קיין מיידלעך האָבן מרדכין נישט געפעלט. אַ בחור אַ שיינער מיט אַ געשליפן צינגל, זיינען די מיידלעך אים ממש נאָכגעלאָפן.

אין ניו־יאָרק האָט יונה גלייך געפונען אַרבעט. ער איז געוואָרן אַ פּרעסער ביי הויזן, און איז געווען צופרידן מיט די מאָגערע פאַרדינסטן.

נאָר מרדכין איז דאָ עפּעס ניט געגאַנגען. ער האָט בשום־אופן ניט געקענט זיך צופּאַסן צו קיין פאַך און האָט דאָ, פונקט ווי אין דער היים, געהאַלטן אין איין בייטן זיינע פּראָפעסיעס.

איז ער דערפאַר אַרומגעגאַנגען מער ליידיק ווי ער האָט געאַרבעט און זיין חבר יונה האָט אים געהאַלטן אין איין אונטערשטופּן קליין־געלט.

און אַז יונה האָט אים איינמאָל געוואָלט אַרויפנעמען צו זיך אין שאַפּ, ווען יענער איז אַרומגעגאַנגען ליידיק, און אים מאַכן פאַר אַ פּרעסער, האָט זיך מרדכי אָפּגעזאָגט.

— איך וויל ניט ווערן קיין שניידער!

— וואָס דען וואָלסטו וועלן זיין? — איז אים יונה באַפאַלן, — אַ פּראָפעסאָר?

— ניין, ניט קיין פּראָפעסאָר, אָבער אויך ניט קיין ביגלער. איך וויל איבערהויפּט ניט ווערן קיין בעל־מלאכה . . .

— וואָס־זשע, עס פּאַסט דיר ניט פון דער היים־אויס ? איך קען דאָך דיין יחוס !

— דאָ איז אַ גאָלדן לאַנד, און מען קען דאָ ווערן רייך, אָבער ניט מיט די צען פינגער.

— מיט וואָס דען ?

— מיטן מוח, — האָט אים מרדכי אָנגעוויזן אויפן קאָפּ, — ניין, מיין פריינט, פון ביגלען מיט די צען פינגער איז נאָך קיינער קיין מי־ליאָנער ניט געוואָרן . . .

האָט יונה בלויז אַ צי געטאָן מיט דער פּלייצע און געמאַכט אַ באַ־וועגונג מיט דער האַנט, ווי ער וואָלט זאָגן : „מילא, קיין לייט פון דיר וועט שוין ניט זיין".

אָבער מיט אַמאָל האָט מרדכי באַשלאָסן צו ווערן אַ פּעדלער. ער האָט איינגעקויפט פאַרשיידענע אַרטיקלען אויף באָרג, און איז געגאַנגען פון הויז־צו־הויז און פאַרקויפט וואָרע אויף אָפּצאָלן צווישן באַלעבאָס־טעס. עס איז אים אָוועק גוט. אין אָוונט פלעגט ער גיין אין „נייט־סקול" און לערנען ענגליש.

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר יאָר. דורך דער צייט האָט יונה חתונה גע־האַט, טאַקע מיט אַ מיידל פון זיין שאָפּ, אַ „פינישערין". ווען זיי האָבן ביידע געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר הונדערט דאָלער, האָט יונה געעפנט אַ „קלינינג און פּרעסינג סטאָרקע" אויף ברום סטריט. אין דעם זעלבן טענעמענט־הויז האָבן זיי געדונגען דריי צימערן. מען האָט געקויפט מעבל אויף אָפּצאָל, און גאָסי מיט יונהן האָבן גענומען פירן אַ פאַמיליען־לעבן.

אויך מרדכי קרולעוויטש, וועלכן מ'האָט שוין איצט גערופן מאַקס, האָט חתונה געהאַט, אָבער מיט אַ רייך אַמעריקאַנער מיידל אַ יענקי. גערעדט האָט זי נאָר ענגליש. מאַקס איז דערויף געווען זייער שטאָלץ. ווען מאַקס האָט חתונה געהאַט, איז ער דאַן געווען אַן אַגענט ביי הייזער, נאָר באַלד נאָך דער חתונה, האָט ער אַליין גענומען האַנדלען מיט „לאָטס", מיט קויפן און פאַרקויפן און בויען הייזער. עס איז אים אָוועק גוט. זיין

חבר יונהן האָט ער זעלטן געזען. זיי זיינען געגאַנגען יעדער אויף אַנדערע וועגן.

דאָך פלעגט מאַקס אַמאָל אָפּרייסן אַביסל צייט און צופאָרן אין זיין אויטאָ קיין ברום סטריט צו זיין חבר יונהס „קלינינג און פרעסינג" סטאָרקע.

תחילת האָט ער זיין חבר יונהן געוואָלט אַריינציען אין ריעל־עסטייט, געוואָלט אים מאַכן פאַר אַ „ביזנעסמאַן".

נאָר ניט יונה און ניט זיין ווייב גאָסי האָבן געוואָלט דערפון הערן.

— איך וויל ניט קיין „שפּעקולאַציעס", — פלעגט ער זאָגן, — איך האָב דאָך אַ „ביזנעס".

— אַ טייערע ביזנעס, — פלעגט גאָסי, זיין ווייב, אונטערכאַפּן, — מיר האָבן שוין אונדזערע שטענדיקע קונים, און אויף ברויט, אַ דאַנקען גאָט, פאַרדינען מיר. און אַז מיר וועלן גיין זוכן פוטער, קענען מיר נאָך, חלילה, פאַרלירן ס'ברויט . . .

איז יונה געבליבן ביים ברויט און מאַקס האָט זיך געלאָזט אויף די וועגן, וואָס פירן צו פוטער.

דרייסיק יאָר זיינען אַוועק.

פון מרדכי קרולעוויטש איז געוואָרן „מאַקס קרול ריעל־עסטייט קאָרפּאָריישאָן", וועלכע איז געווען באַרימט איבער אַמעריקע.

מאַקס קרול איז רייך. זיין פרוי און קינדער פירן אַ רייך צעבאַלעוועט לעבן, ווי עס פּאַסט פאַר מענטשן אין זייער שטאַנד. די פאַמיליע האַלט אין איין אַרומפאָרן זומער אין די בערג, ווינטער אין די וואַרעמע לענדער, נאָר ער, מאַקס, האָט קיין צייט ניט, ווייל ער, מאַקס קרול, איז דאָך דער הויפּט־מעכאַניזם פון דער מאַשין, וואָס הייסט „מאַקס קרול ריעל־עסטייט קאָרפּאָריישאָן".

פּרובירט ער זיך אַמאָל אָוועקרייסן אויף עטלעכע טעג, ווערט דאָרט באַלד קאַליע עפּעס אַ שרייפל, און עפּעס אַרבעט ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין. אויף זיין עלטסטן זון קלאַרק קען ער זיך גאָרניט פאַרלאָזן. ביי אים איז רעכט איבערצולאָזן דעם גאַנצן אָפיס מיטן גרויסן סטעף אויף הפקר און לויפן צו די „רייסעס" און וועטן אויף פערדלעך.

עס איז פּרייטיק פאַרנאַכט. מאַקס קרול זיצט אין זיין רייך־מעבלירטן פּריוואַטן אָפיס. זיין קאָפּ האַלט ער אָנגעשפּאַרט אויף ביידע הענט

און קוקט אין דער שטאַרער ווייטקייט. געדאַנקען פון הבל־הבלים שפּאַרן זיך אין זיין צעטומלטן מוח.

ער האָט זיך נאָר וואָס דערוואוסט, אַז זיינער אַ גוטער פריינט, אַ מי־ליאָנער, מיט וועלכן ער האָט ערשט נעכטן פאַרבראַכט, איז פּלוצלונג היינט פרי געשטאָרבן.

— אַ געזונטער מענטש. ער האָט זיך גאָר קיינמאָל ניט באַקלאָגט אַז ער איז קראַנק, — האַלט מאַקס קרול אין איין איבערחזרן די זעלבע ווערטער, — נאָר מענטשן זאָגן, אַז ער האָט צו־שווער געאַרבעט . . . פּונקט ווי איך . . . איז — דאָס די ענדע פון אַלץ ? ! . . .

אויב אַלץ קען זיך אַזוי שנעל ענדיקן, איז וואָס האָט ער אייגנטלעך פון זיין רייכקייט ?

ער נעמט דין־וחשבונען פון אַלץ וואָס ער האָט אויפגעטאָן פון דעם טאָג וואָס ער האָט חתונה געהאַט מיט עליזאַבעטן ביז היינט. און צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן געפעלט אים ניט דער חשבון . . . ניין, ניט אַזוי וועט עס גיין ווייטער ! פון היינט אָן און ווייטער וועט ער לעבן אַנ־דערש. ער וועט, — טראַכט מאַקס קרול, — זיך מער אָפּגעגעבן מיט ווייב און קינדער, פרעמד איז אים זיין אייגענע פאַמיליע. ער איז נאָך יונג און קען נאָך פאַרריכטן אַ פעלער. אָן אויפגעמונטערטער פאַרלאָזט ער זיין אָפיס און לאָזט זיך גיין אַהיים.

ווען מאַקס קרול איז אַריין אין זיין רייכער היים, וועלכע האָט זיך געפונען אויף פּאַרק עוועניו, האָט אים זיין פרוי באַגעגנט מיט :

— וואָס עפּעס אַזוי פרי, מאַקס ?

אין איר טאָן איז געווען מער פאַרוואורף ווי פרייד . . .

— דערפאַר ווייל איך וויל היינט פאַרברענגען מיט מיין פאַמיליע !

זיין פרוי האָט אים מאָדנע אָנגעקוקט :

— אויב אַזוי וועסטו היינט זיך מוזן אָנטאָן דיין טאַקסידאָ צו דינער.

— האָט אים זיין פרוי טרוקן באַפוילן.

— פאַרוואָס עפּעס די טאַקסידאָ ?

— ווייל היינט האָבן מיר אַ גרויסן גאַסט. אונדזער טאָכטער קאַר־ניליאַ קומט היינט מיט קאָונט דעשאַוועי צו דינער און דו דאַרפסט פאַר־שטיין, — האָט זי צוגעגעבן מיט באַגייסטערונג, — אַז ער איז אַן אמתער בלוי־בלוטיקער אַריסטאָקראַט !

— אַ קריסט? — האָט מאַקס קרול געוואָלט וויסן.

— דו האָסט שוין אַמאָל געהערט פון אַ קאָונט, אַ נאָבלמאַן אַ איד?

— האָט זי מיט אַ חוזקדיקן טאָן געפרעגט.

— איך בין דיר מוחל דעם שידוך מיטן גרויסן כבוד . . .

— מען פרעגט ניט ביי דיר! — האָט זיך עליזאַבעט אָנגעצונדן, — דאָ איז אַמעריקע! און ניט קראַקאָטשאָן . . . דאָ האָבן קינדער חתונה מיט וועמען זיי ווילן און מיר גראַד געפעלט זייער דער שידוך . . .

— אָבער . . .

— אָן אַן אָבער, — האָט זי איר מאָן ניט געלאָזט מער רעדן, — רעג מיך ניט אויף, מאַקס, ווייל איך דערוואַרט היינט געהויבענע געסט... און ניט קיין קאָסטאָם-פּעדלער, — האָט זי אים אַ שטאָך געטאָן, — גיי און ראַזיר זיך אָפּ, טו אָן די טאָקסידאָ מיט לאַקירטע שיך און זאָלסט ניט רעדן מיטן גאָפּל אין דער האַנט . . . — און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, האָט זי צוגעגעבן, — עס וואָלט טאַקע געווען בעסער, אַז דו זאָלסט רעדן וואָס ווייניקער . . . ווייל דיין ענגליש האָט נאָך אַלץ אַ אידישן אַקצענט . . . און די אידישע גלייכווערטלעך, וועלכע דו האָסט אַזוי ליב אַריינצוּוואַרפן, קענען נאָך אַלץ אַוועקהרגענען . . . דו ווייסט דען ווער עס וועט היינט דאָ זיין?!

זי האָט מיט גרויס באַגייסטערונג גענומען אויסרעכענען נעמען, וועלכע זיינען אים געווען פרעמד און האָבן אַבסאָלוט גאָרניט געמיינט פאַר אים. און וואָס מער זי איז אַריינגעפאַלן אין התלהבות פון אָט-די נעמען, אַלץ מער אויפגערעגט איז ער געוואָרן, און מיט אַמאָל האָט אים אַרומ־געכאַפּט אַזאַ כעס, אַז ער האָט עליזאַבעטן איבערגעלאָזט אין מיטן רע־כענען דעם גרויסן יחוס פון די געסט און איז אַרויסגעלאָפן פון זאַל און פאַרשוואונדן אין אַ זייטיקן צימער.

ווען ער איז געבליבן אַליין, האָט ער זיך ערשט דערפילט, אַז ער לעבט צווישן אייגענע, וועלכע זיינען אים פרעמד. פרעמד זיינען אים זיין ווייב און זיינע אייגענע קינדער. ער האָט זיך אַליין גענומען אין דעם באַ־שולדיקן. מאַקס קרול האָט זיך אַליין פאַרגעוואָרפן, אַז ער האָט זיך ניט גענוג אָפּגעגעבן מיט דער דערציִאונג פון זיינע קינדער. געווען פאַר־יאָגט אין מאַכן געלט און איבערגעלאָזט די קינדער-דערציִאונג צו זיין פרוי עליזאַבעט. זיין עלטסטער זון קלאַרק פאַרברענגט מער אין נאַכט־

קלובן אויף בראָדוויי ווי אין דער היים . . . זיין איינציקע טאָכטער קאַר־ניליא גייט איינגאַנצן אין דער מאַמעס וועגן, רייסט זיך אין די הויכע פענצטער... צו אים קומט זי בלויז ווען זי דאַרף געלט. ער פאַרטראַכט זיך וועגן זיין מוזיניקל מילטאָן און זיין פנים צעשטראַלט זיך. אויף אים וועט ער איצט אַכטונג געבן, אַ קינד נאָך קיין זעכצן יאָר ניט אַלט, וועט ער פון אים מאַכן אַ איד, שיקן אים אין אַ אידישער שול, בכלל זיך מיט אים מער אָפּגעבן. עס איז נאָך ניט צו שפּעט. ער וועט זיך טאַקע מיט אים שטאַרק אָפּגעבן, און זאָל ער וויסן, אַז ער איז אַ טאַטע און ניט בלויז אויף צו געבן . . . נאָר אויך אַ פאָטער אויף צו אַכטן און רעספּעקטירן...

— מילטאָן! מילטאָן! — האָט ער געגומען רופן זיין זון.

— יעס, פּאָפּ! האָסט מיך גערופן? — האָט זיך באַוויזן זיין מו־זיניקל.

— איך האָב זיך געוואָלט מיט דיר דורכרעדן, מיין קינד.

— אָ, דזשי, פּאָפּ! איך האָב איצט ניט קיין צייט, — האָט זיין מו־זיניקל דענערוווירט אַרויסגערעדט.

— נו, איך פאַרשטיי, — האָט מאַקס קרול גערעדט גוטמוטיק, — דער דינער היינט ביינאַכט, האַ?

— ניין, איך עס איצט מיין דינער. אין אָוונט גיי איך מיט אַ מיידל אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן זען אַ פייט. דו ווייסט ווער עס שלאָגט זיך היינט אָוונט? — האָט ער באַגייסטערט געפרעגט.

דער פאָטער האָט ניט געענטפערט.

— וועל, איך וועל דיר זאָגן: יאַנעק זגאַלניק, אַ פּאָליאַק, און דזשאָו קאַטשעפּיראַ, אַן איטאַליענער.

— זייער וויכטיק . . . זייער וויכטיק . . .

— שור, ס'איז וויכטיק, „איט'ס פאָר טהי טייטל". און פּליז, פּאָפּ, גיב מיר צען דאָלער.

— איך וועל ניט געבן, — האָט מאַקס צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן אָפּגעזאָגט געלט זיינס אַ קינד.

— פאַרוואָס? — האָט דאָס אינגל נישט פאַרשטאַנען.

— ווייל איך וויל, אַז דו זאָלסט אויסוואַקסן אַ מענטש, און ניט קיין פּוסט און פּאַסניק. אַלע מאָל קומט איר צו מיר מיט איין פּזמון: „טאַטע, גיב". איצט וויל איך עפּעס פון דיר!

— וואָס ווילסטו? — האָט דאָס אינגל אים אָנגעקוקט און ניט פאַר־שטאַנען וואָס אַזוינס דער פאָטער קען פון אים וועלן.

— איך וויל, אַז דו זאָלסט וויסן, אַז דו ביסט אַ איד.

— איך ווייס.

— דאָס איז אָבער ניט גענוג! איך וויל, אַז דו זאָלסט לערנען אידישע געשיכטע, די אידישע שפּראַך.

— מיט וועמען וועל איך רעדן אידיש? די מאַמע זאָגט אַז פראַנ־צויזיש איז אַ וועלט־שפּראַך . . . און האָט הינטער זיך קולטור . . . אי־בעריקנס, איז גענוג פאַר מיר, אַז איך דריי מיר אַ מוח מיט פראַנצויזיש... אַ חוץ ענגליש. נו, — האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט און אומגע־דולדיק צוגעגעבן, — „טען באקס, פליז" . . .

— איך וועל ניט געבן, — האָט מאַקס קרול אויסגעדונערט ווי ניט מיט זיין קול.

ער האָט איצט געשריען און געמוסרט זיין מוזיניק.

אויף זיינע געשרייען איז אַריינגעלאָפן זיין פרוי. זי האָט דערהערט איר מאַנס געוואַלטן און געזען ווי דאָס אינגל שטייט אַ צעטומלטער, האָט זי זיך גענומען קריגן מיט אים.

האָט מאַקס קרול אַ כאַפּ געטאָן זיין מאַנטל מיטן הוט, האָט אַ קנאַק געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

אין גאַס איז ער געשטאַנען אַביסל צעטומלט, און אויף דער מינוט ניט געוואוסט וואו ער איז, נאָר זעענדיק זיין אויטאָ, איז ער אַהין אַריין און גענומען טרייבן. ער האָט געטריבן שנעל און געוואָלט זיין וואָס וויי־טער פון זיין היים . . .

זיין אויטאָ האָט זיך געגליטשט איבער רוישיקע גאַסן, באַלד איבער שטילע געסלעך, און אַט איז ער שוין אַרויס פון שטאָט און עס שפּרייטן זיך פאַר אים אויס גרינע פעלדער מיטביימער און קאָלירטע בלומען. עס פאַלט צו די נאַכט. די ראַדיאָ שפּילט עפּעס אַ פּאָפּולערן אַמעריקאַנער ניגון. זיין צעהיצטער מוח קילט זיך אָפּ צוביסלעך און עס טוט אים הנאה וואָס ער איז איצט אַליין, ווייט פון זיין היים, און דאַרף ניט זיצן אַן איינ־געפּרעסטער ביים טיש מיט מענטשן, וועלכע זיינען אים פרעמד און נאָך מורא האָבן צו עסן ווי אים געפעלט.

מיט אַמאָל דערטראָגט זיך צו אים אַ האַרציק זינגען פון אַ חזן:

„אין כּאלקינו, אין כּאלקינו!״ . . . די טענער צעגיסן זיך איבער די פאַר־סודותדיקע פעלדער, און פאַרטראָגן מאַקסן צוריק צו די קראַקאָטשאַנער וועלדער. ער דערזעט זיך צוריק אין זיין שטעטל, אין הויז פון טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער, משפּחה און קרובֿים, די שול־גאַס מיטן אַלטן מאַרק, און די פרייד, ווען עס קומט פרייטיק־צו־נאַכטס און מען טיילט המוציאס ווייסע חלה, און ווי איינמאָל, אין אַ ווינטערדיקן שבת נאָכ־מיטיק איז דאָס געווען, ער האָט זיך געגליטשט מיט זיין חבר יונה אינעם פּריצישן גאָרטן, האָט זיך איבערגעבראָכן דאָס אייז און יונה איז אַריינגע־פאַלן. ער האָט אים אַרויסגעשלעפּט אַ האַלב טויטן.

— אוי, — גיט ער זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ, — וואָס איז געוואָרן פון יונהן? עך, ווי פאַריאָגט ער איז דאָס! שוין ניט געזען זיין בעסטן פריינט יונהן אַ יאָר צוועלף!

עס נעמט אים אַרום אַ שטאַרקע בענקשאַפט און אַ פאַרלאַנג אים צו זען. ער באַשליסט טאַקע היינט, אָט באַלד, צוצופאָרן צו יונהן. ער פאַרמאַכט די ראַדיאָ און נעמט, אַ צופרידענער פונעם גליקלעכן איינפאַל, טרייבן זיין אויטאָ שנעלער. יאָ, צו ברום סטריט! עס באַפאַלט אים אָן אומעט, אפשר וואוינט ער דאָרטן מער ניט? ווער ווייסט צי ער וועט אים געפינען? דאָס לעצטע מאָל ווען ער איז דאָרטן געווען, האָט ער נאָך אַלץ געהאַט דאָס זעלבע איינגעהויקערטע געוועלבל. אָט איז ער שוין דאָון־טאַון . . . שוין לאַנג דאָ ניט געווען. אַלץ קוקט אים איצט אויס ליב און טייער . . ער דרייט זיך אַריין אין ברום סטריט. דאָ לאָזט ער זיין רייכן לעמאָזין גיין לאַנגזאַם, קוקט, זוכט מיט די אויגן יונהס סטאָרקע, און קען עס ניט געפינען, נאָר אָט איז עס! „יונה גאַרבערס קלינינג און פּרעסינג״, פּונקט ווי געווען.

ער דערפרייט זיך און שטעלט אָפּ זיין אויטאָ, גייט צו צו דער סטאָר־קע, נאָר עס איז דאָרטן פינצטערלעך, בלויז אַ קליין עלעקטריש לעמפּל באַלויכט די שמאַטעס, וואָס זיינען הויך אָנגעוואָרפן איינע אויף די אַנ־דערע.

ער קלאַפּט אָן. קיינער ענטפערט ניט.

דאַכט זיך, — טראַכט ער, — אַז עס איז אַביסל גרעסער געוואָרן. ער דערמאָנט זיך, אַז באַלד דערנעבן איז געווען אַ כינעזישע לאָונדרי. יאָ, ווייזט אויס, אַז יונה האָט עס צוגעדונגען און אויסגעהאַקט די וואַנט,

און אַזוינאַך איז זיין קליבינג און פּרעסינג סטאַרקע געוואָרן פאַרגרעסערט.

ער קלאַפּט אָן שטאַרקער. ניטאָ קיין ענטפער. אַ שטאַרק אַנטויש־טער וויל ער שוין אַוועקגיין, נאָר דאָ דערמאָנט ער זיך, אַז עס איז היינט פרייטיק אָוונט און אין די שבתים אַרבעט יונה ניט, — לאָזט ער זיך גיין צו יונהס וואוינונג, וועלכע געפינט זיך אין דעם זעלבן טענעמענט־הויז, וואו די סטאָרקע. דאַכט זיך, אַז די וואוינונג געפינט זיך אויפן דריטן שטאָק. ער לאָזט זיך גיין אויף די שטיגן. עס קומט אים אָן שווער. ער לייענט איבער די נעמען פון די טענעטנס. אָט איז עס!

ער קלאַפּט אָן.

אַ קליין מיידעלע עפנט די טיר. עס קומט צו אַן עלטערע פרוי און באַלד הערט זיך אַ פריידיק אויסגעשריי:

— מרדכי! וואָס מאַכסטו, מאַקס? — לויפט אים יונה אַנטקעגן, און כאַפּט זיך מיט אים אַרום ווי מיט אַ לאַנג־פאַרלאָרענעם ברודער. זיין ווייב גאָסי, וועלכע איז שוין איצט אַ ברייטע אידענע, שטייט דערביי און קוועלט. זי ווישט אָפּ מיטן פאַרטוך אַ בענקל און טראָגט עס אונטער מאַקסן. די עלטערע קינדער, וועלכע געדענקען אים נאָך פון יאָרן צו־ריק, קוקן מיט גרויס אָפּשיי אויף דעם טאַטנס רייכן לאַנדסמאַן, וואָס איז דאָ געוואָרן אַן אמתער אַמעריקאַנער דזשענטלמאַן.

— דו ביזט געקומען פּונקט אין צייט, — פרייט זיך יונה, — מיר האַלטן ביי דער יויך.

— גאָסי! — גיט ער אַ באַפעל דער ווייב, — דערלאַנג מאַקסן גע־פילטע פיש.

מאַקס קרול זעצט זיך צום טיש, וועלכער איז געדעקט מיט אַ ווייס טישטוך, מיט זילבערנע לייכטער. עס שמעקט מיטן היימישן שבת.

דורך דער צייט וואָס זיי האָבן זיך ניט געזען, האָבן יונהס קינדער חתונה געהאַט, און האָבן שוין אַליין קינדער, האָט מען אים באַקענט מיט די שנורס, איידעמס און אייניקלעך. גאָסי האָט דערלאַנגט צום טיש גע־פילטע פיש, לאָקשן מיט יויך, הון מיט מערן־צימעס.

מאַקס קרול האָט געגעסן, געהאַט הנאה. מ׳האָט געזונגען זמירות. די קינדער האָבן געזונגען און מאַקס קרול האָט אונטערגעכאַפּט, צוערשט שטיל אונטער דער נאָז, נאָר באַלד איז ער אַריינגעפאַלן מיט אַ הויכן גע־זאַנג. פון זמירות איז מען איבערגעגאַנגען צו אידישע לידער, פאָלקס־

לידער, היימיש געזאַנג. דאָס הויז איז געוואָרן פאַרהילכט מיט געזאַנג און פריילעכקייט.

שפּעטער האָט מען זיך צערעדט וועגן געשעפט, וועגן די לעצטע נייעסן פון דער מלחמה. עס איז געוואָרן שפּעט, די צוויי חברים האָבן זיך גאָרניט געקאָנט אָפּרייסן איינער פון צווייטן. מען האָט זיך צערעדט וועגן דער אַלטער היים, עס האָבן אויפגעלעבט לאַנג־פאַרגעסענע בילדער פון זייער יוגנט, וואָס איז אַזוי שנעל אַלט געוואָרן . . .

— ווער ווייסט, — ווערט יונה פלוצלונג טרויעריק, — צי עס איז נאָך עמיצער פאַרבליבן פון אונדזער שטעטל ? . . . ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגן, מרדכי ? דו וואָלסט געמעגט באַלאַנגען צו אונדזער לאַנדס־מאַנשאַפט. נישקשה, עס מעג דיר אָנשטיין ! . . .

— זיכער וועל איך באַלאַנגען ! — כאַפּט זיך קרול אָן מיט פייער, — איך קען אַ סך העלפן און וויל העלפן אויפבויען צוריק די חרוב־געוואָרע־נע שטאָט. נישקשה, איך קען מיר, גאָט צו דאַנקען, דערלויבן . . . איך וויל העלפן לאַנדסלייט.

— ווייס איך וואָס ! — ווערט יונה נישט נתפּעל פון זיין לאַנדסמאַנס רייד, — דו האָסט דאָס מיר שוין צוגעזאָגט אַ סך מאָל, און דו האָסט קיינמאָל ניט געהאַלטן דיין וואָרט.

— דו ווייסט דאָך וואָס פאַר אַ פאַריאָגטער מענטש איך בין, — פאַרענטפערט זיך מאַקס און פילט זיך אַביסל שולדיק.

— אָט דאָס איז עס דאָך, וועסטו איצט אויך ניט קומען.

— איצט איז אַנדערש, — ענטפערט מאַקס קרול מיט האַרץ, — אָט, נאַ, — כאַפּט ער זיך פּלוצלונג צו זיין קעשענע און ציט פון דאָרטן אַרויס זיין טשעק־ביכל, — אָט שרייב איך דיר אויס אַ טשעק אויף טויזנט דאָלער פאַר דער קאַראַקאַטשאַנער סאָסייעטי.

— מען דאַרף ניט, — ווערט שוין יונה גערירט פון זיין חברס אויפ־ריכטיקייט, — דאָס מאָל גלויב איך דיר.

און יונה לאָזט שוין ניט אָפּ, ער האַלט איצט אין איין אויסדערציילן מאַקסן די וואונדער פון זייער סאָסייעטי. זיי האָבן אַן אייגענעם בית־עולם, אַן אייגענע שול, און דער פּרעזידענט איז חיימל גאַלטשיק, ער דאַרף אים געדענקען פון דער היים, אָט־דער וואָס איז אַוועק מיט באַשקע די דינסט, און דער סעקרעטאַר איז משהלע שוסטער, ער האָט זיך דאָ

אויסגעלערנט שרייבן ענגליש, אַ מחיה צו קוקן! . . . אין נייט־סקול איז ער געגאַנגען. מען מאַכט אָפט „פּעקעדזש פּאַרטיס”, די ווייבער באַקן אַליין פאַרשיידענע קוכנס, מען „ראַפּלט” אויס די פּעקלעך מיטן געבעקס און דאָס געלט גייט פאַר גוטע צוועקן, און נאָך און נאָך, עס איז בכלל זייער אינטערעסאַנט, אַז ער וועט נאָר קומען וועט ער שוין זען.

מאַקס קרולן באַפאַלט צוריק אַן אומעט און ס׳ווערט אים ענג, און ער וויל שוין ווידער ערגעץ לויפן. הייבט ער זיך אויף צו גיין. נאָר גאָסי מיט יונהן לאָזן ניט. זיי האַלטן איצט אין דערציילן פון לאַנדסלייט, פון דער שול, פונעם פרעזידענט, פונעם בית־עולם... מען ווידערהאָלט די זעלבע מעשות. און מאַקס קרול דערפילט אַ נודנעקייט ביז חלשות, מאַכט ער דעם אָנשטעל ווי ער האָט זיך פלוצלונג דערמאָנט אין זייער אַ וויכטיקן עניין, וועלכן ער מוז גלייך דערליידיקן און הייבט זיך אויף צו גיין. דערביי טראַכט ער, אַז די צוגעזאָגטע טויזנט דאָלער שיקט ער אַרויס מאָרגן פרי.

מען געזעגנט זיך, מען דריקט זיך וואַרעם די הענט. מאַקס קרול זאָגט צו ווידער צו קומען, נאָר זיין טאָן איז שוין ניט אַזוי זיכער . . .

אין גאַס בלייבט ער שטיין אַ פאַרטראַכטער. דער פריערדיקער אומעט, וואָס ער האָט ביי יונהן אין הויז אויף אַ ווייַלע פאַרטריבן, האָט זיך צוריקגעקערט צו אים אין אַ שאַרפער און נאַגנדיקער פאָרמע. ער זעצט זיך אַריין אין זיין אויטאָ, נעמט קירעווען ס׳רעדל און טראַכט דערביי, אַז ער וועט פאָרן צו זיך אַהיים.

— אַהיים ?, וואָס פאַר אַ „היים” האָט ער ? עס איז אים פרעמד זיין הויז און פאַרפרעמדט זיין ווייב און קינדער, און ווייט, זייער ווייט איז איצט פאַר אים אויך יונה גאַרבער מיט זיין משפחה און לאַנדסלייט...

# אייפערזוכט

— זיי געזונט, מערי!

— פאָר געזונט, באָריס, און זע, גיב אַכטונג אויף זיך. לויף נישט אַרום צופיל, לייג זיך פרי שלאָפן און פאַרגעס ניט די פילן פאַר דיין קאַטאַר, און נעם אויך איין...

— נו, הער שוין אויף, מערי! וואו פאַר איך דען, וואָס דו זאָגסט מיר אָן ווי צו לעבן? מיין פאַרקילונג איז שוין אינגאַנצן אַריבער. טו מיר אַ טובה און הער זיך אויף אַזוי פיל צו זאָרגן. נו, איצט גיב אַ שמייכל און זיי אַ מענטש...

עס האָט זיך דערהערט אַ פייף פון לאָקאָמאָטיוו. מאַן און ווייב האָבן זיך צעקושט. באָריס האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין טשעמאָדאַן און איז שנעל אַריין אין וואַגאָן.

עס האָט אַ שניט געטאָן אין דער לופט מיטן לעצטן הילכיקן פייף. דער צוג האָט זיך גענומען רירן.

מערי איז געבליבן שטיין אויפן וואָקזאַל און נאָכגעקוקט די באַן, וואָס האָט אָנגעהויבן גיין פּאַמעלעך, נאָר מיט יעדער רגע האָט זי זיך אַלץ מער צעוואָרעמט און צעשריגן און מיט אַ געפּילדער גענומען אַוועקטראָגן אירע פּאַסאַזשירן אין דער ווייטער וועלט אַריין.

מערי האָט נאָכגעקוקט דער באַן און געזען ווי זי ווערט אַלץ קלענער און קלענער, ביז מען האָט מער נישט געזען ווי אַ קליין פּינטעלע. דאַן ערשט האָט זי געלאָזט פריי לויפן אירע טרערן, וואָס זי האָט די גאַנצע צייט געשטיקט אין זיך.

אַ וויינענדיקע האָט זי זיך אַריינגעזעצט אין איר אָטאָמאָביל, וועלכן זי האָט אַליין געטריבן, און מיט אַמאָל האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן: וואָס וויינט זי? איר מאַן איז אַוועקגעפאָרן קיין וואַשינגטאָן אויף אַ פּאָר טעג וועגן ביזנעס. דאַכט זיך, אַ געוויינלעכע זאַך. אָבער דאָס „גאַנץ געוויינלעכע" איז ביי מערין געוואָרן זייער פּאַרדעכטיק, ווייל צו אָפט פאָרט ער אַהין און, ווי איר ווייזט זיך אויס, מיט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן. ער נעמט מיט דעם בעסטן „סוט" מיט פאַרשידענע קלייניקייטן. ער קוקט אָפט אין שפּיגל, און קיינמאָל קומט ער נישט צוריק אין דער

צוגעזאָגטער צייט, נאָר מיט אַ טאָג אָדער צוויי שפּעטער, און, ווי איר ווייזט זיך אויס, מיט אַ גוט־צוגעטראַכטן תירוץ פאַרוואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט... דעם בעסטן באַווייז האָט זי דאָך דאָס, וואָס ער האָט זי ניט געוואָלט מיטנעמען! קלאָר, עס איז אַ געליבטע...

און ביי דעם געדאַנק, אַז עס איז דאָ אין איר לעבן אַן אַנדערע, האָט איר אַ שניט געטאָן ביים האַרצן און עס האָט זיך ווידער אַ גאָס געטאָן אַ שטראָם טרערן פון אירע אויגן.

מיט אַמאָל האָט זי זיך דערזען לעבן איר אייגן הויז און האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט: ווי אַזוי איז זי אַהער געקומען? זי איז מע־כאַניש אַרויס פון אויטאָמאָביל און איז אַריין אין הויז.

זי איז פאַרבייגעגאַנגען אַ שפּיגל און געבליבן שטיין דערשראָקן: אַן עלטערע פרוי מיט גרויע האָר, מיט אַ צעקנייטשט פּנים און פאַר־ווייִנטע אויגן האָט זי דאָרט דערזען. קיינער וואָלט נישט געגלויבט, אַז דאָס איז אַ פרוי אין די מיטעלע פערציקער יאָרן, זי האָט גיכער אויסגע־קוקט ווי אַן עלטערע פרוי אין די טיפע פופציקער.

זי האָט גיך אָפּגעוואַשן ס׳פּנים, זיך פאַרקעמט די האָר, צוגעפּו־דערט. איצט האָט זי אויסגעקוקט אַביסל אינגער, אָבער זי איז אַלץ נישט געבליבן צופרידן מיט זיך, און דאָ האָט איר מאַנס געשטאַלט אַ שוועב געטאָן פאַר אירע אויגן און זי האָט מיט קנאה געטראַכט וועגן זיין אויסזען. ער איז דאָך כמעט אין איין עלטער מיט איר, קוקט ער אויס צען יאָר אינגער לויט זיינע יאָרן, און זי קוקט אויס צען יאָר עלטער ווי אירע יאָרן, און דאָס מאַכט אַזאַ גרויסן אונטערשייד, אַז אָפּט נעמט מען זיי אָן פאַר אַ מוטער און זון.

— אפשר, — טראַכט זי, — וואָלט זי געדאַרפט נוצן אַביסל פאַרב פאַר די באַקן, אַביסל „ליפּסטיק" פאַר די בלאַסע ליפּן, כ׳ווייס, אפשר? נאָר באַלד כאַפּט זי זיך, אַז איצט, אויף די עלטערע יאָרן גאָר? ווי פּאַסט עס? אין די יונגע יאָרן נישט, און איצט מיט אַמאָל! און ער, איר מאַן, קיין קנייטשל און קיין גרויע האָר! נו, וואָס איז דער וואונדער? — טראַכט זי פאַרביטערט, — זי האָט אויסגעטראָגן 3 קינדער. איין קינד איז ביי איר געשטאָרבן און דאָס האָט איר געמאַכט גרוי און אַלט פאַר דער צייט. אמת, ער האָט אַלעמאָל געמאַכט אַ שיין לעבן און געזען, אַז עס זאָל איר גאָרנישט פעלן. זי האָט אַלעמאָל געהאַט אַ דינסט, וואָס

זאָל איר העלפֿן. אָבער, אַז די קינדער האָבן געפּאַקט און געמאָזלט, איז זי געווען אויף נעכט און ניט איר מאַן.

ער איז געווען פֿאַרנומען מיט די ביזנעס; האָט געקלעטערט אויפֿן לייטער פֿון דערפֿאָלג. פֿון אַ קליין, אומבאַדייטנדיק לאָיערל איז ער געוואָרן אַ באַוואוסטער קרימינעלער אַדוואָקאַט; האָלט אַ גרויסן אָפּיס מיט צענדליקער אַרויסהעלפֿער; האָט זיך גענומען מישן אין פּאָליטיק. עס האָלט דערביי, אַז ער זאָל אָננעמען אַ גרויסן פּאָליטישן אַמט. ער טרעט אָפּט אַרויס אויף פֿאַרזאַמלונגען און האָט זיך געמאַכט אַ גרויסן נאָמען מיט זיינע קלוגע רעדעס. זי זעט ווי זיין נאָמען וואַקסט און עס ווייזט זיך איר אויס, אַז ער ווערט אַלץ מער דערווייטערט פֿון איר. וואָס גרעסער עס וואַקסט זיין פּאָפּולאַריטעט, אַלץ קלענער פֿילט זי זיך.

זי מוז אָבער אַליין צוגעבן, אַז זי קאָן זיך נישט באַקלאָגן. ער נעמט איר אומעטום מיט. אומעטום, וואו מען קאָן נאָר מיטנעמען אַ פֿרוי — אַזוי זאָגט ער . . . אָבער ניט ווען ער פֿאָרט אַוועק, איבערהויפּט, ווען ער פֿאָרט קיין וואַשינגטאָן . . . ער האָט דאַן איין ענטפֿער: „איך פֿאָר פֿאַר ביזנעס. איך בין דאָרט פֿאַרהאַוועט, פֿאַריאָגט אַ גאַנצן טאָג. איך וואָלט קיין פֿינף מינוט צייט נישט געהאַט פֿאַר דיר". נו, יאָ, אַזוי זאָגט ער. און וואָס איז וועגן די אָוונטן? ווען ער בלייבט דאָרט אַליין? פֿאַר־וואָס קען זי דעמאָלט נישט זיין מיט אים? איז דען דאָס נישט קיין סימן אַז עס איז דאָ אַן אַנדערע?

זינט די טאָכטער האָט חתונה געהאַט און דער זון איז אַוועקגעפֿאָרן שטודירן, איז זי געבליבן אַליין און עס האָט אין איר דערוואַכט די אַמאָליקע אייפֿערזוכט, וואָס עסט זי ווי אַ וואָרעם און לאָזט איר רואיק ניט לעבן. מאָדנע, פּונקט ווי מיט פֿינף און צוואַנציק יאָר צוריק, באַלד נאָך זייער חתונה, אַזוי איז אויך איצט, מאַכט זי אים שטילע סקאַנדאַלן, קריגט אָנפֿאַלן אַזעלכע פֿון ווילדער אייפֿערזוכט, פֿון וועלכער זי קען זיך בשום אופֿן ניט באַפֿרייען. און אַלע מאָל נאָך אַזאַ סצענע, וואָס זי מאַכט אים, עסט זי זיך שפּעטער אויף אַ לעבעדיקע . . . ער באַווייזט איר ווי נאַריש און לעכערלעך עס זיינען אירע פֿאַרדאַכטן און זי מוז צו־געבן, אַז זי האָט ניט די „ריכטיקע באַווייזן".

אָבער איצט איז זי זיכער, אַז איר פֿאַרדאַכט איז אַ גערעכטער. זיין צעטראָגנקייט די לעצטע צייט, זיין אָפּט אַוועקפֿאָרן פֿון דער היים,

און דאָס וואָס ער וויל איר בשום אופן נישט מיטנעמען, אָט דאָס אַלץ באַווייזט איר קלאָר, אַז אין דעם איז פאַרמישט איין זאַך, אַ פרוי...

— ווער קען זיין אָט־די אַנדערע? — טראַכט מערי, און פילט דער־ביי דעם טעם פון גיהינם.

די דינסט איז אַריין און איר דערלאַנגט אַ בריוו און איבערגע־שלאָגן מעריס פינצטערע געדאַנקען. זי האָט אין דעם קאָנווערט דער־קענט, אַז דאָס איז פון איר שוועסטער אין וואַרשע. זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט. זי האָט אָנגעפאַנגען לייענען אַ צעשטראַלטע, נאָר באַלד האָט זיך איר פנים פאַרצויגן ווי מיט אַ וואָלקן. איר שוועסטער האָט גע־שריבן, אַז עס האָט איר געטראָפן אַ גרויס אומגליק. איר איידים, איר איין־און־איינציקער טאָכטערס מאַן, איז פּלוצים קראַנק געוואָרן און גע־שטאָרבן, און איר טאָכטער איז געבליבן מיט אַ קליין קינד פון פיר יאָר. זיי זיינען געבליבן ווי אויפן וואַסער — שרייבט זי — אָן מיטלען צום לעבן. דער איידים איז געווען דער גאַנצער פרנסה־געבער. איצט דרייען זיך אַרום אין שטוב צוויי אַלמנות, די מאַמע מיט דער טאָכטער. צייטן זיינען ביטערע. און צי געדענקט זי נאָך די אַמאָליקע פּאָגראָמען? עס איז היינט נאָך ערגער. דער איד איז דאָ ניט זיכער מיטן לעבן. און דאָ רעדט מען נאָך, אַז היינט־מאָרגן האַלט ביים אויסברעכן אַ מלחמה. יאָ, דער דייטש שטייט ביי די טויערן פון דאַנציג און פאָכעט מיטן שווערד. על־כן ווענדט זי זיך צו זיי אין דער שווערער שעה פון איר לעבן, און בעט די שוועסטער מיטן מאַן, אַז מען זאָל זיך איבער זיי דערבאַרעמען און אַרויסראַטעווען פון גיהנום איידער עס ווערט צו שפּעט. ווייטער וויל זי וויסן, וואָס זיי מאַכן אין געזונט, און צי האָט שוין איר אינגסטער זון חתונה געהאַט? זי ווינטשט זיי לאַנגע, געזונטע יאָרן, און פאַרענדיקט: „גוואַלד, ראַטעוועט! לייגט ניט אָפּ, ווייל עס קאָן נאָך חלילה ווערן צו שפּעט".

ווען מערי האָט געענדיקט לייענען דעם בריוו, איז זי געבליבן זיצן ווי געפּלעפט. אין האַלז איז איר געוואָרן ענג, און זי האָט אפילו ניט געקאָנט וויינען, אַ טיפער צער האָט איר אַרומגענומען ווען זי האָט איצט געטראַכט וועגן איר שוועסטער גיטלס פאַרוואָגלט לעבן.

גיטל איז געווען די עלטסטע שוועסטער. זי דאַרף שוין איצט

זיין אַריבער זעכציק, און זי, מערי, איז געווען די אינגסטע.

בילדער, לאַנג פאַרגעסענע, האָבן איצט גענומען אויפשווימען פאַר אירע אויגן. ווי א מאַמע איז זי אַלע מאָל געווען צו איר. ווען די מאַמע, עליה השלום, איז געשטאָרבן, האָט גיטל איבערגענומען די ווירט־שאַפט און זי האָט מערין דערצויגן. נאָך אַ קינד איז געווען: אַ אינגל, אַ שוואַכס, איז גיטל מיט אים געווען אויף גאַנצע נעכט און איבער אים געוואַכט, ווי אַן אייגענע מאַמע, ביז זי האָט אים געשטעלט אויף די פיס, ס'האָט אויסגעקוקט, אַז גיטל וועט פאַרזיצן. זי איז קיינמאָל אין ערגעץ ניט געגאַנגען. און איז אַ שדכן אַמאָל געקומען, און איר גערעדט אַ לייטישן שידוך, האָט זי נישט געוואָלט הערן דערפון, ביז די קינדער זיינען אויסגעוואַקסן. איר ברודער חיים האָט חתונה געהאַט און זי, מערי, איז אַוועק קיין אַמעריקע. ערשט דעמאָלט האָט גיטל חתונה געהאַט פאַר אַן אָרעמען, פרומען אַלמן, אַן קינדער. זי איז שוין דאַן געווען אַן עלטער מיידל, און זי האָט שוין מער ניט געקאָנט זיין איבערקלייבעריש... זיי האָבן געעפנט אַ שפּייז־געוועלבל, וואו זי, גיטל, איז געווען די גאַנצע סוחרטע, ווייל איר מאַן איז געזעסן און געלערנט.און אַמאָל, ווען ער האָט איר געוואָלט מיט עפּעס באַהילפיק זיין, האָט ער נאָר קאַליע געמאַכט. האָט זי זיך אַליין איינגעשפּאַנט אין יאָך פון פרנסה און אַליין געשלעפּט דעם שווערן וואָגן... אַזוי פון איר פריעסטער יוגנט אָן ביז איצט גייט איר נאָך איר פינצטערער מזל.

תחילת האָט מערי געוואָלט זיי אַריבערברענגען קיין אַמעריקע, האָט גיטלס מאַן בשום־אופן ניט געוואָלט קומען אַהער: „עס איז אַ טריפה לאַנד — פלעגט ער זאָגן — און ער וויל דאַרט ניט וואוינען". און שפּעטער, ווען ער איז געשטאָרבן, האָט מערי ווידער פאַרגעשלאָגן, אַז גיטל מיטן מיידל זאָלן קומען קיין אַמעריקע, און זי האָט ווידער ניט געוואָלט.

„וואוהין וויל זי מיך שלעפּן, אין אַ פרעמד לאַנד, אויף די עלטערע יאָרן, אַז איך האָב דאָ דעם ברודער מיט דער טאָכטער, וואָס איז שוין אַ כלה־מיידל און אַ גרויסע משפחה אפן גוטן אָרט", און אַז ס'קומט ראש חודש אלול אוז זי גייט אַוועק אויף קבר אבות, האָט זי דאָ איר מאַמע און די צוויי קינדער, דעם טאַטן מיט דער מאַמען, און אַזוי פיל פעטערס און מומעס, און מיט אַמאָל דאָס אַלץ איבערלאָזן... ניין, זי וועט שוין

דאָ אויסלעבן אירע פּאָר יאָר, וואָס זיינען איר באַשערט, און איבער הונדערט יאָר וויל זי, אַז אירע ביינער זאָלן רוען צוזאַמען מיטן מאַן און אירע קינדער. האָט מערי שוין ניט געשריבן, אַז זי זאָל קומען. זי פלעגט איר אָפט שיקן אַ פּאָר דאָלער און זיך מוזן באַנוגענען מיט די בריוו, וואָס פלעגן ווערן אַלץ זעלטענער.

און דאָ מיט אַמאָל אַ בריוו, אַז מען זאָל זי וואָס גיכער ברענגען קיין אַמעריקע.

מערי, אַ נערוועזע, האָט געשפּאַנט איבערן צימער אַהין און צוריק.

— וואָס הייבט מען אָן צו טאָן, — האָט זי זיך געפרעגט — מען טאָר ניט פאַרלירן קיין מינוט. נו, אוודאי מוז מען זיי ברענגען אַהער. זי איז זיכער, אַז באָריס וועט ניט זיין דאַגעגן. ער האָט דאָך אַלע מאָל געוואָלט, אַז זיי זאָלן קומען. עס זיינען דאָ אַזוי פיל לערע צימערן ביי זיי אין הויז. מען וועט לייכט קאָנען איינאָרדענען דריי מענטשן: די שוועסטער, די טאָכטער און דאָס קינד, אַ אינגעלע פון פיר יאָר. פּונקט אין דעם עלטער איז דאָך ביי איר געשטאָרבן אַ אינגל. וועט ער איצט פאַרנעמען איר קינדס פּלאַץ. ניין, צוויי קינדער קומען צופאָרן. איר מאַמע מיט צוויי קינדער. עס ווערט איר מיט אַמאָל אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַז עס ווילט זיך איר טאַנצן, זינגען אָדער הויך אויסשרייען פון פרייד, פון בלויזן געדאַנק, אַז זיי וועלן אַלע זיין צוזאַמען.

יאָ, זי וועט נאָך היינט טעלעפאָנירן איר מאַן, און זאָל ער גלייך קומען אַהיים העלפן אויסאַרבעטן פּלענער, כדי זיי זאָלן קאָנען וואָס שנע־לער קומען צו פאָרן. איר מאַן מיט זיין באַקאַנטשאַפט, טראַכט זי, וועט קאָנען אַ סך אויפטאָן.

ביי דעם געדאַנק פון איר באָריסן האָט זי זיך מיט איינמאָל דער־מאָנט אין איר פריערדיקע פאַרדאַכטן, און זי האָט זיך ווי עפּעס פאַר־שעמט פאַר זיך אַליין . . . ווי קאָן זי גאָר טראַכטן פון אַזעלכע נאַריש־קייטן, ווען טויזנטער מענטשן אויף יענער זייט ים ליידן ווי אין אַ גיהנום, און ווען אירע נאָענטסטע שטייען פאַר דער געפאַר פון אונ־טערגאַנג ? !

— זאָלן זיי נאָר קומען, — האָט זי געטראַכט אַ צעשטראָלטע, — עס וועט זיך דאַן פאַר איר אָנפאַנגען אַ ניי לעבן מיט נייע אינטע־רעסן, מיט אַ פאַרגרעסערטער הויז־געזינד, וועט זי במילא אויך מער ניט האָבן אין זינען אָט די נאַרישע פאַרדאַכטן...

צו דער זעלבער צייט איז באָריס געזעסן אין דעם לופטיקן וואַגאָן און געטראַכט מיט גאַל:

— גוואַלד, וואָס טוט מען מיט איר?

ער האָט באַמערקט, אַז לעצטנס איז זיין פרוי ווידער געוואָרן איי־פערזיכטיק, פאַרדעכטיקט אים אויף שריט און טריט. ער זעט ווי זי ליידט, ווי זי גייט־איין. עס איז פון איר געבליבן בלויז אַ שאָטן פון אַ מענטש, און אָט דער דאָזיקער שאָטן גייט אים נאָך און פאַרפאָלגט אים. ער זעט ווי זי ליידט, ווי זי מאַטערט זיך און עס נעמט אים אַרום אַ טיי־פער רחמנות צו איר. עס איז אָבער אַ רחמנות־געפיל, וואָס מישט זיך אָפּט אויס מיט כעס און אפילו מיט האַס... און ווען דער האַס נעמט די איבערהאַנט, פילט ער דאַן, אַז די בעסטע זאַך איז צו אַנטלויפן פון הויז . . . נישט אויף לאַנג, בלויז אויף אַזוי לאַנג, ביז דאָס אומהיימלעכע געפיל וועט פאַרשווינדן. אין אַזאַ צייט פאַרט ער געוויינ־לעך וועגן געשעפט . . . נאָר ניט מער וואָס ער זוימט זיך לענגער. אַ ביזנעס, וואָס ער וואָלט געקאָנט דערליידיקן אין אַ פּאָר שעה, פאַר־לענגערט ער אויף אַ פּאָר טעג, און ווען ער קומט צוריק, זיינען זיינע נערוון אויסגערוט און ער האָט גענוג ווידערשטאַנד אויסצוהערן גלייכ־גילטיק אירע טענות.

ער דערמאָנט זיך איצט, אַז אָנגעפאַנגען האָט זיך עס אָט דער גע־ראַנגל פון ווילדער אייפערזוכט גלייך נאָך זייער חתונה. זיי זיינען צו־געגאַנגען צו אַ באַל, און טאַנצנדיק מיט זיין פרוי האָט ער באַמערקט, ווי אַ דאַמע נעבן זיי האָט פאַרלוירן איר נאָז־טיכל. ער האָט אויפגע־הערט צו טאַנצן און זיך איינגעבויגן און אויפגעהויבן דאָס נאָז־טיכעלע און עס אָוועקגעגעבן דער דאַמע. ווי געוויינלעך, האָט ער דערביי אַ שמייכל געטאָן. זי האָט אים באַדאַנקט און צוריקגעשמייכלט. דער גאַנצער אינצידענט האָט געדויערט אַ מינוט, ער האָט עס גלייך פאַר־געסן, נאָר זיין פרוי האָט דאָס געדענקט פאַר יאָרן. ווען זיי זיינען יענע נאַכט אַהיים געקומען, האָט זי אים דאָס פאַרגעוואָרפן. שפּעטער איז זי ברוגז געוואָרן און אַ גאַנצע נאַכט געוויינט . . . ער האָט זיך דעמאָלט געפילט אַביסל געשמייכלט פון זיין פרויס גרויסער ליבע. עס האָט זיך דאַן אים אויסגעוויזן, אַז ער האָט זי איבערגעבעטן, אָבער ניט אויף לאַנג... זי האָט אָפּגעזוכט אַ „נעקסט־דאָריקע", וואָס פלעגט צו

זיי אַריינקומען, און ווי צו אַ גוטן שכן, איז ער געווען צו יענער פריינט־לעך, זיינען דערפון אַרויסגעקומען סצענעס פון אייפערזוכט, האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט יענער צו באַגריסן, אַבי עס זאָל זיין שטיל אין הויז. שפּעטער פּלעגט זיין פרוי אָפּט קומען אין זיין אָפיס גוט באַטראַכטן זיין סעקרעטאַרין... דאָס טעלעפאָן־מיידל... און מיט חשד קוקן אויף די פרויען־קליענטן... אין אָוונט, ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט זי אים געזוכט איבערצייגן, אַז די בעסטע אָנגעשטעלטע אין אָפיס זיינען מענער.. און ווען ער וואָלט געהאַט אַ מאַן אַ סעקרעטאַר, וואָלט דאָס געווען אַ סך בעסער פאַר די ביזנעס. . . און אַמאָל פלעגט טרעפן, אַז ער איז געקו־מען אַהיים מיט אַ שעה אָדער צוויי שפּעטער, האָט זי גענוי גע־וואָלט וויסן פאַרוואָס ער האָט זיך פאַרזאַמט.

זיין פרויס אומזיסטער יאַדן האָט אים גענומען ווערן שטאַרק אי־בערדריסיק. ער האָט געזוכט זיך אַלץ מער צו פאַרטיפן אין געשעפט. און פלעגט ער האָבן ערגעץ אַ מיטינג אָדער אַ קאָנפערענץ, פלעגט ער לויפן אַהין מיט דער גרעסטער פרייד, אַבי ניט אַהיים צו קומען און אויסהערן זיין פרויס פּלוידערן . . . ער האָט זיך מיט זיין גאַנצער יוגנטלעכער ענערגיע אַריינגעוואָרפן אין זיין פּראַקטיק אַלס לאָיער, זיך גענומען מישן אין פּאָליטיק, און אַזוי אַרום גענומען קריכן אויפן לייטער פון דערפאָלג.

דערווייל איז געבוירן געוואָרן זייער ערשט קינד. זיין פרוי איז געוואָרן שטאַרק פאַרנומען מיט איר נייער ראָלע אַלס מוטער, און עס האָט אויסגעוויזן, אַז אירע ווילדע אָנפאַלן פון אייפערזוכט האָבן זיך אַביסל איינגעשטילט. ס'איז געקומען אַ צווייט קינד. זי איז כמעט געוואָרן אויס ווייב, אינגאַנצן מאַמע. זי האָט אים מער נישט געמאַכט קיין אייפערזוכט־סצענעס. צו שטאַרק איז זי געווען פאַרנומען מיט די קינדער. אָט האָט עס געפּאַקט, און אָט איז גאָר אַ קינד געפאַלן און זיך שטאַרק צעקלאַפּט. עס איז אַלע מאָל געווען אַ דינסט אין הויז און אַן עקסטראַ מיידל פאַר די קינדער, אָבער מערי האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזט אויף פרעמדע. דער מאַמעס אויג האָט געוואַכט איבער אירע קינדער. ביז איינמאָל איז זייערס אַ אינגעלע קראַנק גע־וואָרן אויף לונגען־אַנטצינדונג. אַ נוירס האָט געוואכט איבער אים, אָבער מערי האָט זיך נישט פאַרלאָזט, איז טאָג ווי נאַכט געזעסן ביי זיין

בעטל, מען האָט גערופן די גרעסטע פּראָפעסאָרן. עס האָט אָבער גאָר־נישט געהאָלפן. נאָך לאַנגע טעג ראַנגלען זיך צווישן לעבן און טויט איז דאָס קינד געשטאָרבן. מערי איז ווי איבער נאַכט אַלט געוואָרן. פון דער שבעה האָט זי זיך אויפגעהויבן אַ גרויע, אַלטע פרוי. זינט זייער קינדס טויט, איז זי מער קיינמאָל צו זיך נישט געקומען. זי האָט איצט מיט נאָך מער פאַרזיכט געוואַכט איבער אירע צוויי קינדער, און אַזוי זיינען געלאָפן די יאָרן. די קינדער זיינען אונטערגעוואַקסן און אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיין פרוי האָט שוין לאַנג פאַרגעסן אין די אַמאָליקע נאַרישקייטן פון פאַרדאַכט און אייפערזוכט.

אַזוי איז זיך רואיק געגאַנגען זייער פאַמיליע־לעבן ביז זייער טאָכ־טער האָט חתונה געהאַט און זייער זון איז אַוועקגעפאָרן שטודירן אין אוניווערסיטעט. זיין פרוי איז מיטאַמאָל געבליבן אַליין, און ער האָט באַמערקט, אַז זי פלעגט אַרומגיין פאַרטראַכט און פלעגט זיין אומגע־ווייגלעך שטיל, עפּעס אינגאַנצן איינגעשלאָסן אין זיך. אָבער מיט אַמאָל האָט זי ווי דערוואַכט פון אַ טיפן שלאָף און גענומען פאָדערן ווי אַמאָל, אַז ער זאָל אַהיים קומען אין דער באַשטימטער צייט. זי האָט אויך פאַר־לאַנגט, אַז וואו ער גייט, זאָל ער איר אומעטום מיטנעמען.

ער האָט געפּרואווט אויספאָלגן אירע פאַרלאַנגען, אָבער ניט אַלע מאָל האָבן זיינע געשעפטן אים דאָס דערלויבט. און האָט אַמאָל גע־טראָפן, אַז ער האָט ניט געקאָנט אַהיים קומען אין דער צוגעזאָגטער צייט, איז זי געווען אויסער זיך פון כעס. זי האָט אים באַשולדיקט, האָט אים געמאַכט פאַרוואורפן, דערמאָנט אים זיינע חטאים, וואָס ער האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, און געוויינלעך איז געקומען צו אַ קריג, און געענדיקט האָט זיך עס, ווי אַלעמאָל, מיט אַ געוויין און אַ ברוגז, ביז ער האָט איר איבערגעבעטן. און איצט האָלט דערביי, אַז זי וויל ניט אַנדערש, אַז אומעטום, וואו ער פאָרט, זאָל ער זי מיטנעמען, און דאָס וואָלט ער זייער שטאַרק ניט געוואָלט, ניט ווייל ער באַהאַלט עפּעס פון איר, נאָר ער מוז דאָך צוגעבן, אז ער אָטעמט אָפּ פרייער, ווען ער פאָרט אַליין . . . און איבערהויפּט ווען ער פאָרט קיין וואַשינגטאָן, האָט ער ליב צו פאָרן אַליין. ער האָט שוין דאָרטן זיינע חברים, און אַז מען פאַרטיקט זיך אָפּ מיט די געשעפטלעכע ענינים, טרעפט מען זיך מיט פריינט און מען גייט צוזאַמען אַוועק פאַרברענגען ביי אַ גלעזל ווייַן.

מען דיסקוטירט וועלט־פּאָליטיק. האַלט עס ביי וואַלן, קאָכט מען זיך און מען וועט זיך, אַז נאָר די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי וועט דעם יאָר זיגן אין די וואַלן, און אַנדערע וועטן, אַז נאָר די רעפּובליקאַנער פּאַר־טיי וועט זיגן. מען קאָכט זיך, מען היצט זיך. דערביי האָט מען שטאַרק הנאה פון די פיינע האַוואַנאַ ציגאַרן און גאַנץ אָפּט פון אַ פּעפּערדיקן וויץ, וואָס חברה דערציילן . . . בכלל, עס איז אַ מענערשע וועלט. און דאָ וויל גאָר זיין מערי מיטפאָרן. ווי פּאַסט זיך אַהער אַ פרוי?

ער דערפילט מיטאַמאָל אַ שטאַרקן כעס צו איר און באַשליסט, אַז איינמאָל פאַר אַלע מאָל: „ניין, פאָרן וועט ער אַליין, אָן איר". ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט, עפּעס ווי ער וואָלט כאַטש אויף אַ ווײַלע וועלן אָפּשטופּן פון זיך אַ זייער אַנגעווייטיקטן ענין. ער טוט זיך האַסטיק אַ שטעל־אויף און אַ קוק אויף דער גרינער לאַנדשאַפט, וואָס טראָגט זיך פאַרביי זיין פענצטער. זיין בליק שטעלט זיך אָפּ ביי דעם לאַנגן, שמאָלן שפּיגל, וואָס איז איינגעפּאַסט צווישן די פענצטער. ער גלייכט אויס זיין איינגעקאַרבטן הויכן שטערן, ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער לענג, זיינע גרוי־גרינע אויגן גיבן צופרידן אַ שמייכל. ער האָט הנאה פון זיין קאָפּ שוואַרצע האָר און פון דעם, וואָס ביז איצט האָבן זיך נאָך ניט אַריינגעכאַפּט קיין גרויע פעדים.

און דאָ טוט ווידער אַ שוועב פאַר אים זיין פרויס געשטאַלט, און ער בלייבט שטיין אַ דערשלאָגענער:

— אַך, ווי זי האָט זיך דאָס געעלטערט! וואו איז אַהינגעקומען זיין אַמאָליקע שיינע מערי? בלויז אַ שאָטן איז פון איר געבליבן. די קינ־דער האָבן זי פאַרעלטערט פאַר דער צייט — טראַכט ער און פילט דער־ביי ווי עס נעמט אים אַרום אַ טיפער רחמנות. זי איז דאָך אַלע מאָל געווען אַ געטריי ווייב און אַן איבערגעגעבענע מאַמע צו זיינע קינדער.

עס פאַרקלעמט אים ביים האַרצן און עס ווייזט זיך אים אויס, אַז ער באַנעמט זיך ניט גוט צו איר. ער וואָלט געדאַרפט זיין מער נאָכגי־ביק.

— כ'ווייס — טראַכט ער — זי וויל מיטפאָרן? זאָל זי מיטפאָרן.

און ער באַשליסט, אַז דעם קומענדיקן מאָל, ווען ער וועט דאַרפן אַוועקפאָרן, וועט ער זי מיטנעמען און, אַדרבא, זאָל זי זען, אַז זי האָט ניט קיין סיבות צו זיין אייפערזיכטיק. און ווען זי וועט זיך איבערצייגן

אַז ער פֿאָרט דורכאויס פֿאַר געשעפֿט, וועט זי שפּעטער אַליין ניט וועלן מיטפֿאָרן . . .

— יאָ, ער וועט אַהיים קומען, וועט ער איר זאָגן: „מערי, ווילסט מיטפֿאָרן? פּאַק איין די זאַכן און פֿאָר מיט".

און מיט דעם געדאַנק האָט ער זיך אַ באַרואיקטער צוריק אַוועק־געזעצט לייענען אַ צייטונג.

עס איז שפּעט אין דער נאַכט. אין הויז ביי די מעניסענס איז פֿינצ־טער. אַלע שלאָפֿן, נאָר ניט מערי. אַ וואַכע, מיט אָפֿענע אויגן קוקט זי אַלע ווײַלע אויפֿן זייגער. ס'איז ערשט דריי, עס איז נאָך פֿינף שעה ביז איר מאַן וועט אויפֿשטיין, וועלן זיי אינאיינעם, אַכט אין דער פֿרי, פֿאָרן צו דער שיף באַגעגענען די געסט.

מערי פֿאַרמאַכט פֿעסט די אויגן און פּרובירט איינשלאָפֿן, אָבער זי קען ניט. די פֿרייד פֿון דערוואַרטונג האַלט איר וואַך און נערוועז און לאָזט ניט צו קיין שלאָף. זי טוט אַ קוק אויף איר מאַן, וועלכער ליגט לעבן איר און אָטעמט רעגלמעסיק. עס כאַפּט איר מיט אַמאָל אַרום אַ פֿאַרדרוס אויף איר מאַן, וואָס ער קאָן זיך אַזוי רואיק שלאָפֿן... זי וואָלט גאָר געוואָלט איצט זיך דורכריידן מיט אים, זאָל זי אים אפֿשר אויפֿוועקן?

נאָר באַלד שטופּט זי אָפּ דעם געדאַנק פֿון זיך און קוקט אים אָן מיט ליבע און טראַכט: „זאָל ער שלאָפֿן געזונטערהייט, ער האָט דאָך וועלטן איינגעלייגט כדי זיי אַהער צו ברענגען". נאָר איר שמחה איז אַביסל פֿאַרשטערט, ווען זי דערמאָנט זיך, אַז קומען קומט דאָך נאָר די טאָכטער מיטן קינד. די שוועסטער האָט מען נישט געקאָנט אַהער־ברענגען.

ווען באָריס איז געקומען פֿון וואַשינגטאָן, און זי האָט אים געוויזן דעם בריוו, האָט ער זיך גלייך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט. ער האָט איינגעקויפֿט שיפֿסקאַרטן, אויסגעמאַכט פּאַפּירן, געקראָגן וויזעס, נאָר אין מיטן פֿון דער אַרבעט האָט אויסגעבראָכן די מלחמה און עס האָט אויסגעקוקט ווי זייער גאַנצע אַרבעט און מי זיינען געווען אומזיסט. אָבער באָריס האָט זיך אויף קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, ער איז ווייטער

אַנגעגאַנגען מיט זיין אַרבעט. זיין גרויסע באַקאַנטשאַפט אין די הויכע פּאָליטישע קרייזן האָט אים דאָ אַ סך אַרויסגעהאָלפן. דערווייל האָט זיך די מלחמה צעפּלאַקערט, און טאָקע אין סאַמע האַרץ פון וואַרשע, פון וואַנען זיי האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן, האָבן זיי דערווייל געמוזט אָפּלייגן די פּלענער און וואַרטן און זען וואָס ווייטער וועט געשען. די דייטשע מחנות האָבן געהאַגלט מיט פייער און פאַרניכטונג אויף פּוילן, נאָר וואַרשע האָט זיך געהאַלטן. אָבער סוף־כל־סוף איז אויך די הויפּט־שטאָט געפאַלן.

פון די נייעס, וואָס מערי האָט אַרויסגעלייענט פון די צייטונגען, און פון די ידיעות, וואָס די ראַדיאָס האָבן געבראַכט, איז זי געווען ווי צעמישט. זי האָט כמעט אינגאַנצן אויפגעגעבן די האָפנונג זיך ווידער אַמאָל צו זען מיט דער שוועסטער און אירע קינדער. אָבער באַריס איז איבערגעקומען די גרעסטע שוועריקייטן, ווען מען האָט געלאָזט וויסן זיין פרוי, אַז אַזוי ווי איר שוועסטער מיט דער טאָכטער און דעם קינד האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון פּוילן אין ליטע, קען מען זיי ברענגען, אָבער אָן דער שוועסטער גיטלען, ווייל זי איז צו־אַלט און עס איז פאַר איר אַ גרויסע סכנה צו פאָרן אויפן ים, איבערהויפּט נאָך אין אַזאַ אומרואיקער צייט ווי איצט. יעדנפאַלס האָבן זיי באַשלאָסן צו שיקן די בויטיקע פּאַפּירן מיט שיפס־קאַרטן פאַר אַלע, און אויב גיטל פילט שוין בעסער און גענוג שטאַרק זיך אונטערצונעמען אַזאַ רייזע, זאָל זי קומען.

מען האָט אַוועקגעשיקט טעלעגראַפיש די שיפסקאַרטן מיט די בוי־טיקע פּאַפּירן. עס האָט לאַנג ניט גענומען און עס איז אָנגעקומען דער ענטפער, אַז חנהלע מיט לייבלען פאָרן אַרויס.

„די מאַמע, האָט חנהלע געשריבן, קאָן זיך ניט אונטערנעמען אַזאַ געפערלעכע רייזע. איבעריקנס האָט זי גאָר קיין חשק ניט צו פאָרן. אין די פאָר חדשים, וואָס זי האָט מיטגעמאַכט די מלחמה, איז די מאַמע גאָרנישט צו דערקענען . . . אַז גאָט וועט העלפן און מיר וועלן האָבן שלום אויף דער וועלט, וועלן מיר דעמאָלט אַריבערברענגען די מאַמע“.

— ווי אַלט, — טראַכט מערי, — וועט איצט זיין חנהלע? לאָ־מיר נאָר אַ רעכן טאָן: אַכט־און־צוואַנציק, ניין־און־צוואַנציק. יאָ,

אַרום נײַן־און־צוואַנציק יאָר —

זי דערמאָנט זיך איצט, ווי איר שוועסטער גיטל פלעגט פאַר זיי אַלע מאָל זינגען דאָס ליד:

„טראָג דײַן פּעקעלע
אידעלע, האָב קיין מורא,
וואַנדער אידעלע
און שעם זיך ניט מיט דײַן תּורה".

און איצט וואַנדערט איר טאָכטער איבער ימים מיט איר קליין אידעלע לייבעלע.

מערי איז אײַנגעשלאָפן, און ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז נאָך אַלץ געווען צו פרי צו גיין צו דער שיף. זי איז פונדעסטוועגן אויפגעשטאַנען, זיך אָנגעטאָן און דאַן אויפגעוועקט איר מאַן. די דינסט האָט סערווירט פרישטיק. געגעסן האָט בלויז באָריס. מערי איז געווען שטאַרק נערוועז און האָט בשום־אופן נישט געקענט אַרונטערשלינגען קיין ביסן, האָט זי בלויז אויסגעטרונקען אַביסל קאַווע און גענומען צו־איילן איר מאַן צו פאַרלאָזן דאָס הויז.

אַ נערוועזע, מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ האָט זיך מערי געלאָזט צו דער שיף, צו באַגעגענען דעם צוגעקומענעם טייל פון איר ניי הויז־געזינד.

אַ גרויסע שיף איז צוגעשוואומען צום ברעג. עס האָבן אָבער געפעלט די פרייליכע פאַרבן פון ווייס און רויט. דער פייף, וואָס די שיף האָט אַרויסגעלאָזט ביים לאַנדן, איז אויך געווען עפּעס אַן אײַנגעהאַלטענער און באַשיידענער, אַזוי ווי די שיף וואָלט דאָ גלייך ביים לאַנדן געלאָזט וויסן די מענטשן פון דער זייט ים, אַז זי קומט פון אַ לאַנד, וואו עס איז גרוי און פינצטער דאָס לעבן.

צווישן עולם איז געוואָרן אַ טומל. מען האָט געפאָכעט מיט טיכלעך, געוואָרפן מיט די הענט.

די פּאַסאַזשירן האָבן גענומען אַראָפּגיין. פון דער שיף האָט זיך יעדע רגע געהערט אַן אַנדערער אויסרוף, מען איז זיך געפאַלן אויף די העלזער, געקושט, געווישט די אויגן און, דער עיקר, זיך געפרייט, וואָס מען זעט זיך ענדלעך לעבעדיקע אויף אַ זיכערן באָדן.

מערי מיט באָריסן זיינען נערוועזע אַרומגעלאָפן, געזוכט מיט די אויגן אַ יונגע פרוי מיט אַ קינד. אַ גאַנצע אייביקייט האָט געדויערט

ביז זיי האָבן ענדלעך דערזען אַ פרוי מיט אַ קליין, אויסגעצערט אינגעלע. מערי האָט איר גלייך דערקענט. עפּעס האָט איר אויסזען געהאַט דעם ספּעציפישן משפּחה־חן, וואָס איז ביי זיי איבערגעגאַנגען פון דור צו דור.

— חנהלע! — האָט מערי אויסגעשריגן.

— טאַנטע מערי!

מערי האָט אַרומגעכאַפּט די יונגע פרוי. אַ שטראָם טרערן האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון אירע אויגן. חנהלע האָט זיך שטום אַ וואָרף געטאָן אין אירע אָרעמס און איז אַזוי געבליבן אַ מינוט מיט פאַרמאַכטע אויגן. דאָס קינד, דערזעענדיק די סצענע, האָט זיך דערשראָקן און זיך הויך צעוויינט. האָט אים באָריס גענומען אויף די הענט. ער איז גערן געגאַנגען. דורך די חדשים וואַנדערן אונטערוועגנס האָט דאָס קינד פאַרלוירן די מורא פאַר פרעמדע מענטשן, און איז גערן געגאַנגען צו יעדן, וואָס האָט אים אויסגעשטרעקט אַ פריינטלעכע האַנט.

— ווי רופט מען דיך, אינגעלע? — האָט באָריס געפרעגט.

— לייבעלע רופט מיך די מאַמע, און הירש־לייב רופט מיך די באָבע. און דיך ווי רופט מען? — האָט ער דרייסט געפרעגט.

— מיך? — באָריס. רוף מיך אָנקל באָריס.

— אָנקל באָריס — האָט דאָס קינד גלייך אונטערגעכאַפּט.

מערי האָט זיך דערווייל אויסגעפרעגט און באַוואָרפן חנהלען מיט פראַגן: ווי איז צוגעגאַנגען די רייזע, וואָס מאַכט עפּעס איר מוטער גיטעלע? נאָר באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי האָט חנהלען נאָך ניט פאַרגעשטעלט איר מאַן. האָט זי אָנגעוויזן אויף באָריסן, וואָס איז געשטאַנען מיטן קינד אויף די הענט און געזאָגט:

— אָט איז דיין אָנקל!

האָט אים חנהלע דערלאַנגט איר האַנט און מיט אויגן פול מיט טרערן אים באַדאַנקט, וואָס ער האָט געמאַכט דאָס אוממעגלעכע פאַר מעגלעך, און באַוויזן איר מיטן קינד אַריבערצוברענגען אין אַ פרייער מדינה.

מערי האָט געכאַפּט דאָס קינד פון איר מאַנס הענט, עס געקושט, געגלעט און דערביי געמורמלט:

— אָט אַזאַ ווי דו, דיר צו לאַנגע יאָרן, האָב איך פאַרלוירן. האָט

מיר גאָט איצט צוגעשיקט אַן אַנדער קינד. ניין, צוויי קינדער האָב איך צוגעקראָגן.

זיי האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אויטאָמאָביל, וואָס באָריס האָט געטריבן. אויפן וועג צו איר נייער היים האָט חנהלע דערציילט פון איר שווערער רייזע אויפן ים, פון דעם גרויליקן לעבן, וואָס זי מיטן קינד און איר מאַמע זיינען דורכגעגאַנגען פון זינט היטלערס באַנדעס האָבן באַהאַגלט וואַרשע.

און ווען זי האָט אָנגעפאַנגען שילדערן, ווי אַזוי אַ באָמבע האָט געטראָפן זייער הויז, האָט זיך איר פּנים געביטן אויף אַ גרויען קאָליר. זי האָט אויפגעציטערט און האָט מיט ביידע הענט פאַרשטעלט איר פּנים. עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט נישט געוואָלט נאָך אַמאָל זען דאָס שרעקלעכע בילד.

באָריס האָט אַ וואונק געטאָן צו מערין, אַז זי זאָל איר מער ניט לאָזן ריידן, און דערביי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: „גענוג! ניט איצט, אַן אַנדערש מאָל!" . . .

האָט זיך מערי אַ כאַפּ געטאָן ווי פון שלאָף:

— נו, גענוג, חנהלע, נישט איצט. דו וועסט זיך קודם גוט אויס־רוען. מיר וועלן נאָך האָבן גענוג צייט שפּעטער צו ריידן. זאָג מיר בעסער, — האָט מערי געזוכט צו בייטן דעם געשפּרעך, — צי דו און דיין קינד זיינען הונגעריק און וואָס האָט איר ליב צו עסן?

מערי האָט איר איצט צום ערשטן מאָל גוט באַטראַכט. פאַר איר איז געזעסן אַ יונגע פרוי מיט אַ בלאַס און אויסגעמוטשעט פּנים, וואָס האָט דערציילט פון שווערע איבערלעבונגען. זי האָט געהאַט אַ קאָפּ טונקל־ברוינע האָר. עטלעכע לאָקן האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון הינטער איר קליינער העטקע. אַ פּאָר שוואַרצע אויגן האָט זי פאַר־מאַגט, אין וועלכע עס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער גאַנצער אידישער גלות. זיי האָבן דערציילט פון וואָגלענישן און פון אַ שווער לעבן — אויגן, אַז מ׳האָט זיי איינמאָל געזען, האָט מען זיי לאַנג ניט געקאָנט פאַרגעסן.

מערי האָט דאַן אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָ אין אַמעריקע זעט מען גאַרנישט אַזעלכע גלות־אויגן. זי האָט געזוכט די ענלעכקייט פון דער משפּחה, און האָט עס ענדלעך געפונען אין איר פיין־פאַרמירטער נאָז.

„אַט פּונקט אַזאַ נאַז", האָט זי זיך דערפרייט, „האָט דאָך איר פּאַרהייראַטע טאָכטער בעלאַ".

חנה איז געווען אַביסל העכער פון מיטעלן וואוקס. זי האָט אַמאָל גע־מוזט זיין אויסערגעוויינלעך שיין, האָט מערי געטראַכט. „אַמאָל" — האָט זי אַ שמייכל געטאָן — אַזאַ יונגע פרוי און מ'דאַרף שוין זאָגן „אַמאָל". ניין, זי דאַרף זיך בלויז גוט אויסרוען און זי וועט ווידער ווערן שיין. נאָר איין זאַך האָט מערי געמוזט צוגעבן, אַז אפילו איצט, ווען חנהלע קוקט אויס אַזוי חושכדיק, באַזיצט זי אויך אַ מאַגנעטישן חן.

זי האָט איר באַטראַכט מיט מוטערלעכער ליבע, און עס האָט איר הנאה געטאָן וואָס איר שוועסטערס טאָכטער, איר משפחה, איז אַ שיינע.

דער אָטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ רייך הויז אויף ריווערסייד דרייוו.

— אָט דאָס איז אונדזער היים — האָט איר מערי אָנגעוויזן אויפן הויז.

חנהלע, אַ ציטערדיקע, מיט אַ שטילער פרייד און אַ קלאַפּנדיק האַרץ, האָט באַטראַכטן די שוועל פון איר נייער היים.

אַ שטילע פרייד האָט זיך צעשפרייט אין מעריס און באָריסעס לעבן, זינט די קינדער זיינען געקומען, האָט זיך ביי זיי אָנגעפאַנגען אַ ניי לעבן, פול מיט אינטערעס. אין די פיר חדשים, וואָס זיי געפינען זיך אין זייער היים, איז מערי געווען אַזוי פאַרנומען, אַז זי האָט גאָרניט באַ־מערקט, ווי די טעג זיינען אַוועקגעפלויגן.

דער קליינער אימיגראַנט, לייבעלע, וואַקסט אונטער דער אַמע־ריקאַנער זון. זיין אַמאָליק בלאַס פּנימל שפריצט איצט מיט אַ ראָזעווע פאַרב, זיין אויסגעצערט קערפּערל פּילט זיך אויס ביסלעכוויז און ווערט פּוכקע. ער רעדט שוין ענגליש און וויל נישט, אַז מען זאָל אים רופן לייבעלע, האָט מען זיין נאָמען פאַרענגלישט אויף לענאַרד. איז ער געווען צופרידן מיט זיין נייעם נאָמען ביז ניט לאַנג צוריק, ווען ער איז פּלוצלונג אַרויפגעקומען פון גאַס און געלאָזט וויסן, אַז מען זאָל אים רופן לעני „פּאָר שאָרט". ער קען שוין זינגען די אַמעריקאַנער הימנע און ווייסט שוין אויך די קונסט פון „פּייטן". ער קלייבט זיך קירצלעך

גיין אין סקול. און ווי עס קוקט אויס, האָט שוין לייבעלע אינגאַנצן פאַרגעסן זיינע אימיגראַנטישע צרות מיטן בליץ־קריג אין וואַרשע.

יאָ, לייבעלע פאַרגעסט, אָבער נישט זיין מאַמע.

זי בלייבט אָפט זיצן פאַרטראַכט, די אויגן ווערן ביי איר פאַר־צויגן מיט אַ נעפּל. זי קוקט אין דער שטאַרער ווייטקייט אַריין און זעט צום הונדערטסטן מאָל וואַרשע, איר באַליבטע היים־שטאָט. אָבער נישט די פריילעכע געמיטלעכע שטאָט זעט זי. זי זעט יענע שרעקלעכע נאַכט, ווען עס האָט פלוצלינג אָנגעהויבן האָגלען מיט באָמבעס. פאַר־ניכטונג איז געפאַלן פון הימל און צעשטערט מענטשנס האָב־און־גוטס, און אויך צוגערויבט אַזוי פיל אומשולדיקע מענטשלעכע לעבנס. און פאַרוואָס?

זי זוכט אַן ענטפער אויפן „פאַרוואָס" און קען ניט געפינען. וואָס מאַכט איצט איר מאַמע? איז זי צוזאַמען מיט דער משוגענער מומע רייזל? געפינען זיי זיך איצט אין דער געטאָ? ווי אַזוי דערהאַלטן זיי זיך ביים לעבן? פון וואַנען קריגן זיי עסן?

נאָר אַז זי דערמאָנט זיך, אַז זי איז געראַטעוועט געוואָרן פון יענעם גיהינום און אַז אויך איר זון געפינט זיך אין דעם גליקלעכן לאַנד אַמעריקע, בענטשט זי דעם פעטער מיט דער מומען, וואָס האָבן דאָס אַלץ מעגלעך געמאַכט.

— אַך, ווען מיין מאַמע וואָלט נאָך דאָ געווען! . . . . — וויינט חנהלעס האַרץ — וואָלט איך זיך מער קיינמאָל ניט באַקלאָגט.

אַז חנהלע פלעגט בלייבן זיצן אַ פאַרקלערטע, פלעגט דעמאָלט מערי אויך אונטערזיפצן אויף איר שוועסטערס פינצטערן מזל, וואָס מען קען איר ניט אַרויסנעמען און מען האָט זי דאָרט איבערגעלאָזט אַליין. אויף דעם פלעגט חנהלע ענטפערן, אַז די מאַמע פילט ניט, אַז זי איז אַליין. פאַרקערט, זי פלעגט דאָך שטענדיק טענהן, אַז זי קאָן ניט איבערלאָזן אַלעמען און אַוועקפאָרן, און איבערהויפּט, ווען זי מוז אַכטונג געבן אויף דער מומע רייזל . . .

האָבן מערי מיט באָריסן געקוקט אויף חנהלען און ניט געקענט באַ־גרייפן די אומפאַרשטענדלעכע רייד וועגן דער מומע רייזל. האָט חנהלע זיי דערציילט:

— פּאַסירט האָט עס נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן באָמבאַרדירט

אונדזער הויז און עס איז זיך צעפאַלן ווי אַ קאַרטן־שטיבל. גליקלעכער־ווייז זיינען מיר אַרויסגעלאָפן איידער דאָס הויז האָט געבומען קראַכן, און מיר זיינען בלויז אָפּגעקומען מיט שרעק. מיר זיינען האַלב־נאַקעט, איך, די מאַמע און ס׳קינד, געלאָפן צום פעטער נחמן און צו דער מומע רייזל אויף די נאַלעווקעס. די מומע האָט פאַר אונדז, ווי עס איז געמאַכט פלאַץ און אונדז געטרייסט, אַז מסתמא איז גאָטס ווילן אַזוי.

— ס׳איז דער לעצטער חורבן — האָט זי פרום געזאָגט — און לאָמיר נאָר האָבן בטחון אין דעם, וואָס לעבט אייביק, וועלן מיר דער־לעבן משיחן.

נאָר אַננאַ, זייער איינציקע טאָכטער, האָט זיך ניט געלאָזט טרייסטן:

— ס׳איז דער סוף פון ציוויליזאַציע — פלעגט זי קורץ זאָגן — און מיר זיינען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג...

אַזוי זיינען מיר דאָרט געווען אַרום אַ וואָך צייט, און ביסלעכווייז זיך גענומען צוגעוואוינען צום גיהינום אין וועלכן מיר האָבן דאַן גע־לעבט. איינמאָל ביינאַכט, ווען מיר זיינען אַלע געלעגן אויף אונדזערע געלעגערס און געשלאָפן, האָבן מיר פלוצלונג דערהערט אַ קראַך ווי אַן ערד־ציטערניש, און באַלד האָט זיך אונדזער הויז גענומען הייבן אין דער לופטן. עס האָבן אָנגעהויבן פאַלן ווענט, קראַכן פענצטער. די חורבה האָט זיך גענומען צינדן מיט פייער. מען האָט געהערט פאַרצווייפלטע אויסגעשרייען פון די איינוואוינער, געשרייען, וואָס האָבן געשפּאָלטן די הימלען: „טאַטע! מאַמע! אַננאַ! לייבעלע! וואו ביסטו?״ און איבער אַלץ האָט געהילכט דעם פעטערס קול: „אַלע אַרויס אין גאַס!״

מען איז געלאָפן אין די נאַכט־קליידער אין גאַס אַרויס. אין דרויסן האָבן מיר ערשט געזען, ווי דאָס הויז איז איין שטיק ברענענדיקע חורבה, אָבער שטיין אויף איין אָרט איז געווען געפערלעך, ווייל היטלערס עראָ־פּלאַנען האָבן נאָך אַלץ געהאָגלט מיט טויט פון אויבן. זיינען מיר גע־לאָפן ווייטער. איך און מיין לייבעלע, וועלכער האָט הויך געוויינט. די מאַמע, אַ צעקלאַפּטע פון וואונדן, מיט דער מומע רייזעלע. עס איז געווען פינצטער, בלויז פייערן האָבן אונדז באַלויכטן דעם וועג. עס זיינען געלאָפן אַ סך מענטשן. אין דער מוראדיקער נאַכט האָט אויסגעקוקט ווי מען וואָלט פון ערגעץ אַרויסגעיאָגט אַ סטאַדע שאָף און מען האַלט זיי אין איין טרייבן פון איין שלאַכט־הויז צום אַנדערן,

און די געקוילעטע און ניט־דערקוילעטע לויפן איבער די וועגן און רעוועך... נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך אין דער לופטן דורכגע־שניטן אַן אויסגעשריי: „שמע ישראל!", און ס'האָט דערמאָנט, אַז דאָס וואָגלען אַזוי אידן און ניט קיין שאָף.

מיר זיינען אַזוי געלאָפן אָן אַ ציל און אָן אַ פּלאַן, ביז מיר זיינען אַריין אין אַ זייטיק געסל. עס האָט דאָרטן אויסגעקוקט צו זיין שטיל. מיר האָבן אָנגעקלאַפּט אין אַ פרעמדער טיר. גוטע מענטשן האָבן אונדז אַריינגענומען. מיר זיינען אָבער געווען אומרואיק און פאַרצווייפלט, צוליב דעם, וואָס דער פעטער מיט דער טאָכטער זיינען מיט אונדז ניט געווען, האָבן מיר ניט געוואוסט צי זיינען זיי אַוועק אין אַן אַנ־דער ריכטונג, צי חלילה פאַרבליבן אין דער ברענענדיקער חורבה. איך האָב אָבער געדענקט, אַז דער פעטער נחמן איז געווען אין גאַס.

אַ גאַנצע נאַכט וואַך האָבן מיר זיך געטרייסט איינער דעם אַנדערן... נאָר ווען עס האָט גענומען טאָגן און דאָס קראַכן פון די עראָפּלאַנען איז שטיל געוואָרן, זיינען מיר צוריקגעלאָפן צו דעם פּלאַץ, וואָס איז אַמאָל געווען אונדזער הויז... און דאָרט געטראָפן דעם פעטער אַרומלויפן פאַרצווייפלט. ווען ער האָט אונדז דערזען, האָט ער זיך זייער דערפרייט און גלייך געפרעגט, צי אַננאַ איז מיט אונדז. און אַז מיר האָבן אים געזאָגט, אַז מיר האָבן געמיינט, אַז זי געפינט זיך מיט אים. אַ שוידער האָט אונדז אַלעמען אַרומגענומען. פונדעסט־וועגן האָבן מיר נאָך אַלץ געהאָפט, אַז אפשר געפינט זי זיך ערגעץ אַ געזונטע, אַ לעבעדיקע, דערווייל זיינען מיר אַלע אַרומגעלאָפן און געפרעגט, געזוכט... מען האָט פון דער איינגעפאַלענער ברענענדיקער חורבה אַרויסגעשלעפּט טויטע און פאַרוואונדעטע. צווישן די שווער־פאַרוואונדעטע האָבן מיר דערקענט אַננאַן. זי האָט נאָך געאָטעמט, האָבן מיר איר גלייך אַוועקגעפירט אין אַ שפּיטאָל, וואָס איז געווען איבער־געפּאַקט מיט שווער־פאַרוואונדעטע און שטאַרבנדיקע מענטשן.

צוויי טעג האָט זי געשוועבט צווישן לעבן און טויט, און נאָך אַ שווערן ראַנגלען זיך פון איבערמענטשלעכע יסורים, האָט זי אויף איי־ביק פאַרשלאָסן אירע ליכטיקע אויגן.

פון דער טראַגעדיע איז די מומע רייזל אינגאַנצן געוואָרן ווי צע־מישט. אויף דער לוויה איז זי נאָכגעגאַנגען דעם אָרון און הויך גע־

שריען, אַז די דייטשן האָבן דערהרגעט איר איין־און־איינציקע טאָכטער; צוגענומען ביי איר דאָס ליכט פון די אויגן. האָט דער פעטער זיך ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל אַזוי ניט ריידן, מען טאָר ניט... אָבער אין איר פאַרצווייפלונג האָט זי גאָרנישט געהערט, אַחוץ דעם געיאָמער פון איר נשמה, האָט זי אַלץ העכער געשריען, אַז היטלער האָט געקוילעט איר קינד.

דער מומעס מוראדיקע געשרייען האָבן אפנים צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דייטשע אַגענטן, וועלכע זיינען שוין דאַן פול געווען אין יעדן ווינקעלע פון וואַרשע. ווייל מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער, ווען די נאַציס האָבן איינגענומען וואַרשע, האָט די געסטאַפּאָ אויפגעזוכט מיין פעטער און צוזאַמען מיט דער מומען זיי גלייך אַרעסטירט.

פאַר באַליידיקן דעם „פירער" האָט מען דעם פעטער פאַרמשפּט צו שטאַרבן אויף דער תליה. מען האָט אים אויפגעהאַנגען אין מיטן גאַס און די מומע רייזל האָט געמוזט דערביי שטיין און פּאַטשן מיט די הענט...

באַלד נאָכן פעטערס טויט איז די מומע רייזל אויף אַן אמת געוואָרן געווירט פון זינען. זי האָט גענומען לויפן איבער די גאַסן און פרעגן יעדן, צי מ'האָט ניט ערגעץ געזען איר מאַן און איר טעכטערל אננא. נאָר אין גאַס איז זי ניט געגאַנגען אַליין. איר שוועסטער, מיין מאַמע, גייט איר אַלעמאָל נאָך און האַלט אויף איר אַ וואַכזאַם אויג, און דערפאַר האָט זי ניט געוואָלט הערן וועגן ראַטעווען זיך אַהער קיין אַמעריקע.

— ווי אַזוי קאָן איך איר דאָ איבערלאָזן? — האָט די מאַמע געטענהט — און וועמען האָב איך אין אַמעריקע, אַחוץ איין שוועסטער, און דאָ — איז זי אַרויס מיט איר אַלטער טענה — האָב איך דאָך אַ חוץ רייזעלען טאַטע־מאַמע, מיין מאַן און מיינע צוויי קינדער.

— אָבער, מאַמע, — פלעג איך איר זאָגן — זיי זיינען דאָך שוין אַלע טויט.

— ניט פאַר מיר, מיין קינד. אַז עס קומט זייערס אַ יאָרצייט, אָדער ראש־חודש אלול, גיי איך צו זיי אויף קבר־אבות און רעד זיך דורך מיט זיי, און איבער הונדערט יאָר, ווייל איך, אַז מיינע ביינער זאָלן רוען צוזאַמען מיט זייערע. איך בין שוין אַלט. איך פיל ווי איך

וואָלט שוין דערשלעפּט מיינע לעצטע יאָרן . . . איצט אַמעריקע גאָר! פאַר דיר מיט דיין קליין אינגל איז דאָס גאָלדענע לאַנד, ווייל איר זייט נאָך יונג און איר דאַרפט זיך בויען אַ ניי לעבן, און איך וועל שטאַרבן גליקלעך, אַז איך וועל וויסן, אַז אייך איז כּאַטש גוט.

איצט פאַרשטייט איר שוין, פאַרוואָס מיין מאַמע האָט ניט געוואָלט קומען אַהער?

זי האָט פאַרענדיקט דערציילן און איז געבליבן זיצן שטיל. מיט אַמאָל האָט זי אויפגעציטערט מיט איר גאַנצן קערפּער און האָט אויס־געבראָכן אין אַ ספּאַזמאַטישן געוויין.

האָבן באָריס און מערי באַשלאָסן, אַז עפּעס מוזן זיי טאָן פאַר דער יונגער פרוי, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איר צוריקברענגען איר גלייכ־געוויכט און איר אָוועקנעמען פון דער מרה־שחורה, וואָס פלעגט איר אַזוי אָפּט באַפאַלן. קודם־כּל האָבן זיי באַשלאָסן, אַז זי זאָל לערנען ענגליש. זיי האָבן אָנגעשטעלט אַ לערער, וועלכער זאָל קומען דריי מאָל אַ וואָך און איר געבן לעקציעס. חנהלע האָט מיט גרויס זשעד־נעקייט געלערנט די שפּראַך. דאָס ביסל, וואָס זי האָט נאָך געקענט פון דער היים, איז איר דאָ זייער גוט צונוץ געקומען. דער לערער האָט זיך גאָרניט געקענט גענוג אָפּלויבן פון זיין פלייסיקער שילערין.

חנהלע האָט איצט געהאָט איין גרויסן ציל אין לעבן: אויסלערנען די ענגלישע שפּראַך און ווערן אַ נוצלעכער מענטש. זי האָט זיך פאַר־טרויט פאַר דער מומען, אַז זי וואָלט גערן געוואָלט אַרבעטן און ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש. מערין איז דאָס זייער ניט געווען צום האַרצן, ווייל חנהלען האָט גאָרנישט געפעלט ביי זיי. פונדעסטוועגן האָט זי זיך דורכגערעדט מיט איר מאַן, אָבער ער האָט נישט איינגעזען קיין שום שלעכטס אין דעם.

— פאַרקערט,—האָט באָריס געזאָגט,—עס וואָלט איר געמאַכט פאַר־געסן אָן דעם שרעקלעכן קאָשמאַר, וואָס זי זעט אַלע מאָל פאַר אירע אויגן. עס וואָלט גוט געווען, ווען זי וואָלט זיך געקאָנט פאַרנעמען מיט עפּעס אַ באַשעפטיקונג.

דערווייל זיינען געלאָפן טעג און פון טעג זיינען געוואָרן וואָכן. חנהלעס נאָמען האָט מערי פאַרענגלישט אויף העניע. זי האָט

מיט איר אָפּט גערעדט אויף ענגליש און איז געווען שטאַרק צופרידן פון דעם פאָרשריט, וואָס זי האָט געמאַכט.

חנהלע האָט אויסגעקוקט אַ סך בעסער. זי האָט זיך איצט גע־האַלטן אַסך מונטערער, כאָטש פון צייט־צו־צייט פלעגט זי נאָך אַלץ פאַר־זונקען ווערן אין אַ טיפער מרה־שחורה. ווען מערי פלעגט איר זען אין אַזאַ צושטאַנד, האָט זי שוין געוואוסט מיט וואָס פאַראַ מיטל זי קאָן איר מאַכן שמייכלען. עס איז גענוג געווען צו זאָגן, אַז זי וועט פאַר איר איינגיכן קריגן באַשעפטיקונג אין אַן אָפּיס, און דאָס האָט איר גלייך אויפגעמונטערט. חנהלע איז מיידלוויז געווען אַ בוכהאַלטערין אין אַ וואַרשעווער געשעפט. זי האָט שטאַרק ליב געהאַט איר אַרבעט. זי האָט נאָר מורא געהאַט, אַז מיט דער ענגלישער שפּראַך איז זי ווייט ניט פּערפעקט, און דאָס פלעגט אויף איר אָניאָגן אַן אומעט. האָט איר דאַן די מומע געטרייסט און געזאָגט, אַז זי וועט ריידן מיט באָריסן. אפשר וואָלט ער פאַר איר געקאָנט געפינען עפּעס אַן אַרבעט ביי זיך אין אָפּיס.

אָט דאָס האָט חנהלען זייער דערפרייט, און פון דעמאָלט־אָן האָט זי יעדן טאָג געפרעגט ביי דער מומען צי זי האָט שוין גערעדט מיטן פעטער.

ענדלעך האָט מערי געפרעגט ביי איר מאַן צי קאָן מען ניט גע־פינען פאַר העניען עפּעס אַן אַרבעט ביי אים אין אָפּיס.

— וואָס עס זאָל ניט זיין! — האָט מערי צוגעגעבן.

האָט זיך באָריס אַ כאַפּ געטאָן און אַליין ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס איז אים ניט איינגעפאַלן ביז איצט:

— אַוודאי קאָן ער געפינען עפּעס אַן אַרבעט פאַר איר. עס אַר־בעטן אַזוי פיל מענטשן, וועט זיין נאָך אַ מענטש.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז קומענדיקן מאָנטיק זאָל זי אָנהויבן אַרבעטן.

ווען זיי האָבן די גוטע בשורה אָנגעזאָגט העניען, האָט זי זיך אַזוי דערפרייט, אַז זי האָט זיך אַזש צעטאַנצט און אָנגעהויבן צו פּאַטשן מיט די הענט, ווי אַ קליין מיידעלע, ווען מען ברענגט איר אַ נייע צאַצקע.

צום ערשטן מאָל זינט חנהלע איז אין זייער היים, האָבן זיי איר געזען אַזאַ פריילעכע.

אַז העניע קומט אַהיים פון אָפיס, גיט זי אַ פלי אַריין אין הויז ווי אַ שטיפעריש ווינטל, און אַלעמאָל האָט זי עפעס אַן אינטערעסאַנטע זאַך צו דערציילן, וואָס עס האָט זיך דורכן טאָג פאַרלאָפן. זי כאַפּט־אויף זאַכן און קאָן דאָס איבערגעבן לויט אירע שטימונגען.

פון די קליענטן, וואָס קומען צו באַריסן אויספּאַקן זייערע פעקלעך צרות, כאַפּט העניע אַלץ איבער און דערציילט עס שפעטער אויף איר אייגענעם שטייגער. מערי און באַריס האָבן דערפון שטאַרק הנאה.

מיט אַ באַזונדערן דרך־ארץ רעדט זי וועגן איר אָנקל. זי באַוואונדערט זיין קלוגשאַפט. זי דערציילט מערין וויפיל מענטשן עס קומען דורכן טאָג אין אָפיס צום אָנקל. יעדער קומט מיט זיינע פּראָבלעמען. באַריס שטעלט פראַגעס, גיט עצות — אַן אמתער שלמה המלך.

אין די דריי חדשים, וואָס העניע אַרבעט ביי דעם אָנקל אין אָפיס איז איר גאָרניט צו דערקענען. זי האָט זיך אויפגעהערט שרעקן פאַר מענטשן. זי פילט פרייער און זיכערער, און ווען זי גייט איצט צו צום פענצטער פון איר וואוינונג און קוקט־אַרויס אויפן האָדסאָן, שרעקט זי זיך ניט מער פאַר די שיפן, וואָס פלעגן איר דערמאָנען אַן אָפּגרונט, וואו אַזוי פיל יונגע סאָלדאַטן האָבן זייער קבר געפונען . . . זי טראַכט איצט, אַז די זעלבע שיפן וועלן אויסקעמפן די פרייהייט און וועלן אַלע פאַרוואָגלטע מענטשן פירן צו אַ זיכערן און פרידלעכן ברעג.

מיט דער גרעסטער שפּאַנונג פלעגט זי וואַרטן אויף יענע טעג, ווען איר אָנקל פלעגט איר מיטנעמען אין געריכט. דאָרט פלעגט זי ערשט זען מיט וואָס פאַר אַ קענטעניש ער פירט אַ פּראָצעס. ווען עס האָט אויסגעזען, אַז דער אָנגעקלאָגטער איז שוין כמעט אַ פאַרמשפּטער, און לויט דער אָנקלאַגע, וואָס דער דיסטריקט־אַטוירני האָט אויפגעבויט, דאַרף דער אָנגעקלאָגטער פאַרברענגען זיין גאַנץ לעבן הינטער גראַטעס, דאַן ערשט האָט באַריס מענעסאַן באַוויזן קלאָר און דייטלעך ווי פאַלש עס זיינען די באַווייזן, און די „שטאַרקע באַווייזן" פלעגן זיך צעפאַלן ווי זייפן־בלאָזן.

נאָך אַזאַ טאָג אין געריכט, אַז חנהלע פלעגט אַהיים קומען אַ צעשטראָלטע, באַגייסטערטע און דערציילן דער מומען, וואָס עס איז פאָרגעקומען יענעם טאָג אין דעם געריכט, פלעגט זי פאַרענדיקן דערמיט, אַז

אַזאַ קאָפּ־מענטש, ווי עס איז איר אָנקל באַריס מענעסאָן, איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ.

אין אָנהויב האָט איר מערי אויסגעהערט און געשמייכלט, נאָר שפּעטער האָט זי גענומען פילן אַביסל פּריקרע פון העניעס באַגייסטערטע אויסברוכן. עס האָט איר פאַרדראָסן פאַרוואָס זי באַמערקט גאָרנישט אירע גוטע מעלות; פאַרוואָס זי זעט ניט ווי פיין זי דערציט איר קינד, ווי גוט, ווי שיין זי פירט איר ווירטשאַפט און ווי קלוג זי באַנעמט זיך מיט מענטשן?

אַלץ איז אָנקל באַריס! און ווידער אַמאָל אָנקל באַריס!

און דאָ האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן אין איר צעטומלטן קאָפּ. זי האָט זיך דערפון שטאַרק דערשראָקן.

„צי איז זי ניט אַמאָל צופיל באַגייסטערט פאַר אים?! אפשר?! האַ?!"

פון אָט דעם געדאַנק איז איר קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים. זי האָט געזוכט פון זיך אָפּצושטופן די פינצטערע מחשבות, נאָר מעשה־שטן, זיינען זיי געקראָכן אַלץ טיפער אין איר מוח. זי האָט זיך באַרו־איקט ערשט דאַן, ווען זי האָט באַשלאָסן צו האַלטן אַ וואַכזאַם אויג אויף ביידן...

גליקלעכע וואָכן זיינען איצט געלאָפן פאַר חנהלען. דאָס קומען אין באַרירונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט, דאָס טרעפן זיך אַלע טאָג מיט פאַרשידענע מענטשן, האָט איר אויפגעפרישט. זי האָט פלייסיק גע־אַרבעט אין אָפיס און געמאַכט פאַרשריט, און ווען זי פלעגט גלייך מיט די אַנדערע אָנגעשטעלטע קריגן איר וואָך־שכירות, האָט זי דאַן געפילט אַ באַזונדערן פאַרגעניגן, וואָס ענדלעך איז זי געוואָרן אַ ניצלעכער מענטש, כאָטש אַ קליין שרייפעלע פון דער גרויסער מאַשין, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר די „מענעסאָן לאָו קאָרפּאָריישאָן". עס איז נאָך צוגעקומען די פרייד פון דער גוטער היים, וואָס זי האָט דאָ געפונען מיט איר קינד. חנה האָט עס איצט קלאָר באַגריפן, און איז געווען דאַנקבאַר מערין און באַריסן פאַר אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַר איר געטאָן.

אויך באַריס איז געווען אַ צופרידענער. עס האָט אים הנאה געטאָן, וואָס עס האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצורייסן צוויי מענטשן פון אַ גיהינום און זיי געבן אַ היים. ער איז געווען שטאַרק

צוגעבונדן צום קינד. מיט לענין איז פול געווען דאָס הויז. ער האָט געהאַלטן אין איין האָגלען מיט פראַגעס און געפּאָדערט ענטפערס. באַריס איז אָבער קיינמאָל ניט מיד געוואָרן און אַלע מאָל געפונען אַן ענטפער אויפן קינדס משונהדיקסטע פראַגעס. ער האָט אויך שטאַרק אָנגעקוואָלן פון העניטשון (ווי ער פלעגט רופן חנהלען), ליב געהאַט צו הערן ווי זי האָט אויפגעהערט דערציילן בלויז גרוילעכע זאַכן פון אַן אומגליקלעכן לאַנד און אַלץ מער גענומען פלוידערן פון די אַמעריקאַנער וואונדער.

באַריס איז איצט אָפטער געקומען אַהיים אין צייט און ליב געהאַט זיך איינצוהערן אין אַלץ, וואָס עס קומט פאָר אין זיין ניי הויזגעזינט.

אַלע האָבן אויסגעקוקט צו זיין רואיק און גליקלעך — אַלע אַ חוץ מערי . . . געדאַנקען ווי די מחבלים האָבן זיך באַזעצט אין איר צעטומלטן מוח און איר אומברחמנותדיק געמוטשעט. זיין אַהיים קומען אין צייט און זיצן גאַנצע אָוונטן אין הויז, האָבן נאָך מער צעשפּילט מעריס קרענקלעכע פאַנטאַזיע. זי האָט מיט גרויס פאַרזיכט נאָכגעפאָלגט אַלץ, וואָס האָט זיך געדרייט אַרום חנהלעס און איר מאַנס לעבן. זי האָט, צו איר גרויסער אַנטוישונג, געזען ווי אויך העניע איז איצט אַ פריילעכערע און ווי גוט אויפגעלייגט זי ווערט ביי באַריסעס אַריינקומען.

זיי זיינען אָנגעקומען אין עסבורי פּאַרק און גענומען דאָ זוכן אַ פּאַסיקע וואוינונג. זיי האָבן דורכגעזוכט די האָטעלן און פּריוואַטע וואוינונגען און זיך אַלץ ניט געקאָנט צוקלייבן דעם ריכטיקן אַפּאַרטמענט׳. דערווייל זיינען זיי געוואָרן הונגעריק און מיד פון זוכן און האָבן באַשלאָסן אַביסל זיך אָפּצורוען. זיי זיינען אַריין אין אַ רעסטאָראַן, אָפּגעגעסן און פון דאָרטן איז מען אַריין אין אַ דערבייאיקן וועלדל און זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען.

מידע האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט און איינגעזאַפּט אין זיך די מחיהדיקע ריחות, וואָס האָבן אויף זיי געבלאָזן פון די אַרומיקע ביימער. נאָר לעני האָט ניט געקאָנט איינזיצן. ניט אַנדערש האָט ער געוואָלט ווי נאָר זיך שפּילן אין „יאַגערלעך״. ער איז געלאָפן און זיין מאַמע איז נאָכגעלאָפן און אים געפּרואווט כאַפּן. ווען זי האָט אים געכאַפּט האָט ער זיך צעשריען און מיט אַ געפילדער זיך אַרויסגעריסן פון אירע הענט און איז באַלד ווידער געלאָפן, און זי נאָך אים.

מערי מיט באַריסן האָבן זיי נאָכגעקוקט. דאָס שפּיל אין „יאָגער־לעך" איז אָנגעגאַנגען אַ קורצע ווײַלע. מיט אַמאָל האָט דאָס קינד אָנגעהויבן לויפן אַלץ האַסטיקער. חנהלע האָט געפּרואווט אים דער־יאָגן, נאָר אַזוי לויפנדיק, האָט זי זיך פּאַרטשעפּעט אָן אַ שטיין און איז געפאַלן. זי האָט דערביי אַרויסגעלאָזט אַ געשריי. באַריס, אַ דער־שראָקענער, איז צוגעלאָפן און איר געהאָלפן אויפשטיין. זי האָט זיך צעקלאַפּט אַ פּוס. פון דער וואונד האָט גערונען בלוט, האָט ער אַרויס־געכאַפּט זיין ווייס טאַשנטיכל און פאַרבונדן די וואונד. פון גרויס ווײַ־טיק האָט העניע אַזש פאַרקרימט דאָס פּנים, האָט באַריס זיך איינגע־בויגן און איר אַ קוש געטאָן אין שטערן, און דערביי אַ זאָג געטאָן, אַז מ'וואָלט געדאַרפט גיין גלייך צו אַ דאָקטאָר. מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אויף זיך מעריס בליקן. ער האָט אויף איר אַ קוק געטאָן. פייער האָט געשפּריצט פון אירע אויגן . . . עס האָט אים אַ שווידער געטאָן און ס'לשון האָט ביי אים אָפּגענומען . . . אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ רגע. פאַר זייביידע איז דאָס אָבער געווען אַ גאַנצע אייביקייט . . .

חנהלע האָט גאָרניט באַמערקט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען.

מיט אַמאָל האָט מערי אַ רעווע געטאָן:

— אַהיים פאָרן!

האָט זיך העניע גענומען בעטן, אַז צוליב איר דאַרף מען נישט אַהיים פאָרן . . .

— עס וועט איבערגיין . . . עס איז גאָרנישט . . . ס'איז נישט גע־פערלעך . . .

— ס'איז יאָ געפערלעך — האָט מערי דורכגעזייט דורך די ציין.

זי האָט זיך געלאָזט לויפן אין דער ריכטונג, וואו עס איז געשטאַ־נען זייער אויטאָמאָביל.

באַריס איז נאָך אַלץ געווען צעטומלט:

— צי מיינט זי ניט, אַז ער און העניע . . . ?

זיין פּנים האָט זיך אַ קרום געטאָן. ס'איז שווער געווען צו זאָגן, צי קלייבט ער זיך לאַכן אָדער וויינען . . . מיטאַמאָל איז פון אים אַרויס עפּעס אַ משונהדיק געלעכטערל פון וועלכן העניע האָט זיך דערשראָקן.

— וואָס איז, אָנקל באַריס? — האָט זי געפרעגט צעטומלט.

— האַ, די מומע . . . — האָט ער אַרויסגעשטאַמלט.

— וואָס, די מומע ?

ער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן :

— אָ, דיין מומע האָט זיך מסתמא דערשראָקן איבער דיר, מוזן מיר גלייך פאָרן צום דאָקטאָר, כדי זי צו באַרואיקן... איך מיין, כדי דיך צו היילן . . . — האָט ער זיך געפּלאָנטערט אין זיינע רייד.

העניע האָט גענומען דאָס קינד און איז אים נאָכגעגאַנגען צום וועג, וואו עס האָט אויף זיי געוואַרט מערי מיטן אויטאָמאָביל.

אויפן וועג אַהיים האָט מערי געזאָגט, אַז זי האָט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק, און אַז העניע זאָל אַליין אַריינגיין צו זייער הויז־דאָקטער. האָט זיך באָריס אָנגערופן, אַז ער וועט מיט איר גיין, און דערביי געקוקט פאַרשנדיק אויף זיין ווייב . . . אפשר האָט ער פאַרט אַ טעות ? נאָר פון דעם בליק, וואָס מערי האָט אים צוגעוואָרפן, איז אים קלאָר גע־וואָרן, אַז ער מאַכט דאָ ניט קיין טעות... יאָ, עס איז געווען דער גוט־באַקאַנטער בליק, וואָס פלעגט אים טרייבן פון הויז . . .

העניע האָט זיך אַריינגעמישט, אַז אויב די טאַנטע מערי האָט אַ קאָפּווייטיק, זאָל דער אָנקל מיט איר פאָרן אַהיים . . . און זי וועט שוין אַליין אַריינגיין צום דאָקטער, זאָל מען זיך בלויז אָפּשטעלן מיט דעם אָטאָ לעבן דאָקטער בוקשטיינס אָפיס.

מען איז געפאָרן שווייגנדיק, און ווען דער אויטאָמאָביל איז גע־בליבן שטיין לעבן דאָקטערס אָפיס, איז העניע אַרויס פון דער קאַר און מיטגענומען מיט זיך איר קינד. קוים האָט באָריס נאָר פאַרמאַכט דאָס טירל און געלאָזט לויפן זיין אויטאָמאָביל, האָט מערי זיך צעהעשעט און אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין און גענומען האָגלען מיט ווערטער, וואָס זיינען ווי שווערע שטיינער געפאַלן אויף זיין קאָפּ. זי האָט ניט געפרעגט, נאָר באַשולדיקט . . .

יאָ, ער פירט אַ ליבע הינטער אירע פּלייצעס. און מיט וועמען ? מיט איר אייגענער שוועסטערס טאָכטער, און אָט פאַר איר האָט זי דאָס אַזוי אָוועקגעלייגט דאָס לעבן ? ! אַ שיינעם דאַנק קריגט זי איצט...

האָט איר באָריס געענטפערט, אַז ניט אַנדערש ווי זי איז אַראָפּ פון זינען, און זי זאָל אויפהערן זיך איינריידן נאַרישקייטן, ווייל אַזאַ געדאַנק האָט זיך אים ניט געחלומט אפילו אין די ווילדסטע חלומות.

נאָר וואָס מער באָריס האָט איר געזוכט צו איבערצייגן ווי אומ־

גערעכט זי איז צו זיי, אַלץ מער האָט זיך מערי צעקאָכט, און אים גע־שליידערט איין באַשולדיקונג נאָך דער צווייטער גלייך אין פּנים אַריין.

ניין, זי רעדט ניט פון היץ . . . שוין חדשים, אַז זי קוקט זיי נאָך... זי קוקט און זעט, אַז ער איז געוואָרן גאָר אַן אַנדערער מענטש זינט זי איז געקומען צופאָרן... אַ הויז־זיצער געוואָרן . . . זי זעט, ווי פאַר־ליבט ער קוקט אויף איר . . . אפילו אַ בלינדער קען דאָך זען מיט וואָס פאַר אַ ליבע ער קוקט איר אַריין אין די אויגן... און צי האָט זי ניט געזען, ווי ער האָט איר געקושט ? זאָל ער נאָר נישט פאַררײדן די ציין מיט זיינע לאָיערשע דריידלעך . . . נישקשה, זי איז אַ מבין אויף אַ טשאַד . . .

האָט ער זיך מער ניט געפּרואווט פאַרענטפערן. צו טיף האָט ער גע־פילט די באַליידיקונג, איז ער אַריין מיט איר אין הויז און מער ניט געענטפערט אויף אירע באַשולדיקונגען. זיין שווייגן האָט איר נאָך מער צערייצט. זי האָט דאָס אָנגענומען פאַר אַ צייכן, אַז ער פילט זיך שולדיק . . . האָט מערי זיך ערשט אויף דאָס ניי צעשריגן און אים גע־נומען אויפוואַרפן לאַנג־פאַרגעסענע חטאים . . . באַריס האָט דערפילט אַזאַ כעס, אַז הענט און פיס האָבן אים גענומען ציטערן... ער האָט גע־פילט ווי צוצולויפן צו זיין ווייב, איינקלאַמערן זיינע פינגער אין איר האַלז און זי שטיקן ביז זי וועט בלייבן שטיל... ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם געדאַנק און האָט זיך האַסטיק אַ שטעל געטאָן און אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער טיר און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

עס איז אָנגעקומען העניע מיטן קינד פון דאָקטער און געזאָגט דער מומען, אַז די וואונד איז אַ לייכטע און זי וועט זיך באַלד פאַרהיילן. זי האָט דערביי באַמערקט, אַז מערי איז אויפגערעגט, האָט זי איר געפרעגט, צי זי פילט שוין בעסער אויפן קאָפּווייטיק ?

— נישט בעסער . . . — האָט מערי אויסגעברומט.

האָט העניע גלאַט אַזוי אַ פרעג געטאָן :

— און וואו איז ערגעץ דער אָנקל ?

האָט זיך מערי צעשריגן, ווי ניט מיט איר קול :

— זאָרג זיך ניט . . . ער איז חלילה נישט אַוועקגעקומען . . . ער וועט זיך אָפּזוכן...

איז חנהלע דאָן געוואָרן שטאַרק צעטומלט און נישט געקענט פאַר־

שטיין דער מומעס אויסברוך: זי האָט איר נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזוי אויפגערעגט. ניט אַנדערש ווי זיי האָבן זיך איבער עפּעס שטאַרק צעווערטלט, איז בעסער, אַז זי זאָל איצט ביי דער מומען גאָרנישט פרעגן און איר לאָזן אַליין ביז עס וועט איר איבערגיין דער כעס.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. העניע האָט אַליין געמאַכט עסן פאַרן קינד. די דינסט האָט היינט געהאַט איר טאָג „אָף". העניע האָט אים אָנגעהאָדעוועט און אים געלייגט שלאָפן. דאַן האָט זי געמאַכט עסן פאַר זיך און פאַר דער מומען. זי איז אַריין צו מערין און איר גע־טראָפן ליגן אין בעט אַ פאַרוויינטע און זי האָט איר געפרעגט ווי זי פילט איצט, און צי זי וואָלט ניט געוואָלט עסן מיט איר צוזאַמען? האָט יענע בלויז געענטפערט: „לאָז מיך צורו!"

האָט זי אַליין אָפגעגעסן און איז אַריין צו זיך אין צימער, זיך אַביסל צוגעהערט צו דער ראַדיאָ, דאַן האָט זי זיך אויסגעטאָן און גע־לייגט אין בעט אַריין, און, ווי איר געוואוינהייט איז געווען, גענומען עפּעס לייענען.

היינט האָט זי געלייענט דזשעק לאָנדאָנס „דהי קאָל אָוו דהי ווייל־ד", און עס האָט איר הנאה געטאָן, וואָס זי קען לייענען דעם שרייבער אין אָריגינאַל, און דאַרף מער נישט אָנקומען צו אַן איבערזעצונג, און טאָמער האָט זי נישט פאַרשטאַנען עפּעס אַ שווער ענגליש וואָרט, האָט זי גע־האַלטן לעבן זיך אַ ווערטערבוך און פון דאָרטן אַרויסגעקראָגן דעם ריכ־טיקן טייטש. זי האָט אַזוי לאַנג געלייענט ביז די אויגן־דעקלעך האָבן זיך גענומען ביי איר קלעפּן, האָט זי אַ צי געטאָן דאָס עלעקטרישע לעמפּל. עס איז געוואָרן פינצטער און זי איז באַלד געשמאַק איינגע־שלאָפן, נישט וויסנדיק, אַז אַ שוואַרצער וואָלקן האָט זיך פאַרצויגן איבער דעם הויז, וואו זי האָט געפונען איר רואיקע היים.

זינט יענעם זונטיג אין עסבורי פאַרק זיינען שוין אַוועק פיר וואָכן. פאַר מערין זיינען דאָס געווען וואָכן פון שווערע ליידן. עפּעס אַן אומ־זעבאַרער כוח האָט זיך באַזעצט אין איר צעטומלטן מוח און געריסן שטיקער ווי פון אַ שטורעם. איינגעהאַלטענע געפילן פון פאַרדאַכט האָבן איר געשטיקט, האָט זי זיי געוואָלט לאָזן לויפן פריי, און מורא

געהאַט . . . מיט איר מאַן האָט זי איצט זייער ווייניק גערעדט. אויף זומער־וואַקאַציע איז זי נישט געפאָרן. זיי פלעגן אַלע צוזאַמען אַוועק־פאָרן פאַר „וויק־ענדס". אין די אָוונטן פלעגט באָריס אַהיימקומען אַלץ זעלטענער. ער האָט צוריק אָנגעפאַנגען זיך צו פאַרנעמען מיט מיטינ־גען, מיט לעקציעס און פאָליטיק. אָפט פלעגט ער קומען אַהיים ווען אין דרויסן האָט שוין געגומען טאָגן.

העניע, דערפילנדיק די אָנגעצויגענע שטימונג, פלעגט אָפטער גיין אין די מואוויס און אַמאָל אויף אַ שפּאַציר. גאַנץ אָפט איז זי אויך אַוועק צו לאַנדסלייט, און דאַן איז מערי געווען זיכער, אַז דאָס טרעפן זיי זיך ערגעץ . . . און עס האָט איר פאַרדראָסן ביז ווייטיק, פאַר־וואָס זיי מאַכן זיך אַזוי טאַמעוואַטע . . . און איינמאָל האָט זי באַ־שלאָסן אַרונטערצופאָרן אין אָפיס.

— כ'וויס, — האָט זי געטראַכט, — אפשר וועט זי דאָרט עפּעס אויסגעפינען . . .

ווען זי איז געקומען אַהין איז געווען מיטיק־צייט. די מערסטע אָנגעשטעלטע און אויך איר מאַן און העניאַ זיינען דאָרט נישט געווען. האָט איר איינער פון די אָנגעשטעלטע געזאָגט, אַז עס קאָן זיין, אַז מר. מענעסאָן געפינט זיך אין ראָטגענס רעסטאָראַציע, וואָס איז טאַקע אין דער זעלבער גאַס. איז זי אַהין אַריין, און צו איר גרויסער איבעררא־שונג דאָרטן אויך געפונען העניאַן. צוזאַמען מיט באָריסן איז זי גע־זעסן און געווען פאַרטיפט אין עפּעס אַ געשפּרעך. אויסגעקוקט האָבן זיי זייער צופרידן. באָריס האָט איר עפּעס דערציילט, פון וואָס העניאַ האָט געהאַט שטאַרק הנאה און הויך געלאַכט.

מערי איז צוגעגאַנגען צו זייער טישל. זיי האָבן זיך שטאַרק פאַר־וואונדערט פון איר פּלוצלינגדיקן באַזוך. זי האָט זיי געזאָגט, אַז זי האָט געדאַרפט זיין אין דער נאָכבאַרשאַפט, האָט זי שוין אין איין וועגס אָפּגעשטאַט אַ וויזיט . . . העניע האָט אויסגעקוקט צו זיין צופרידן. זי האָט זיך אָפּגערוקט אָן אַ זייט און געבעטן מערין זיצן, זיך אויסגע־פרעגט אויפן קינד און אויף פאַרשיידענע קלייניקייטן. נאָר באָריס איז געבליבן זיצן אַן אומעטיקער און האָט קיין וואָרט נישט אַרויסגע־רעדט. ער האָט גוט פאַרשטאַנען זיין פּרויס „וויזיט", און עס האָט אים ווײ געטאָן ביזן בייך, צו וואָס זי האָט זיך דאָס דערטראכט! אַזש

אין אָפּיס געקומען אויסזוכן אויף אים די זינד, וועלכע ער איז קיינמאָל נישט באַגאַנגען.

— פאַרוואָס ביזטו געבליבן זיצן אַזוי אומעטיק? — האָט אים מערי געפרעגט מיט אַ שטאָך, און גלייך האָט זי צוגעגעבן שטיל, ווי זי וואָלט אים געטרייסט, — איך וועל באַלד אַוועקגיין...

אויפן וועג אַהיים האָט זי געהאַלטן אין איין טראַכטן, וואָס ווייטער צו טאָן. עס איז שוין איצט ביי איר נישט געבליבן קיין שום צווייפל, אַז איר מאַן שפּילט אַ ליבע הינטער אירע פּלייצעס...

„ווי דערשראָקן ער איז דאָס געוואָרן, ווען ער האָט איר דערזען!... גוואַלד, וואָס טוט מען? זי קאָן דאָס אַזוי ווייטער נישט לאָזן גיין!... גוט וואָלט געווען, ווען העניאַ זוכט זיך אָפּ עמיצן און האָט חתונה".

און דאָ האָט זי זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז זי האָט אַ ווייטן קרוב, אַן אַלמן מיט צוויי קינדער.

— עס וואָלט פאַר איר געווען אַ גוטער שידוך, — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט ווי אַ טרינקענדיקער אָן אַ שטרוי.

— אמת, ער איז נישט קיין גרויסער קראַסאַוועץ, ער איז אָבער אַ שטילער מענטש, און האָט אַן אייגן גרויס זייד־געשעפט, אַ פאַרמעגלעכער מענטש, און דערצו זייער אַ גוטער... עס וואָלט פאַר איר געווען אַ גליק־שידוך, — האָט זיך מערי אַלץ מער צעצונדן פון דעם איינפאַל. זי האָט באַשלאָסן נאָך היינט צו רעדן וועגן דעם מיט העניאַ

— אויב עס ליגט איר נישט אין זין אַן אַנדערער, וואָלט זי זיך געדאַרפט אָן דעם אָנכאַפּן מיטביידע הענט... אַ גרין ווייבל מיט אַ קינד... יאָ, היינט אָוונט, ווען זיי וועלן פאַרבלייבן אַליין, וועט זי זיך דורכרעדן מיט איר וועגן דעם. זי וועט איר דערציילן פון וואָס פאַר אַ יחוס ער שטאַמט אַרויס... יענער לאָזט זיך גאָרנישט רעדן קיין שידוך, ווייל ער גלויבט נישט די אַמעריקאַנער ווייבלעך... זי קאָן זיך פאַרלאָזן אויף איר מומען, אַז זי מיינט איר טובה... זי וועט זיכער איינגיין אויף דעם שידוך, — ווערט זי זיכער ביי זיך...

פון דעם געדאַנק ווערט איר גרינגער אויפן האַרצן, און זי וואַרט מיט אומגעדולד אויף העניעס אַהיימקומען.

עס איז 9 אַזייגער אין אָוונט. ביי די מענעסאָנס אין הויז איז שטיל. באָריס איז ביי אַ קאָנפערענץ. דאָס קינד שלאָפט. די דינסט איז ער־

געץ אַוועקגעגאַנגען. אויך חנהלע האָט געוואָלט אַוועקגיין פון הויז, האָט איר מערי געבעטן פאַרבלייבן, ווייל זי דאַרף איר עפּעס זאָגן; זי דאַרף מיט איר רעדן וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין. איז העניע פאַר־בליבן אין דער היים און געוואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם, וואָס די מומע דאַרף איר זאָגן. מערי האָט פאַר איר אויסגעלייגט אַ גאַנצן פּלאַן וועגן מר. קליינמאַן און פאַרענדיקט האָט זי, אַז דאָס איז פאַר איר ממש אַ גליק־שידוך. חנהלע האָט איר אויסגעהערט און געשמייכלט, איר באַ־דאַנקט און געענטפערט, אַז זי האַלט נאָך דערווייל ניט ביי קיין שידוך.

האָט מערי געוואָלט וויסן פאַרוואָס.

— ווייל, ערשטנס, האָב איך נאָך נישט פאַרגעסן מיין מאַן, וועלכן כ׳האָב שטאַרק ליב געהאַט; צווייטנס, הייב איך מיך ערשט אָן אויס־צוגרינען, ווי איר רופט עס.

— אַז עס מאַכט זיך אַ גוטער שידוך, דאַרף מען דאָס נישט לאָזן גיין. פאַרגעס נישט, אַז דו ביזט שוין נישט קיין יונג מיידעלע, נאָר אַ ווייבל מיט אַ קינד . . . — איז מערי צו איר צוגעשטאַנען.

— פונדעסטוועגן האָב איך נאָך צייט. און, מומע טייערע, איך וועל מיר שוין אַליין אויסזוכן אַ שידוך, דערווייל האַלט איך נישט דער־ביי . . .

— מיינסט מיר צו זאָגן, אַז דו וואָלסט גאָר קיינמאָל נישט וועלן חתונה האָבן? — האָט מערי ווייטער געפרעגט.

— כ׳ווייס, אפשר ווען כ׳וואָלט מיך פאַרליבט.

— אין וואָס פאַר אַ טיפּ מאַן אַ שטייגער וואָלסטו זיך געקענט פאַר־ליבן?

— כ׳ווייס, איך טראַכט דערווייל נישט דערפון.

— פונדעסטוועגן . . . האַ? — האָט מערי אַלץ נישט אָפּגעלאָזט.

האָט זי דאַן האַלב אין שפּאַס און האַלב אין ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— אָט אין אַזאַ מאַן ווי אָנקל באָריס.

— אָט דאָס איז עס! — האָט מערי אויסגעשריגן ווי נישט מיט איר קול.

— וואָס מיינסטו, טאַנטע? איך פאַרשטיי נישט!

— איך מיין, — האָט מערי געלאָזט אָפּן און פריי איר איינגע־האַלטענעם שטראָם מיט געפילן, — איך מיין, אַז ווען דו וואָלסט נישט

געווען פֿאַרליבט אין אַנקל באַריס, וואָלסטו חתונה געהאַט מיט מר. קליינמאַנען און געקאָנט זיין גליקלעך און מיר וואָלסטו נישט פֿאַר־שטערט מיין לעבן . . .

איז חנהלע געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט נישט געקאָנט כאַפּן דעם ריכטיקן געדאַנק פֿון די ווערטער, און האָט איר איבערגעפּרעגט, צי מאַכט זי פֿון איר חוזק, אָדער זי איז חלילה אַראָפּ פֿון זינען.

מערי האָט זיך דאַן נאָך מער צעקאָכט, און מיט אויגן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט פֿייער, און מיט אַ שטימע, וואָס האָט געדונערט, האָט זי אויף איר געוואָרפֿן איין באַשולדיקונג נאָך דער אַנדערער . . .

העניע איז געבליבן זיצן שטיל, ווי אין אַ נעפּל, און געפֿילט ווי דער באָדן גליטשט זיך אַרויס פֿון אונטער אירע פֿיס. זי האָט פּרובירט עפּעס נען ס׳מויל און איר עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר מאָדנע, אומפֿאַרשטענד־לעכע ווערטער זיינען פֿון דאָרט אַרויסגעקומען. האָט איר מערי גע־זאָגט, אַז זי זאָל אויפֿהערן צו בעבען און בעסער שווייגן . . .

יענע נאַכט האָט חנהלע נישט געקאָנט איינשלאָפֿן. זי האָט זיך געוואָרפֿן פֿון איין זייט אויף דער צווייטער. אין אירע געדאַנקען איז זי צום הונדערטסטן מאָל איבערגעגאַנגען דעם געשפּרעך מיט דער מומען און צום הונדערטסטן מאָל דערפֿילט דעם ווייטיק, ווי מען וואָלט איר געשמיסן מיט רויטע פֿייערדיקע ריטער. זי האָט פּרובירט איינשלאָפֿן און נישט געקאָנט. ענדלעך האָט זי איינגעדרימלט און עס האָט זיך איר געחלומט, אַז זי געפֿינט זיך אויף אַ שטורעמדיקן ים, וואָס וואַרפֿט מיט דער שיף, ווי עס וואָלט געווען אַ קליין שפּענדל. זי הערט פֿאַרצווייפֿל־טע אויסגעשרייען. זיי זינקען . . . זי ווערט איר קבר געפֿינען אויפֿן אָפּ־גרונט פֿון ים . . . מען לאָזט אַרונטער רעטונגס־שיפֿלעך, ס׳איז נאָך דאָ אַ האָפֿענונג . . . זי האַלט זיך אָן אין אַ שיפֿל . . .

זי עפֿנט די אויגן און אָטעמט אָפּ פֿריי. עס כאַפּט איר אַרום אַ פֿרייד, וואָס דאָס איז נאָר געווען אַ חלום, אַ שרעקלעכער חלום, אַ קאָש־מאַר. עס איז גוט צו פֿילן, אַז זי געפֿינט זיך אין אַ געזיכערטער היים, אין אַ וואַרעם בעט . . . נאָר באַלד דערמאָנט זי זיך, וואָס נעכטן האָט פּאַסירט, און זי פֿילט ווי איר געזיכערטע היים נעמט זיך וואַקלען, ווי די שיף אויפֿן ים . . .

אין דרויסן האָט גענומען גרויען דער טאָג, און דער שלאָף איז אַלץ

נאָך נישט געקומען, איז זי אַראָפּ פון בעט און צוגעגאַנגען צום פענצ־טער. מיט פייכטע אויגן פון טרערן האָט זי אַרויסגעקוקט אין דרויסן, וואו אַ יונגע זון האָט גענומען אויפגיין. דער זוים פון הימל האָט זיך באַצירט מיט רויט און גאָלד פון דער אויפגייענדיקער זון, בעת אין חנהלעס האַרץ איז געווען פינצטער און ס׳האָט דאָרט געהערשט פאַר־צווייפלונג. איין זאַך האָט זי איצט באַנומען קלאָר, אַז אין דעם הויז טאָר זי מער נישט בלייבן. זי וועט נאָך היינט גיין זוכן אַ דירה. עס מיינט ווידער נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט און ווידער וואַנ־דערן. . . — מיטאַמאָל האָט זי דערהערט שטילע, איינגעהאַלטענע טריט, און באַלד האָט זי געהערט ווי עמיצער שאַרט זיך לעבן איר טיר. עס האָט זיך דערהערט אַ שטילער קלאַפּ. העניע האָט געעפנט די טיר. מערי איז אַריינגעקומען אַ בלאַסע, מיט רויט־פאַרוויינטע אויגן.

— איך האָב געוואָלט מיט דיר עפּעס רעדן — האָט זי אַרויסגע־שעפּטשעט, קוים וואָס מען האָט געהערט.

האָט זיך דאַן אַ שטראַל פון האָפענונג פאַרגנבעט ביי העניען אין האַרצן. „אפשר איז זי געקומען זיך אַנטשולדיקן ? בעטן, אַז איך זאָל איר פאַרגעבן ?״

— נו, וואָס, טאַנטע מערי, רייד !

— איך האָב ביי דיר געוואָלט בעטן, אַז אונדזער נעכטיקער גע־שפּרעך זאָל בלייבן אַ סוד. פאַרשטייסט, איך וויל נישט, אַז באָריס זאָל דערפון וויסן . . .

— אַז עס איז ניטאָ וואָס צו וויסן, איך שווער . . .

אָבער מערי האָט איר נישט געלאָזט ענדיקן :

— גענוג, בחינם דיינע רייד . . . עס טוט מיר מער ווייַ ווי דיר... דו קאָנסט דאָ ווייטער וואוינען אויב דו ווילסט. איך האָב ליב ס׳קינד ווי מיין אייגנס. דו ביזט נאָך יונג און דו וועסט נאָך געפינען דיין גליק, אָבער איך בין שוין אַלט . . . אַלט געוואָרן פאַר דער צייט . . .

זי האָט קוים איינגעהאַלטן די טרערן. זי האָט זיך געשטאַרקט און גענומען רעדן ניכטערער :

— עס וואָלט גוט געווען ווען דו געפינסט דיר ערגעץ אַן אַנדערע שטעלע . . . דו קענסט שפּראַכן און אויב דו וועסט זוכן, וועסטו געפי־נען . . . קענסט גוט פאַרדינען . . . צוויי מאָל אַזוי פיל ווי ביי מיין

מאַן . . . און טאָמער וועט דיר אַמאָל אויספעלן געלט, וועל איך דיר געבן . . .

זי האָט גערעדט האַלבע, נישט־פאַרענדיקטע זאַצן. חנהלע האָט זי גוט פאַרשטאַנען . . .

זי האָט איר צוגעזאָגט, אַז זי וועט דעם אָנקל גאָרנישט דערציילן, און זי וועט שוין זען וואָס זי האָט ווייטער צו טאָן . . .

זי האָט פיבערהאַפט גענומען זוכן אַ נייע שטעלע און אויך אַ היים פאַר איר מיטן קינד. נאָך אַ וואָך זוכן איז איר געלונגען צו קריגן אַ שטעלע אין אַן אָפיס, וואו מען האָט געדאַרפט קענען פאַרשיידענע שפּראַכן. זי האָט אָנגעפאַנגען מיט 25 דאָלער אַ וואָך, מיט אַ צוזאָג אויף מער, אויב זי וועט זיך אַרויסווייזן פאַר דער געווינטשטער פּערזאָן.

זי האָט באַשלאָסן צוזאַמען מיט אַ שטעל אויך צו בייטן איר היים, און דערמיט פּטור ווערן פון די פאַרשיידענע תירוצים, וואָס זי וואָלט געדאַרפט געבן איר אָנקל. „זאָל די מומע זאָגן וואָס זי וויל". אַ טיפן האַס האָט זי איצט דערפילט צו מערין, און וואָס מער זי האָט איר פיינט באַקומען, אַלץ טיפער איז געוואָרן איר סימפּאַטיע פאַרן אָנקל. עס איז איר מיט אַמאָל קלאָר געוואָרן פאַרוואָס ער פלעגט זיך אָפּט באַקלאָגן, אַז ער איז ווייט פון צו זיין אַ גליקלעכער מענטש . . . יאָ, איצט פאַרשטייט זי, אַז אויב מען דאַרף אָפּפינצטערן די יאָרן מיט אַ ווייב, וואָס געטרויט נישט די ליכטיקע שיין, און איז תמיד פול מיט פאַרדאַכט, קאָן מען נישט זיין גליקלעך . . . זי האָט ווייטער נישט געוואָלט טראַכטן. זי האָט איצט געהאַט איין פאַרלאַנג צו זיין וואָס ווייטער פון דעם הויז...

פאַרנומען האָט זי זיך פון דאָרטן ווען באָריס איז געווען ערגעץ אַוועקגעפאָרן. זי האָט אַרויסגענומען אירע זאַכן, איר קינד, און זיך געלאָזט אין וועג אַריין, האָט איר מערי אָפּגעשטעלט, געבעטן זי זאָל איר געבן איר אַדרעס . . . „נישט אַזוי האָט זי געוואָלט זאָל זי אַוועק פון איר הויז" . . . זי האָט זיך ביי איר געבעטן, געוויינט. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. חנהלע איז פאַרבליבן קאַלט צו אירע טרערן און איז אַוועק אָן אַ זיי־געזונט און אָן אַן אַדרעס.

ווען באָריס איז צוריקגעקומען און אויסגעפונען, אַז חנהלע מיטן קינד וואוינען מער ניט ביי זיי, איז ער געוואָרן אַזוי אויפגעטרייסלט פון

דער געשעעניש, אַז ער האָט גאָרנישט געקאָנט צו זיך קומען פון גרויס אויפרעגונג. ער האָט געשריגן מיט באַנומענע קולות, געוואָלט, אַז מערי זאָל אים זאָגן פאַרוואָס, כאָטש טיף אין האַרצן האָט ער גוט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז דער רעזולטאַט פון זיין ווייבס אייפערזוכט, האָט ער אָבער פון איר מויל געוואָלט הערן „פאַרוואָס״.

מתחילת האָט זי געלייקנט, געגעבן פאַרשיידענע תירוצים, האָט דאָס אים נאָך מער צערייצט און ער האָט נאָך מיט מער טראַציקייט גע־פאָדערט דעם אמת. האָט מערי דאַן אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין, און אים געזאָגט, אַז דעם אמת ווייסט ער בעסער פון איר . . . און צי איז ער דען נישט אַזוי בייז און צערייצט, ווייל ער איז שטאַרק פאַרליבט ? ווייל נאָך אַלעמען איז זי דאָך אים אַ פרעמדע, טאָ וואָס־זשע קאָכט ער זיך אַזוי ? און אויב עס איז יאָ געקומען דערצו, אַז זי האָט זיך געמוזט פאַרנעמען פון דאַנען, האָט ער געברענגט דערצו, און עס טוט איר מער ווייי ווי אים . . . איר בלוט און פלייש איז זי . . . זאָל עס אים נישט אַזוי וויי טאָן . . . זאָל ער זיך באַרואיקן. זי האָט זיך אָפּגעזוכט אַ גו־טע שטעלע און אַ גוטע היים פאַר זיך און פאַרן קינד. ,

ער האָט געוואָלט וויסן וואו זי וואוינט, און ווען מערי האָט אים געזאָגט, אַז זי ווייסט נישט, האָט ער איר נישט געגלויבט, און באַשלאָסן אַז ער וועט איר אַליין אויפזוכן.

עס זיינען פאַרבייגעלאָפן טעג און וואָכן. באַריס האָט געזוכט און גענישטערט און אַלץ נישט געפונען דעם ריכטיקן שפור, וואָס זאָל פירן צו העניען מיטן קינד. ער איז אַלץ זעלטענער געקומען אהיים. זיין היים איז איצט געווען פאַר אים קאַלט און פוסט. מיט מערין האָט ער כמעט נישט גערעדט. און איינמאָל אין אַ רעגנדיקן טאָג איז דאָס גע־ווען. ער איז נאָר וואָס אַרויס פון געריכט, וואו ער האָט געהאַט אַ שווערן משפט. זיין קליענט איז געווען אָנגעקלאָגט אין אַ קרימינעלן פאַרברעכן, וואָס ער איז קיינמאָל נישט באַגאַנגען. די באַווייזן זיינען אָבער געווען אַזעלכע שטאַרקע, אַז עס האָט אים געדראָט מיט לעבנס־לענגלעכער געפענגעניש. נאָר באַריס מענעסאָן האָט דאָ ווידער אָנגע־ווענדט זיין גאַנצע קלוגשאַפט און געפירט דעם משפט מיט אַזאַ גע־ניטקייט און אַזוי קונציק צונישט געמאַכט אַלע „שטאַרקע״ באַווייזן, אַז עס איז אים געלונגען צו באַווייזן די אומשולד פון זיין קליענט. מען

האָט דעם יונגנמאַן באַפרייט. אַלע אין געריכט האָבן געיובלט, נאָר אים איז אַלץ געווען אומעטיק און קאַלט אויף דער נשמה.

„אויב איך בין אַזוי קלוג? — האָט ער געטראַכט מיט חוזק פון זיך אַליין, — און קאָן איבערצייגן דעם ריכטער מיט די געשוואוירענע, אַז די שווערסטע אויפגעבויטע באַווייזן זייַנען אָפּט פאַלש, פאַרוואָס האָב איך קיינמאָל נישט געקענט איבערצייגן מערין אין מיין אויפריכטיקייט צו איר?", נאָר איצט פילט ער אַזוי פאַרביטערט קעגן זיין פרוי, אַז עס איז אים שוין מער נישט קיין חילוק, וואָס זי טראַכט וועגן אים . . .

און אַזוי גייענדיק אין רעגן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, פאַרזונקען אין געדאַנקען, האָט ער מיט אַמאָל דערפילט ווי עמיצער האָט אים אַ צי געטאָן ביים אַרבל. האָט ער אויפגעהויבן די אויגן און דערזען חנהלען, און האָט זיך דאַן אַ כאַפּ געטאָן ווי פון אַ טיפן שלאָף, ער האָט אויפגעריסן ברייט די אויגן צו זען צי חלומט ער? און ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז וואָס ער זעט איז אויפן וואָר, האָט ער מיט אַמאָל גענומען האַלדזן מיט פראַגן:

— הענטשו, ווי קומסטו אַהער? וואָס מאַכסטו? וואו ביזטו געווען די גאַנצע צייט? און ס'קינד? וואָס מאַכט ס'קינד?

ער האָט נישט געוואַרט אויף קיין ענטפער, נאָר געשאָטן מיט פראַגן. מיט אַמאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז עס רעגנט, און אַז ער איז שטאַרק נאַס, האָט ער אַ נעם געטאָן חנהלען אונטערן אָרעם און גענומען לויפן. זי האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— וואו אַהין, אָנקל באָריס?

— אָט דאָ נישט ווייט איז דאָ אַ פיינע רעסטאָראַציע, וועלן מיר עפּעס אַ ביס טאָן און זיך טאָקע אָביסל דורכריידן.

ער האָט איר געהאַלטן פעסט אונטערן אָרעם, און געפילט, אַז עס איז אים גוט.

אַזוי גוט האָט ער זיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט.

זיי זייַנען אַריין אין אַ קליינעם רעסטאָראַן, וואָס איז געווען פאַררוקט אין אַ ווינקל גאָס. ס'איז געווען אין אַ שפּעטער נאָכמיטיק־שעה. ס'איז געווען געמיטלעך שטיל. דער קעלנער האָט געדרימלט. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל. דער קעלנער האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז צוגעלאָפן. זיי האָבן עפּעס באַשטעלט.

באַריס האָט איר באַטראַכט, און, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן, האָט זי אויסגעקוקט בלאַס און אָפּגעצערט. ער האָט איר ווייטער גענו־מען שטעלן פראַגן:

— פאַרוואָס איז זי אַוועק? וואו וואוינט זי? און ווי קומט זי אַהער אין מיטן טאָג?

ער האָט זיך דאָס מאָל אָפּגעשטעלט און געוואַרט אויף אַן ענטפער.

אויף דער ערשטער פראַגע האָט זי נישט געענטפערט. אויף דער לעצטער — יאָ. מען האָט איר פון אָפּיס געשיקט אין שליחות.

ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויפן קינד און געוואָלט וויסן גענוי וואָס עס האָט פּאַסירט יענע נאַכט ווען זי און מערי האָבן געהאַט אַן איבער־רייד וועגן . . .

ער האָט נישט געענדיקט, נאָר געקוקט אויף איר. חנהלע איז גע־בליבן זיצן שטיל מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ער האָט איר אָנגענומען ביי דער גאָמבע, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען, אַז די אויגן אירע זיינען פול מיט טרערן. זי האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ און זיך איינ־געהאַלטן פון וויינען, האָט ער מער נישט גערעדט דערפון און בלויז געפרעגט צי זי פאַרדינט גענוג פאַר זיך מיטן קינד? זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט וואָס פאַר אַן אַר־בעט זי טוט און דאַן איבערגעגאַנגען צום קינד: צי ס'קינד האָט א גוטע היים, צי מען גיט אַכטונג אויף אים, און פאַרענדיקט, אַז עס בענקט זיך אים שטאַרק נאָכן קינד און ער וואָלט געוואָלט אים זען.

חנהלע האָט נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. זי האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און אים געזאָגט, אַז ניין, זי קאָן אים נישט געבן דעם אַד־רעס פון איר וואוינונג, ווייל זי וואוינט ביי אַ לאַנדספרוי, און די מומע קאָן נאָך געוואויר ווערן . . . נאָר דעם טעלעפאָן־נומער פון איר אָפּיס, וואו זי אַרבעט, האָט זי אים געגעבן.

אויך חנהלע איז איצט געווען שטאַרק צופרידן פון דער אומגעריכ־טער באַגעגעניש. זי האָט ליב געהאַט באַריסן ווי אַ ברודער. זי האָט אָפט געבענקט נאָך אים, נאָך זיין קלוגשאַפט. זי האָט באַוואונדערט זיין פיינע באַנעמונג צו זיינע אָנגעשטעלטע, און ווי גוט ער איז דאָס געווען צו איר מיטן קינד, און וואָס פאַר אַ וואונדערלעכע היים זי האָט געהאַט. איצט זעט זי ערשט איין, וואָס פאַר אַ היים זי האָט געהאַט ביים אָנקל און דער מומען . . .

ביי דעם געדאַנק פון איר מומען טוט איר אַ שווידער. זי האָט ווידער צעבראָכן איר לעבן! . . . איר קינד בלאָנקעט זיך אַרום ביי אַן אַלט פּאָר פּאָלק, אין אַ פּאָר פינצטערע צימערן. עס קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען, און ס'האַרץ פאַלט איר איין פון שרעק ווען זי איז ביי דער אַרבעט און האַלט אין איין איבערטראַכטן צי שטייט נישט ס'קינד ביי אַן אָפן פענצטער, אויפן פינפטן גאָרן, וואו עס געפינט זיך איצט, און ווען זי קומט אַהיים, טרעפט זי אים שמוציק און פאַרוויינט. זי מוז זוכן אַ בעסערע היים פאַר אים.

צוויי טעג נאָך יענער באַגעגעניש מיט באָריסן האָט ער איר טעלעפאָנירט און איר געזאָגט, אַז ער וויל זי זען. זי האָט זיך געפּרואווט אָפּזאָגן פון דעם, כאָטש טיף אין האַרצן האָט זי זייער געוואָלט אים ווידער באַגעגענען און זיך מיט אים בעראַטן אפשר ווייסט ער פון אַ בעסערער היים פאַרן קינד, נאָר באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי טאָר דאָס אים גאָרנישט זאָגן . . . עפּעס האָט איר געשראָקן . . .

זי האָט אים בלויז געענטפערט, אַז זי איז שטאַרק פאַרנומען, זי קאָן אים נישט זען . . . ער האָט דעם קומענדיקן טאָג ווידער טעלעפאָנירט און געבעטן, אַז ער מוז איר זען מחמת ער דאַרף מיט איר ריידן וועגן זייער אַ וויכטיקן ענין. זי האָט איינגעשטימט אים צו באַגעגענען אָבער נישט ביי זיך אין הויז, ווייל דאָרט איז דאָ די לאַנדספרוי . . .

זיי האָבן זיך באַגעגנט נישט ווייט פון אָפיס, וואו חנהלע האָט גע־אַרבעט. זי איז געווען נערוועז, נאָר ווען זי איז אַריין אין אויטאָמאָביל, האָט זי זיך געפילט זיכערער. באָריס האָט דאַן פאָרגעשלאָגן צו פאָרן אין אַ קליין שטעטל אין ניו־דזשוירזי.

— עס איז ניט ווייט, דער פּלאַץ איז וואונדערלעך, — האָט ער איר פאַרזיכערט, — און זי וועט זיך נישט דאַרפן פילן נערוועז. זיי וועלן זיך קאָנען פריי דורכרעדן.

שפּעטער האָט חנהלע געוואָלט וויסן וועגן וואָס ער האָט זי געוואָלט זען און וועגן וואָס ער וויל מיט איר רעדן..

— פשוט דערפאַר, ווייל איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך דיר, — האָט ער איר געענטפערט איינפאַך און צוגעלייגט — און נאָכן קינד.

— אַ!

אַ מינוט האָבן זיי געשוויגן.

— נו, זאָל זיך דיר אויסווייזן, — האָט חנהלע פּלוצלינג אַ זאָג געטאָן, — אַז איך האָב מיר אויסגעזוכט אַ שידוך און כ׳האָב חתונה געהאַט . . .

— דאָס וואָלט געווען אַנדערש ווי עס איז איצט. איך וואָלט דעמאָלט געקומען אין אייער הויז און געקענט דיך זען און דאָס קינד. איר וואָלט מסתמא געקומען צו אונדז. איר וואָלט מיר נישט אַזוי אויסגעפּעלט ווי איצט, ווען איך האָב געקראָגן אַן „אוקאַז״, אַז איך טאָר דיך נישט זען... דו ווייסט, — האָט ער אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער, מער צו זיך ווי צו איר, — איך האָב גאָר קיינמאָל נישט געוואוסט, אַז דו ביזט מיר אַזוי טייער ביז דו האָסט געמוזט פאַרלאָזן מיין הויז . . . מאָדנע . . . הענטשו, אויב עס גייט דיר נישט גוט, — האָט ער מיטאַמאָל געביטן דעם טאָן, — און אויב עס פעלט דיר עפּעס פאַרן קינד, ווייל איך, אַז דו זאָלסט קומען צו מיר, ווי . . . נו, ווי צו אַן אייגענעם ברודער . . .

דער אויטאָמאָביל האָט זיך געטראָגן איבער גרינע גראָזיקע וועגן פון אַרום ניו־דזשוירזי. זיינע ווערטער האָבן איר געגלעט, ווי אַ מאַמע גלעט אַ קראַנק קינד. זי האָט אים געוואָלט דערציילן ווי שלעכט איר איז און ווי זי מיטן קינד פּלאָגן זיך, אָבער עפּעס האָט איר געשראָקן דאָס אַרויסצורעדן. האָט זי אים געזאָגט, אַז זי דאַנקט אים פאַר דעם גרויסן אינטערעס, וואָס ער ווייזט ארויס צו איר מיטן קינד, אָבער זי דאַרף גאָרנישט, ווייל עס גייט זיי גוט . . . זייער גוט . . .

דער אויטאָמאָביל איז געבליבן שטיין אויף אַ בערגלדיקן פּלאַץ, לעבן אַ קליינער אָבער זייער שיינער געביידע, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיטביימער . . . זיי זיינען אַהין אַריין. אַ מאַן, וואָס האָט פאַר זיי ברייט געעפנט די טיר, האָט געפרעגט, וואו זיי ווילן עסן: דאָ, צי אין דרויסן.

— אינדרויסן, — האָט באָריס געענטפערט.

זיי זיינען אַריין אין גאָרטן און פון דאָרט אַרויף אויפן גאַניק. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט. חנהלע האָט זיך מיטאַמאָל דערזען אויף אַ הויכן באַרג פון וואַנען זי האָט אַראָפּגעקוקט אין אַ טאָל און דאָרט איז געלעגן ניו־יאָרק. דער האָדסאָן האָט אָפּגעטיילט ניו־יאָרק פון ניו־דזשוירזי, און פאַר אירע אויגן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ וואונדערלעכע לאַנדשאַפט. זי האָט אפילו ניט געהערט ווי עס איז צוגעקומען דער

קעלנער און געפרעגט, וואָס זיי ווילן עסן. באָריס האָט באַשטעלט עסן פאַרביידן און געלאָזט הענטשון זיך זעטיקן מיט דער לאַנדשאַפט, וואָס האָט זיך געשפרייט פאַר אירע אויגן.

ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט און מיטאַמאָל האָבן זיך טויזנטער קליי־נע לעמפּלעך אָנגעצונדן, וואָס האָבן, ווי שטערן, זיך אָפּגעשפּילט אין האָדסאָן. פון דער ניו־יאָרקער זייט האָבן לאַנגע שוואַרצע געביידעס געקוקט אויף איר פּאַרסודעט. וואו נישט וואו האָבן זיך אין זיי פענצ־טער צעצונדן און געלאָשן.

דער קעלנער איז צוגעקומען און געבראַכט עסן. חנהלע האָט זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, ווי פון אַ טיפן שלאָף. עס איז איר איצט גע־ווען גוט און רואיק אויף דער נשמה, און זי האָט ניט געוואָלט איבער־רייסן די שטילקייט. באָריס האָט עס פאַרשטאַנען און אויך געשוויגן.

אַ קלאָרע לבנה האָט זיך אַרויסגערוקט פון הינטער אַ וואָלקנדל און זיי געשוואומען אַקעגן. זיי האָבן שווייגנדיקע געגעסן און מיטאַמאָל האָבן זיך צו זיי דערטראָגן די טענער פון מוזיק. זי האָט אויפגעהויבן די אויגן און דערזען נישט ווייט פון זיי אַ גרויסן אָרקעסטער. פּאָרלעך האָבן זיך אויפגעהויבן פון די טישלעך און זיך אַוועקגעלאָזט אין מיטן זאַל טאַנצן. שטראַוסעס אַ וואַלץ האָט מען געשפּילט. זי האָט געקוקט מיט פאַרחלומטע אויגן אויף די פּאָרלעך, און דאָ האָט זי דערהערט באָ־ריסעס שטימע:

— טאַנצן?

חנהלע האָט בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ. און באַלד האָט זי זיך געטראָגן איבערן זאַל צום ריטם פון יענעם וואַלץ. דאָס אַלץ האָט איר דערמאָנט אין אַן ענלעכער סצענע פון איר גליקלעך פאַרהייראַטן לעבן. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און עס האָט זיך איר אויסגעוויזן, אַז זי געפינט זיך איצט אין ווין אויף איר האָניק־חודש, און אַז דאָס טאַנצט זי אַזוי מיט איר מאַן. זי האָט זיך פעסטער צוגעטוליעט צו באָריסן.

ווען די מוזיק האָט אויפגעהערט צו שפּילן, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי איז פעסט איינגעקלאָמערט אין באָריסעס אָרעמס. זי האָט זיך פאַר־שעמט, נאָר צו איר גרויס פאַרוואונדערונג האָט זי דערפילט אַז דאָס איז איר אָנגענעם . . .

ווען זיי זיינען פון דאָרט אַוועק, איז שוין געווען שפּעט אין דער

נאַכט, פונדעסטוועגן זיינען זיי נאָך אַרומגעפאָרן איבער פאַרשיידענע געדרייטע וועגן. די נאַכט איז געווען אַ קלאָרע, אַ לויטערע לבנה האָט זיי באַגלייט און עס האָט זיך זיי ביידן נישט געגלוסט צו שיידן.

חנהלע האָט דערציילט ווי עס גייט איר, אויסדערציילט פאַרשיידענע חכמות פון קינד, נאָר אַז עס איז איר שלעכט, — דאָס האָט זי אַלץ פאַרשוויגן. זי האָט געוואָלט, אַז דער אָוונט זאָל זיך אַזוי ענדיקן . . .

באָריס האָט געהערט און געשלונגען יעדעס וואָרט. ער האָט ליב געהאַט צו הערן ווי זי פּלאַפּלט, אָט ווי אַ קינד און אָט רעדט זי ערנסט, ווי אַ וועלט־מענטש . . .

ער האָט איר צוגעפירט אַהיים, אָבער אָפּגעשטעלט האָט ער זיך אַ פּאָר בלאָק ווייטער פון איר הויז. אַזוי האָט זי געוואָלט . . .

ביים געזעגענען זיך האָט ער איר געפרעגט, ווען ער קאָן איר ווי־דער זען און צי זי וואָלט נישט געקענט מיטברענגען איר אינגעלע ? זי האָט אים אויף דעם געענטפערט, אַז זי קאָן דאָס נישט טאָן, און צוגע־לייגט אויפגערעגט, אַז זי וויל דאָס נישט טאָן. זי האָט זיך אַזוי דער־שראָקן פאַר דעם געדאַנק, אַז זי האָט אים דאָרט געלאָזט שטיין אָן אַ זיי־געזונט און איז אַריינגעלאָפן אין הויז . . .

עס זיינען אַוועק אַ פּאָר טעג און זי האָט פון אים נישט געהערט, און דאָ האָט זי זיך געכאַפּט, אַז זי בענקט שטאַרק נאָך אים. עס האָט איר איצט פאַרדראָסן ביז ווייטיק אויף איר נאַרישער האַנדלונג יענעם אָוונט.

„זי האָט נישט געדאַרפט אַזוי אַנטלויפן . . . האָט זיך געדאַרפט געזעגענען מיט אים ווי אַ פריינט . . . אַנטלויפן אָן אַ זיי־געזונט גאָר... וואָס טראַכט ער איצט וועגן איר און פון איר אומגעלומפּערטער האַנד־לונג ?"

זי האָט מיט אַלע כוחות געפּרואווט אָפּשטופּן פון זיך אָט־די געדאַנ־קען און זיך פלייסיק געכאַפּט צו עפּעס אַן אַרבעט, און האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז זי טראַכט שוין ווידער וועגן באָריסן . . .

„דאָס איז דערפאַר", האָט זי זיך געפּרואווט טרייסטן, „ווייל זי איז דאָ איינע אַליין און האָט קיינעם נישט. האָט נישט קיין אמתן פריינט מיט וועמען זי זאָל קאָנען אַ וואָרט אויסריידן".

מיט אַ וואָך שפּעטער האָט באָריס איר ווידער גערופן אויפן טעלע־פאָן. זי האָט זיך קוים איינגעהאַלטן פון אַרויסווייזן איר פרייד.

זיי האָבן זיך באַשטעלט צו טרעפן דעם קומענדיקן אָוונט אויפן זעל־ביקן פּלאַץ ווי דאָס לעצטע מאָל.

פון דאַן־אָן האָבן זיי זיך אָפט באַגעגנט. מתחילת איין מאָל אַ וואָך. זיי האָבן עס געטאָן באַהאַלטענערהייט. דאָס גנבענען, אַז קיינער זאָל ניט זען, האָט צוגעגעבן נאָך עפּעס אַ מיסטעריעזן כישוף, אַ רייץ, וואָס האָט געמאַכט זייערע באַגעגענישן נאָך אינטערעסאַנטער.

וואָס דערפון קאָן אַרויסקומען, ווייל זי איצט נישט טראַכטן. אין דער זעלביקער צייט פאַרגנבעט זיך אָפט ביי איר אַ נקמה־געפיל צו איר מומען, וואָס האָט איר אַזוי אומרחמנותדיק באַהאַנדלט און וויי־געטאָן ביזן ביין.

באַריס ווייסט שוין איצט, אַז זיי האָבן אַ צרהדיקע היים און פאַ־דערט, אַז זי מיטן קינד זאָלן זיך פון דאָרט אַרויסציען, זאָל זי געפינען אַ בעסערע היים פאַר יעדן פּרייז . . .

העניע ווייסט, אַז איר אינגעלע פילט זיך דאָרט נישט גליקלעך — אַ הויז אין די בראָנקס אין מיטן דזשעניקס סטריט אינעם האַרץ פון „מאַרקעט״, וואו די גאַנצע גאַס איז געדיכט באַזעצט מיט „פּושקאַרטס״, מיט פאַרשיידענע סחורות, אָפט איז דאָרט אַזוי געפּאַקט מיט ווייבער, וואָס קומען קויפן די מציאות, אַז עס איז שווער דורכצוגיין די גאַס און נישט קריגן קיין שטורך אין די זייטן . . . און דאָ האָט נאָך די לאַנדס־פרוי, מיסעס פינקוס, איר געלאָזט וויסן, אַז זי וועט זיך מוזן אויסזוכן אַן אַנדערן פּלאַץ. עס איז נישט פאַר אירע כוחות און פאַר אירע אַלטע ביי־נער נאָכצוטאַנצן די ווילדע שטיק פון איר לייבקען . . . זי יאָגט איר חלילה נישט אַרויס אין גאַס . . . זי האָט צייט, עס ברענט נישט . . . דערווייל וועט זי אים נאָך האַלטן אַביסל, ווייל ס׳יקרות איז גרויס . . . האָט איר העניע דערלייגט דריי דאָלער אַ וואָך . . . און צו דער זעלבי־קער צייט גענומען טיכטיקער זוכן אַ פּאַסנדיק פּלאַץ. פאַר זיך אליין וואָלט איר נישט געאַרט, „ווי שלעכט עס איז ביי מרס. פינקוס — פלעגט זי טראַכטן, — איז נאָך אַלץ אומפאַרגלייכלעך בעסער ווי עס איז איצט אין וואַרשעווער געטאָ״.

צופיל זוכן האָט זי נישט געקענט, ווייל די היצן זיינען געווען גרויס, און ווען העניע פלעגט אַ מידע אַהיימקומען פון אָפיס, פלעגט זי ערשט מוזן באָדן און קעמען איר קינד, אַז נישט איז ער אַרומגעגאַנגען פאַר־

שוויצט און פאַרשמירט, און די אַלטע מרס. פּינקוס פלעגט זאָגן, אַז דאָס איז אַ מאַמעס אַרבעט . . . פלעגט זי דערפאַר נישט קאָנען זען באָריסן מער ווי אויף אַ שעה אין מיטן וואָך, נאָר זונטיק פלעגט זי אים זען דעם גאַנצן טאָג. זי פלעגט דאַן מיטנעמען דאָס קינד און זיי האָבןביידע שטאַרק אַרויסגעקוקט אויף דער זונטיק באַגעגעניש . . . און פלעגט זיך אַמאָל מאַכן, אַז ער האָט איבער עפּעס אַ סיבה נישט געקאָנט קומען, פלעגט זי דאַן פילן אומגליקלעך . . . און אַז חנהלע פלעגט זיך אָפּגעבן רעכענונג פאַרוואָס זי פילט אַזוי דערשלאָגן ווען ער קען איר נישט זען, האָט זי איינגעזען, אַז עס איז דערפאַר, ווייל זי האָט אים ליב . . . טאַקע נישט ווי אַ פעטער . . . ווי אַ ברודער . . . נאָר ווי אַ פרעמדן... ווי אַ געליבטן . . .

פאַר אַזאַ געדאַנק פלעגט זי זיך דערשרעקן און זען ווי זי פאַרקריכט אַלץ טיפער אין אַ פלאָנטער, און דעריבער באַשליסן, אַז זי וועט ערגעץ וואו אנטלויפן . . . יאָ, זי וועט ערגעץ פאַרשווינדן . . . מיטן קינד . . . און זאָל נעמען אַ סוף . . . נאָר באַלד האָט זי זיך געכאַפּט, וואו וועט זי לויפן מיט אַ קינד ? . . . איר גאַנץ לעבן באַשטייט פון לויפן . . . אין וואָגלען . . . דאָס לעבן, ווייזט אויס, האָט איר אַריינגעדרייט אין אַ פלאָנטער פון וועלכן זי קאָן זיך בשום אופן נישט אַרויספלאָנטערן . . .

ווען עס פלעגן איר באַפאַלן אַזעלכע געדאַנקען, פלעגט זי פילן אַזוי ווי זי וואָלט ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט און קאָן בשום אופן נישט געפינען דעם וועג אַהיים . . .

דערווייל איז זי אָנגעגאַנגען מיטן פלאָנטער אין וועלכן דאָס לעבן האָט איר פאַרוויקלט, ביז איינמאָל האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט איר אינגאַנצן צעטרייסלט, און זי האָט געמוזט איינזען, אַז איר לעבן קאָן מער נישט אָנגיין אַזוי ווי עס איז געגאַנגען ביז איצט.

עס איז געווען אָנפאַנג סעפּטעמבער. אַ פאַרשפּעטיקטע היץ האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די ניו־יאָרקער איינוואוינער און זיי אומרחמנות־דיק געמוטשעט. גרויס און קליין האָבן געזוכט אַ קיל ווינקעלע. די, וועלכע האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען, זיינען אַוועק צום ים זיך באָדן. אָט אין מיטן פון דער ברענענדיקער היץ האָט געקלונגען ביי העניען אין אָפיס דער טעלעפאָן. אַ פרעמדע שטימע האָט צו איר גערעדט און איר געזאָגט, אַז עפּעס האָט געטראָפן מיט איר קינד, און זי זאָל גלייך קומען אַהיים . . .

זי האָט געוואָלט עפּעס פרעגן, נאָר דאָס לשון האָט איר אָפּגענומען. זי האָט זיך געוואָלט אויפשטעלן און לויפן און זיך נישט געקאָנט רירן פון אָרט. ביי איר אין מוח האָט געהאַמערט איין געדאַנק, אַז עפּעס שרעקלעכעס האָט געמוזט פּאַסירן מיט איר קינד. און מיט אַמאָל האָט אויפגעלויכטן ביי איר אַ געדאַנק, אַז עס איז נאָך אפשר נישט צו שפּעט. מען קאָן נאָך ראַטעווען. ביי דעם געדאַנק האָט זי זיך מיט אַמאָל דער־פילט שטאַרק ווי אַ ריז. זי האָט זיך האַסטיק אַ הייב געטאָן פון אָרט און לייכט ווי אַ מיידעלע זיך געלאָזט לויפן איבער די טרעפּ, וואָס האָבן אַרויסגעפירט צו דער גאַס. זי האָט אָפּגעשטעלט אַ פאַרביילויפנדיקע טעקסי, אָנגעגעבן דעם אַדרעס, געהייסן דעם אָנטרייבער לויפן פייל פון בויגן און אים צוגעזאָגט דערפאַר צו צאָלן דאָפּלט.

ווען זי איז צוגעקומען צום הויז, האָט זי באַמערקט ווי רעדלעך מענטשן שטייען און רעדן. אַ פּאָר פון די שכנים, וועלכע האָבן איר דערקענט אַלס די מאַמע פון דעם אינגעלע, זיינען איר געלאָפן אַנטקעגן און געזאָגט, אַז מען האָט איר קינד איבערגעפאָרן. ער געפינט זיך איצט אין לינקאָלן האָספּיטאַל. מר. און מרס. פּינקוס, האָבן זיי איר דערציילט, זיינען ערגעץ אַוועק . . . זי איז גלייך מיט דער זעלביקער טעקסי צוגע־פאָרן צום שפּיטאָל, און דאָרטן האָט מען איר געזאָגט, אַז ביי איר קינד איז צעבראָכן אַ פיסל.

מען האָט איר אַריינגעפירט אין אַ גרויס צימער, וואו עס זיינען גע־שטאַנען אַ סך בעטלעך מיט קראַנקע קינדער. אין איינעם אַזאַ בעטל איז געלעגן איר קינד מיט אַן אויפגעהויבן פיסל, וואָס האָט געהאַנגען אין דער לופטן. ער איז געלעגן שטיל מיט פאַרוויינטע אויגן און געהעשעט... ס׳איז געווען קענטיק, אַז דאָס קינד האָט איבערגעלעבט שווערע יסורים.

ווען העניע האָט אים דערזען, איז זי צוגעפאַלן צו זיין בעטל און האָט שטיל און יאָמערלעך געוויינט. לייבעלע האָט זיך צעשמייכלט און איר פאַרזיכערט, אַז עס איז אים גאָרנישט . . . נישט מער ווי ער האָט אַן אויסגעדרייט פיסל . . . ווייטער איז ער אָלרייט . . . עס טוט אַפילו ניט וויי . . .

די נוירס האָט איר דאַן דערקלערט, אַז עס וועט נעמען לאַנגע וואָכן, אפשר חדשים, ביז ער וועט ווידער קאָנען גיין . . . „יאָ, עס איז אַ פראַ־גע פון צייט, אָבער ער וועט געזונט ווערן". און „יאָ, זי וועט אים מער

ווי צוויי מאָל אַ וואָך נישט קאָנען זען . . . און דאָס אויך בלויז אין די וויזיט־שטונדן״.

ווען חנהלע איז צוריקגעקומען אהיים, האָט זי ערשט אויסגעפונען גענוי ווי אַזוי דאָס אומגליק איז געשען.

מר. און מרס. פּינקוס זיינען אַוועקגעגאַנגען צום דאָקטער, ווייל דער אַלטער האָט געפילט קראַנק שוין זייט עטלעכע טעג, האָבן זיי איבערגעלאָזט דאָס קינד אויפן גאַס און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל די גאַנצע צייט, ביז זיי וועלן צוריקקומען, שטיין ביים הויז . . . האָט ער צוגעזאָגט, נאָר אַז ער האָט דערזען ווי אויף יענער זייט גאַס האָט מען אויפגעעפנט דאָס אייזערנע מויל פון אַ פּלומפּ און עס האָט געגומען שפּריצן קאַלט וואַסער אויף די אויסגעשוויצטע קינדערלעך, האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן אָן זיין צוזאָג און געלאָפן צו יענעם פּלאַץ, וואו עס האָט געשפּריצט דער פאָנטאַן, אָבער אַריבערגייענדיק דעם וועג, איז אָנגעפאָרן אַ טראָק, און ווען נישט דאָס צושפּרונגען פון „אייזמאַן״, וואָס האָט דאָס דערזען, וואָלט איר אינגעלע שוין איצט נישט געווען צווישן די לעבעדיקע.

אָט דאָס האָט איר דערציילט טאַקע דער זעלביקער איטאַליענישער אייזמאַן, טאָני, וואָס פלעגט ברענגען אייז צו דער מרס. פּינקוס.

נאָך דעם זעלביקן טאָג האָט העניע טעלעפאָנירט צו באָריסן און אים דערציילט וואָס מיט איר קינד האָט היינט געטראָפן, איז ער גלייך געקומען צו לויפן און איז מיט העניען אַוועק אין שפּיטאָל און איז דאָרט דורכאויס באַשטאַנען, אַז מען זאָל דאָס קינד אַריבערפירן אין אַ פּריוואַט־צימער מיט אַ ספּעציעלער נוירס.

מען האָט לייבקען גלייך אַריבערגעפירט אין אַ באַזונדער צימער מיט אַ שטענדיקער נוירס ביי זיין בעטל. באָריס האָט אים אויך צוגעשיקט פאַרשיידענע שפּילצייג. פון דאַן אָן פלעגט ער יעדן טאָג קומען צוזאַמען מיט העניען אין שפּיטאָל, און אָפט ווען העניע איז געווען ביי דער אַרבעט, פלעגט ער זיך אַליין אַריינכאַפּן צום קינד, און קומען פלעגט ער אָנגעלאָדן מיט פאַרשיידענע צאַצקעס און נאַשערייען. ס׳קינד איז איצט געוואָרן שטאַרק צוגעבונדן צו אים, און ער פלעגט מיט גרויס נייגער אויסקוקן אויף זיין קומען. העניע איז באָריסן געווען אַזוי דאַנקבאַר דערפאַר, אַז זי פלעגט דאָס גאָרנישט קאָנען אויסדריקן מיט ווערטער. זי האָט נאָר געפילט, ווי זי ווערט אַלץ ענגער צוגעבונדן צו דעם

מענטשן, און זי האָט זיך שוין גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן ווי זי וואָלט איצט געקאָנט עקזיסטירן אָן אים . . .

ווען זיי פלעגן בלייבן אַליין, האָט ער גענומען בויען פּאַר זיי פּלענער וואָס ווייטער צו טאָן, און אָט פּאַר די פּלענער פלעגט זי זיך נאָך אַלץ שרעקן . . .

עס זיינען אַוועק וואָכן און דאָס קינד איז נאָך געווען אין שפּיטאָל. ער האָט שוין איצט געפילט בעסער, אָבער זיין פיסל איז נאָך אַלץ געלעגן אין גיפּס, נאָר גאָר אין גיכן האָט מען דאָס פיסל ענדלעך געזאָלט אַרויסנעמען פונעם פּלאַסטער.

העניע האָט געפילט אויסגעשעפּט. דאָס אַנגעשטרענגטע לעבן פון לויפן אין שפּיטאָל אַלע אָוונט, דאָס גנבענען זיך דורך הינטערשטע טירן מיט באָריסן, אַז מען זאָל זיך נישט דערוויסן . . . די שווערע אַרבעט אין אָפיס און די נישט-באַשטימטע היים, דאָס אַלץ האָט געווירקט אויף איר געמיט. זי איז איצט געווען איין שטיק צאַפּלדיקער נערוו, וואָס פלעגט מיט שרעק אָפּשפּרינגען ביים קלענסטן שאָרך . . .

עס איז געווען ענדע אָקטאָבער.

אין דרויסן האָבן קאַלטע ווינטן געשמיסן אין פּנים אַריין. געלע אַראָפּגעפאַלענע בלעטער זיינען געלעגן אין די גערטנער, ליידיקע ביימער האָבן זיך געטרייסלט עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטן זיך געשאָקלט אויף זייער מזל, וואָס זיי האָבן שוין אָפּגעבליט, און איצט וועלן קאַלטע ווינטן און מוראדיקע שנייען זיי באַפאַלן.

אין אַזאַ קאַלטן אָוונט, דורכגענומען פון דער קעלט, איז העניע מיט באָריסן אַריין אין שפּיטאָל, און דאָרטן איז זיי דער דאָקטער אַקעגנגע־גאַנגען און אָנגעזאָגט די גוטע בשורה, אַז מען האָט היינט אַרויסגענומען לעניס פיסל פון גיפּס. אַלץ קוקט אויס ווי מען האָט דערוואַרט, און אין אַ פּאָר טעג אַרום וועט זי אים קאָנען נעמען אַהיים. דערווייל וועט ער נאָך דאַרפן זיין אַ פּאָר טעג אין שפּיטאָל און זיך דאַרפן צוגעוואוינען צו די קוליעס, מיט וועלכע ער וועט זיך לערנען גיין ווי אַ ניי-געבוירן קינד. זאָל זי זיך נישט שרעקן, בלויז אַ פּאָר וואָכן וועט ער זיך דאַרפן אַרומ־פירן מיט די הילצערנע קוליעס, אָבער שפּעטער וועט ער גיין נאָרמאַל ווי אַמאָל, נאָר ער ראָט איר צו האָבן פאַר אים אַ נוירס פאַר די עטלעכע

וואָכן, עמיצער וועט דערוווּיל דאַרפֿן זיין ביי זיין זייט, סיידן זי וועט אַליין קאָנען אויף אים גוט אויפּפּאַסן.

יענעם אָוונט, ווען העניע איז פֿאַרבליבן אַליין מיט באָריסן, און ער האָט פֿאַר איר גענומען פֿאָרלייגן פּלענער ווי אַזוי עס וועט פֿון איצט אָן און ווייטער גיין איר לעבן, האָט זי מער נישט פּראָטעסטירט . . . זי איז געזעסן שטיל און געהאָרכזאַם אויסגעהערט ווי ער מאָלט פֿאַר איר זייער צוקונפֿט . . . זי האָט נאָר פֿון צייט־צו־צייט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

אויפֿן פֿערטן טאָג, נאָך דעם אָוונט ווי באָריס מיט העניען האָבן געהאַט דעם געשפּרעך, האָט מערי דערהאַלטן דעם פֿאָלגנדיקן בריוו:

„מערי!

„דו וועסט געוויס זיין איבערראַשט פֿון מיר צו דערהאַלטן אַזאַ מין „בריוו", נאָר אויב דו גלויבסט אין אַלע דיינע באַשולדיקונגען, וואָס דו פּלעגסט אויף מיר וואַרפֿן אַ לעבן לאַנג, דאַרף דער בריוו זיין פֿאַר דיר אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך . . .

„איך וויל דאָ בלויז צוגעבן, אַז אויב דו האָסט דערפֿירט צו אָט־דעם קלימאַקס, איז די שולד אינגאַנצן דיינע. איך פֿאָר אַוועק קיין קאַליפֿאָרניע און וועל פֿון דאָרט אָנפֿירן מיינע געשעפֿטן. איך פֿאָר אַוועק, אָבער נישט אַליין . . . איך נעם מיט העניען מיטן קינד, אָט טאַקע די חנהלע, וואָס דו האָסט מיר טאָג און נאַכט אַריינגעשריגן אין פּנים, אַז איך האָב איר ליב. יאָ, דו האָסט אויסגעפֿירט . . . מיט דיין בלינדער אייפֿערזוכט האָסטו מיך אַריינגעוואָרפֿן אין אירע אָרעמס, און איצט וועסטו קאָנען זאָגן, אַז דו האָסט עס אַלעמאָל געוווּסט . . . שווער איך דיר ביי אונדזערע קינדער, אַז איך האָב פֿאַר איר געהאַט די ריינסטע געפֿילן, ווי אַ ברודער צו אַ שוועסטער, ווי אַ טאַטע צו אַ קינד, נאָר ערשט דאַן ווען דו האָסט זי פֿאַרטריבן פֿון הויז, און איך האָב איר צופֿעליק באַגעגנט און גענומען זיך טרעפֿן מיט איר אין געהיים, האָבן דיינע ווערטער גענומען זיך איינקריצן אין מיין מוח און האָבן דאָרט געפֿונען אַן אָפּקלאַנג, און איך האָב דערפֿילט, אַז איך האָב זי ליב, אמת, אויפֿריכטיק ליב.

„מעגסט מיר גלויבן, מערי, אַז עס איז פֿאַר מיר נישט

גרינג דיר צו שרייבן אָט דעם בריוו. איך ווייס, אַז דו וועסט ליידן, און איך לייד מיט דיר, נאָר גלויב מיר, אַז איך האָב לאַנג געקעמפט מיט זיך ביז איך האָב ענדלעך איינגעזען, אַז קיין מאַכט אין דער וועלט קאָן מיך נישט אָפּהאַלטן פון אָט־דעם שריט.

„מערי, איך וועל דיך באַזאָרגן פינאַנציעל אויף דיין גאַנץ לעבן. די קינדער זיינען שוין דערוואַקסן און זעלבסטשטענדיק. איך פאַרבלייב אויף ווייטער זייער איבערגעגעבענער פאָטער און איך האָף, אַז זיי וועלן פאַרשטיין, און האָף, אַז אויך דו וועסט איינזען, אַז עס איז בעסער פאַר אונדז צו לעבן באַזונדער, ווי צו־זאַמען אין אַ גיהנום.

„זיי געזונט, מערי, איך וועל שטיין אין שטענדיקער פאַר־בינדונג מיט דיר, און אויב דו וועסט מיך דאַרפן, וועל איך קו־מען בלויז ווי אַ פריינט און אַן איבערגעגעבענער חבר.

ב אָ ר י ס".

# מלחמה־נוירס

רחל האָט געעפנט די אויגן. אַ גרויער פרימאָרגן האָט אַריינגעקוקט דורכן פענצטער. זי האָט נעפלדיק אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. די ווייזערס האָבן געוויזן צען.

אין איילעניש האָט זי ארויפגעצויגן אויף זיך אַ מאָרגן־קלייד און דערביי אַ טראַכט געטאָן: „אַ, ווי איך האָב זיך דאָס פאַרשפעטיקט, מען דאַרף דאָך געבן די קינדער עסן!"

זי האָט מיט אימפעט זיך אַ לאָז געטאָן צו דער קיך און מיטאַמאָל דערפילט ווי עס שווינדלט איר אין די אויגן און די פיס זיינען ביי איר שווער, ווי זיי וואָלטן געווען מיט בליי אָנגעגאָסן; איר גאַנצער קערפער איז עפּעס אַזוי מיד, ווי זי וואָלט געשלעפט אַ פרעמדע שווערע משא אויף זיך, האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ שטול און מיט אַ שוואַך קול גערופן:

— רובי! מעקסי, מעקסעניו! — האָט זי פאַרצויגן איר מוזיניקלס נאָמען, — וואו זענט איר? קומט אַהער, כ׳פיל עפּעס ניט גוט!

און מיטאַמאָל האָט זי זיך ווי אָן עפּעס דערמאָנט און דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק, ווי מען וואָלט איר אַ שניט געטאָן מיט אַ מעסער: וועמען רופט זי? זי האָט דאָך איצט ניט קיין קינדער אין דער היים, מען האָט דאָך אירע צוויי זין ביי איר צוגענומען אין דער אַרמיי...

זי האָט דערפילט ווי עס ווערט איר ענג אין האַלז, אַ קנויל האָט זיך דאָרט אַוועקגעלייגט; זי האָט אַ שלוכץ געטאָן און זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטילן געיאָמער...

איר מאַן איז אַ דערשראָקענער אַרויסגעלאָפן פון באָד־צימער.

— רחל, — האָט ער זיך ביי איר געבעטן, — דו הויבסט שוין ווידער אָן? דו ווילסט מיר שוין אָפּשפּילן די נעכטיקע חתונה? צוויי דאָקטוירים האָב איך דאָך געדאַרפט רופן צו דיר, מען האָט דאָך דיך קוים אָפּגעמינטערט, געמוזט געבן אַ „נידל" צו באַרואיקן דיינע נערוון, אַז דו

זאָלסט קאָנען איינשלאָפֿן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז דו מוזט זיך קאָנטראָלירן.

זי האָט שטיל געוויינט און דער מאַן האָט מיט ווייכע רייד געזוכט איר צו באַרואיקן:

— נו, באַרואיק דיך, רחלשע, — האָט ער זי געגלעט איבער די האָר, — דו וועסט זען, מיר וועלן אין גיכן געווינען די מלחמה און אונדזערע קינדער וועלן צו אונדז צוריקקומען געזונט און גאַנץ אויף אַלע איברים, און דו ביסט דאָך ניט די איינציקע מאַמע אויף דער וועלט, ביי וועמען מען האָט צוגענומען די . . .

זי האָט אים ניט געלאָזט ענדיקן.

— הער אויף! — האָט זי מיט די הענט פֿאַרשטעלט די אויערן, — איך קאָן ניט הערן דאָס באַנאַלע וואָרט: „ניט די איינציקע מאַמע" פּונקט ווי דאָס וואָלט מיר געמינערט דעם ווייטיק פֿון דעם, וואָס איך האָב שוין איבער ניין וואָכן ניט געהערט פֿון מיין מוזיניקל מעקסי, מיין איידעלן אינגל, וועמען איך פֿלעג פֿויען מיט אָראַנדזש־זאַפֿט און אים שטופּן מיט „מאַלטעד־מילך". ווער ווייסט, וואו ער איז היינט ? ווער ווייסט וואו ער געפֿינט זיך איצט ? צי איז ער חלילה שוין ניט אונטערן וואַסער, אָדער אין אַ שפּיטאָל, אָדער גאָר ערגעץ אַ געפֿאַנגענער ביים שונא ? . . .

איר פֿאַנטאַזיע האָט איר געמאָלן שרעקלעכע בילדער. זי האָט גע־שריבן צו איר זונס מיליטערישע אָפּטיילונג און אין אַנדערע ערטער, אָנ־פֿרעגנדיק וועגן איר זון; מען האָט איר געענטפֿערט, אַז זי זאָל זיך באַ־רואיקן, ווייל „ניט קיין נייעס איז גוטע נייעס" . . .

פֿון איר עלטערן זון, רובי, הערט זי דווקא יאָ אָפֿט, קריגט צענזור־ירטע בריוולעך, זי ווייסט אפֿילו וואו ער געפֿינט זיך און צו וועלכער אָפּטיילונג ער באַלאַנגט. ער שטודירט, שרייבט ער, פֿאַר אַ העכערן ראַנג, און זיין שרייבן אין אַלגעמיין איז אין אַ מונטערן טאָן, אָפֿט אפֿילו אין אַ וויציקן, אָבער צווישן די שורות דערקענט זי, אַז ער בענקט אַהיים . . .

— רחל, — דערהערט זיך איר מאַנס שטים, — נאַ און טרינק אויס אַ גלאָז מילך . . .

מיט גרויס אָנשטרענגונג פּרואווט זי אויסטרינקען די מילך, אָבער



— וואָס האָסטו געטאָן צו זיך, דו זעסט דאָך אויס ווי דיינע אַ טאָכטער ?

— „אָנקל סעם” וויל ניט קיין פאַרעלטערטע פרויען אַלס „נויר־סעס”, האָסטו מיר דאָך געזאָגט.

זי פילט עפּעס אַ מאָדנע טריקעניש אין האַלז, אַז ס׳איז איר שווער אַראָפּ־צושלינגען . . .

— ווייסטו גאָר וואָס, רחלע, — רופט ער זי פאַרצערטלט ביים היי־מישן נאָמען, — וואָלסט אפשר גאָר אַוועקגעפאָרן אין די בערג אויף אַ פּאָר וואָכן, וואָלסטו דאָרטן געקומען צו זיך, צוריקגעקראָגן דיינע פאַר־לוירענע כחות.

רחל וויל ניט הערן דערפון.

— וואָס רעדסטו, דייוו, — ענטפערט זי מיט אַ פאָרוואורף איר מאַן, — וואָס הייסט איך וועל אַוועקפאָרן פאַר פאַרגעניגן, ווען מיינע קינדער געפינען זיך ערגעץ אויפן שלאַכטפעלד ? אפנים אַ מאַמע פילט טיפער ווי אַ טאַטע, — זאָגט זי אַרויס מיט ווייטיק און לאָזט זיך צוקלייבן ס׳הויז.

— נו, דאָס וועל איך שוין אַליין טאָן, דו רו זיך בעסער אָפּ ! — בעט ער זיך ביי איר.

דייוו שטייט אין קיך און פּאָרעט זיך נערוועז אַרום די טעפּלעך און טראַכט דערביי :

„געוואַלד, וואָס איז געוואָרן מיט מיין פרוי, מיט מיין שיינער רחלען ? וואו איז אַהין געקומען איר אַמאָליקע היימישע רעוואָלוציאָנערישקייט ? איר פייערדיקער טעמפּעראַמענט ? איר קעמפערישער גייסט ?"

ער בלייבט מיטאַמאָל שטיין ביים פענצטער אַ פאַרטראַכטער און קוקט אויפן פאַרוואָלקנטן הימל, וואָס סטראַשעט מיט רעגן.

עס נעמען פאַר אים אויפשווימען לאַנג־פאַרגעסענע בילדער, ווי אַ פאָך מיט אַ כישוף־שטעקעלע וואָלט מיט איין מאָל אָפּגעווישט די אַכט־און־צוואַנציק יאָר, וואָס ער איז אין אַמעריקע. ער דערזעט זיך אין זיין אַלטער היים, וואו עס דאַרף פאָרקומען אַ געהיימע פאַרזאַמלונג . . .

ער איז נאָרוואָס געקומען צופאָרן פון וואַרשע, פון וואַנען מען האָט אים אַראָפּגעבראַכט אין שטעטל ברעזניטשע צו האַלטן אַ רעדע און העלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון אַ גרויסע וועבער־פאַבריק, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר אַ הונגער־לוין פון גרויען פרימאָרגן ביז אין דער שפּעטער נאַכט . . .

עס איז נאָך געווען פרי און פון אַלע זייטן וואַלד האָבן זיך געשלייכט שאָטנס צו איינציקע און צו צוויי, ס׳זאָל אַ זייטיק אויג ניט ווערן אויפפּאַ־

לענדיק פאַרוואָס מען קלייבט זיך דאָ צוזאַמען . . . ווען עס איז שוין גע־ווען פאַרזאַמלט אַ היפּשער עולם, האָט ער צווישן די אַרבעטער אָפּט גע־הערט ווי מען פרעגט איינע די אַנדערע: „וואו איז די „רויטע רחל", פאַרוואָס זעט מען זי נאָך ניט?" איין יונגערמאַן, מיט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, האָט געלאָזט וויסן: „רחל איז נאָך אין שפּיטאָל און זי וועט קומען שפּעטער; מען קאָן דערווייל עפענען די פאַרזאַמלונג אָן איר".

ער, דוד, איז שוין אַליין געוואָרן שטאַרק נייגעריק צו וויסן, ווער ס׳איז אָט די רחל, וואָס מען דערמאָנט אַזוי אָפט, און וואָס הייסט, זי איז אין שפּיטאָל, איז זי קראַנק? וועט זי דאָך איינגאַנצן ניט קאָנען קומען... און ווער איז זי דאָס אַזוינס, וואָס מען רעכנט זיך אַזוי שטאַרק מיט איר? . . .

ער האָט אַזוי סתם אין דער וועלט אַריין אַ פרעג געטאָן ביי איינעם פון די פאַרזאַמלטע: „ווער איז עס די „רויטע רחל", וואָס דאַרף קומען?"

יענער האָט אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז רחל איז אַ טאָכטער פון פאַרמעגלעכע עלטערן, נאָר זי וויל פון זייער רייכקייט ניט וויסן, און זי אַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער אין אַ שפּיטאָל און איז זייער אָן איבער־געגעבענע רעוואָלוציאָנערקע, איז אַלע מאָל גרייט צו טאָן די געפערלעכ־סטע אַרבעט . . .

ס׳איז געווען אַ שבת נאָכמיטאָג. די זון האָט זיך דורכגעריסן דורך די היכע ביימער און געוואָרפן אירע גאָלדענע שטראַלן אויף די אָנקו־מענדיקע אַרבעטער, וואָס זיינען מיט פאַרגנבעטע טריט אָנגעקומען פון אַלע ריכטונגען. און ווען ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט רעדן, האָבן זיי זיך מיט גרויס דרך־ארץ צוגעהערט און נייגעריק געשלונגען יעדעס וואָרט זיינס.

ווען ער האָט געענדיקט און געפרעגט, צי אימיצער וויל עפּעס פרעגן, האָט זיך אַ ווייס פרויען־הענטל אַ הויב געטאָן אין דער לופטן. ער האָט אַ קוק געטאָן אין יענער ריכטונג און ער האָט דערזען, אַז די האַנט באַלאַנגט צו אַ יונג, פרעכטיק מיידל מיט אַ קאָפּ רויטע האָר, אַ קלוג פּנים, פון וועלכן עס בלישטשען אַרויס אַ פּאָר טיפע, שוואַרצע אויגן . . .

— „אָט די מוז עס זיין די „רויטע רחל" — האָט ער אַביסל צע־טומלט אַ טראַכט געטאָן.

זי האָט גערעדט מיט ברען און מיט גרויס פאַרשטענדעניש, פון וואָס ער איז גלייך איבערצייגט געוואָרן, אַז זי איז גוט באַהאַוונט אין דער רע־וואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דער עולם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען ווידעראַמאָל אין פאַרשידענע ריכטונגען. די זון איז שוין לאַנג פאַרגאַנגען און ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט.

ער האָט זיך דערוויל שוין געהאַט באַקענט מיט דער „רויטער רחלען״, ווי אַנדערע האָבן איר גערופן. אַהיים זיינען זיי געגאַנגען צוזאַ־מען. ער האָט זיך שוין פון דער „רויטער רחלען״ ניט געקאָנט אָפּרייסן...

געקומען איז דוד בלויז אויף איין טאָג, אָבער פאַרבליבן איז ער צו־ליב איר דריי טעג. ער האָט געפילט, אַז דאָס מיידל האָט אים געפאַנגען. ער, דוד גאָלדשטיין, וואָס האָט קיינמאָל ניט גענומען ערנסט די באַ־נעגענישן מיט מיידלעך, ווייל ער איז געווען צופיל פאַרטאָן מיט רעוואָ־לוציאָנערער אַרבעט, האָט זיך איצט דערפילט הילפלאָז, ווי אַ קליין אינגל ווען ער האָט זיך געפונען אין איר געזעלשאַפט. ער האָט נישט גע־וואוסט, וואָס מער צו באַוואונדערן אין איר: איר הויכע, שלאַנקע פיגור, איר שיינעם אויסזען, צי איר גרייטקייט צו טאָן די געפערלעכסטע שליחות, וואָס מען האָט איר פאַרטרויט און זי פלעגט עס דורכפירן מיט אַ מערק־ווירדיקער געלאַסנקייט, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט אין אַ גאַנץ גע־וויינלעכער, טאָג־טעגלעכער פּאַסירונג, ניט ווי עפּעס, וואָס מען קאָן צו־ליב דעם אָפּגעשיקט ווערן אויף לאַנגע יאָרן אין סיבירער קאַטאָרגע . . .

ווען ער איז אַוועקגעפאָרן, האָט ער זיך מיט איר דורכגעשריבן, געקומען אָפט אין שטעטל איר זען. עס האָט זיך ביי זיי אַנטוויקלט אַ הייסע ליבע.

די אונטערערדישע אַרבעט פאַר דער רעוואָלוציע איז פאַר זיי גע־וואָרן אַלץ מער ריזיקאַליש. מען האָט אין דער פּאָליציי אָנגעהויבן צו באַמערקן זייער פאַרבאָרגענע טעטיקייט און מען האָט זיי אָנגעהויבן נאָכ־שפּיאָנירן, ביז מען האָט זיי פון דער פּאַרטיי געלאָזט וויסן, אַז זיי מוזן אויף אַ שטיקל צייט פאַרשווינדן.

רחלס עלטערן האָבן זיך פון דעם דערוואוסט, און אַזוי ווי זייער טאָכטערס אויפפירונג אין יענע קרייזן איז זיי שוין לאַנג ניט געווען צום האַרצן, האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט איר אַוועקצושיקן

ערגעץ, וואו זי זאָל זיין זיכער . . . זיי האָבן פאַר איר געקויפט אַ שיפס־קאַרטע און זי אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע צו אַ רייכן פעטער . . .

רחל האָט אָפּגערעדט מיט דודן צו טרעפן זיך אין פּאַריז, וואו זיי האָבן זיך טאַקע באַגעגנט און חתונה געהאַט, און ביידע צוזאַמען זיינען שוין, אַלס מאַן און ווייב, געפאָרן קיין ניו־יאָרק.

אויפן וועג קיין אַמעריקע האָט זי אַ סך גערעדט מיט איר מאַן וועגן דעם, וואָס אויך אין אַמעריקע וועלן זיי זיין טעטיק אין דער סאָציאַליס־טישער באַוועגונג. וואָס איז שייך איר, האָט זי אים פאַרזיכערט מיט באַגייסטערונג, אַז איר אַרבעט פאַרן „סאָציאַליסטישן געדאַנק״ הויבט זיך ערשט אָן, און אַז זי האָפט אין אַמעריקע אויפצוטאָן גאָר גרויסע זאַכן . . .

עס האָט אָבער ניט גענומען לאַנג פאַר אים, דודן, צו באַמערקן, אַז דאָ אין אַמעריקע איז זיין „רויטע רחל״ עפּעס גאָר ניט דיזעלבע, ווי אין דער היים. זי איז אפילו יאָ געגאַנגען צו סאָציאַליסטישע פאַרזאַמ־לונגען, גענומען אַמאָל אַ וואָרט, געשטעלט אַ פראַגע, ס׳האָט זיך אָבער געפילט, אַז דאָס היימישע פייער, וואָס האָט אין איר געגליט, האָט אין איר אויסגעברענט, און אַז דאָס פרעגן אַ פראַגע, אָדער נעמען אַ וואָרט טוט זי מער פון יוצא וועגן, ווי פון אַ רעוואָלוציאָנערן געפיל . . .

און אַז דאָס ערשטע קינד איז געבוירן געוואָרן, האָט זי אינגאַנצן אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיט דער באַוועגונג.

ווען ס׳איז מיט צוויי יאָר שפּעטער געבוירן געוואָרן זייער צווייטער זון, איז זי געוואָרן אַריינגעטאָן אין דער קינדערס דערציאונג, און זי האָט אינגאַנצן אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירן מיטן סאָציאַלן לעבן . . . אמת, ער איז אויך געווען פאַרנומען מיט „ביזנעס״, פונדעסט־וועגן האָט ער נאָך געפונען צייט זיך צו פאַראינטערעסירן אין וועלט־זאַכן, נאָכצופאָלגן די לעצטע געשעענישן, כאָטש ער איז שוין אויך ניט געווען דער זעלבער ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים . . . אָבער פאַרט זיך ניט אינגאַנצן אָפּגעריסן פון צייט און סביבה און פון אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט זיין אַמאָליקן קוק אויפן לעבן . . .

זי אָבער, רחל, די געוועזענע היימישע רעוואָלוציאָנערקע, מוז ער מיט ווייטיק צוגעבן, האָט זיך אין גאַנג פון די יאָרן אינגאַנצן געענדערט, געוואָרן אַן אַנדערער מענטש, אַ געוויינלעכע אידענע, וועמען עס גייט

קיין זאַך ניט אַן . . . „וואו איז אַהינגעקומען איר רעוואָלוציאָנעריש־קייט? איר קעמפערישער גייסט, איר אומדערשראָקענקייט צו לויפן אין פייער און אין וואַסער, ווען ס'איז געווען נויטיק פאַר דער באַוועגונג? וואָס פון אַ מענטשן קאָן ווערן?! — טראַכט ער מיט ביטערקייט.

און איצט, ווען מען לעבט איבער אויפסניי אַ צווייטע וועלט־טראַגעדיע, אַ צווייטע מלחמה, האָט ער ניט מיט וועמען צו טיילן זיינע געפילן, זיינע איינדרוקן, וואָס פּרעסן אים אַזוי שווער ווי יעדן אין דער איצטיקער צייט . . . איר גייט בלויז אין איין זאַך — די בריוו, וואָס זי קריגט פון אירע זין . . .

ער אָבער לעבט מיט די נייעס, וואָס קומען אָן יעדע מינוט, יעדע שעה פון שלאַכטפעלד, און אים אַרט ניט נאָר פאַר זיינע אייגענע קינדער, נאָר פאַר אַלעמען. איז די נייעס גוט, שמייכלט ער צופרידן און פילט זיך גליקלעך; חלילה, פאַרקערט — ווערט ער אויס מענטש . . .

איינמאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן צו רחלען:

— הערסט, מיין ווייב, ווען איך וואָלט געווען מיט עטלעכע יאָר יונגער און ווען מען וויל מיך אפילו נעמען איצט, וואָלט איך זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי און אַוועק קעמפן פאַר אַ בעסערער וועלט . . . ווייל אויב, חלילה, מיר זאָלן פאַרלירן, וואָלט איך מער ניט געוואָלט לעבן אין אַזאַ וועלט, ווייל שרעקלעכער ווי פון גיהינום וואָלט די וועלט דאַן געווען. איז איידער פאַרפוילט ווערן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער, אָדער פאַרלירן דאָס לעבן אָן אַ קאַמף, ווי מיינע ברידער און שוועסטער, וויל איך בעסער זיין אויפן שלאַכטפעלד און העלפן אויסקעמפן אַלעמענס פרידן, און איך בין שטאָלץ מיט מיינע צוויי זין, וואָס געפינען זיך אין דער אַרמיי און וועלן טאָן דאָס, וואָס איך קאָן מער ניט טאָן . . .

רחל האָט אויף אים געגעבן אַזאַ מאָדנעם שאַרפן קוק, ווי זי וואָלט געזאָגט:

— נו, דאָס ווייס איך דאָך שוין פון לאַנג, כ'האָב עס נאָך געהערט ביים געזעגענען זיך מיט די קינדער, איידער זיי זיינען אַוועק אין דער אַרמיי . . .

אַוודאי האָט ער ביים געזעגענען זיך מיט זיי, אָנגעוויזן, אַז זיי טראָגן אויף זיך אַ גרויסע אחריות, אַז עס ווערט זיי אָנפאַרטרויט אַ גרויסע אויפגאַבע — דער אויסגאַנג פון קריג מיט אַ גרויסן וועלט־שונא

און דער גורל פון אידישן פאָלק; אַז די צוקונפט פון זייער פריי לאַנד, אַמעריקע, ליגט אין זייערע הענט, אַז זיי זאָלן זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין געפאַר צו העלפן געווינען די מלחמה . . .

נאָר דאָ האָט זיך אַריינגעמישט זיין פרוי:

— קינדער, — האָט זי, ווי מיט עפּעס אַ פרעמד קול אויסגעשריען, — הערט אים ניט, איר זאָלט זיין פאָרזיכטיק, איר זאָלט זיך היטן, איך וויל זען צוריק מיינע קינדער . . .

און דערביי איז זי זיך פאַרגאַנגען אין עפּעס אַ מאָדנער היסטע־ריקע. . .

אָט דאָס איז געוואָרן פון זיין אַמאָליקער רעוואָלוציאָנערקע, די פייערדיקע „רויטע רחל" . . .

אַ קלונג אין טיר האָט איבערגעריסן זיינע געדאַנקען. ווען ער האָט די טיר געעפנט, איז דאָרטן געשטאַנען דער בריוו־טרעגער, וואָס האָט אים דערלאַנגט אַ „ספּעשל דעליווערי"־בריוו. ער האָט אויפן קאָנווערט גלייך דערקענט זיין זונס האַנטשריפט און ער האָט מיט גרויס שמחה אַ רוף געטאָן זיין פרוי:

— רחל, רחל, אַ בריוו פון אונדזער מעקסי!

רחל איז אַריינגעלאָפן אַ בלייכע. מיט ציטערנדיקע הענט האָט זי אַ כאַפּ געטאָן דעם בריוו, אויפגעריסן דעם קאָנווערט און מיט אַ שוואַך קול אָנגעהויבן לייענען:

„ליבע עלטערן. וואָס מאַכט איר? איך בין אָלרייט, און ווי איר זעט, לויטן קאָנווערט, געפין איך זיך אין אויסטראַליע, און דאָס איז איינע פון די סיבות, פאַרוואָס איר האָט פון מיר אַזאַ לאַנגע צייט ניט געהערט. און מעגלעך, אַז איר ווייסט שוין יאָ וועגן מיר פון די צייטונגען, ווייל איידער איך בין אָפּגעפאָרן קיין אויסטראַליע, האָב איך זיך באַטייליקט אין אַ שלאַכט, וואו איך בין כמעט געווען דער לעצטער צו פאַרלאָזן מיין פּאָסטן אַלס ראַדיאָ־אָפּערייטאָר און מיט מיינע סיגנאַלן געהאָלפן ראַטעווען אַ סך פון אונדזערע „באָיעס". איך האָב דערפאַר געקראָגן אַ מעדאַל און בין דערהויבן געוואָרן צום ראַנג פון אַן ערשטן ליוטענאַנט. איך מיין אָבער, אַז מען מאַכט פון דעם אַ צו־גרויסן וועזן, ווייל איך פיל ערשט איצט, ווי זיך צו צעפירן די הענט און אָנהויבן צו קעמפן קעגן אונדזערע שונאים. איך האָף, אַז מען וועט מיך דאָ באַשטי־

מען אויף אַ „באָמבער" אַלס אַ ראַדיאָ־אָפּערייטאָר און איך וועל זיין איינער פון די, וואָס וועט העלפן אויסראָטן דעם שונא ביזן וואָרצל . . . און דו, מאַם, זאָלסט זיך ניט זאָרגן, איך טרינק דאָ גענוג אָראַנדזש־זאַפט און איך פיל זיך געזונט און שטאַרק. איך האָב אויך געשריבן אַ בריוו צו רובין. זייט געזונט און זאָרגט זיך ניט וועגן מיר. עס פעלט מיר דאָ גאָרניט און איך בין אָקעי. שרייבט מיר אַ לאַנגן בריוו. אייער קליינער שנעלע, וואָס איז דאָ אויסגעוואַקסן, — אייער מעקס".

„פּ. ס. — אויב עס איז נאָך וועד פאַרבליבן פון די „באַיעס" פון בלאָק, גיט זיי איבער אַ גרוס פון מיר".

ווען רחל האָט געענדיקט לייענען דעם בריוו, האָט אַ שטראָם מיט טרערן זיך אַ גאָס געטאָן פון אירע אויגן, נאָר דאָס מאָל זיינען עס געווען טרערן פון פרייד. דער באַוואוסטזיין, אַז איר קינד לעבט און איז געזונט, האָט איר געשטאַרקט, און דאָס, וואָס ער האָט זיך אַזוי העלדיש אויסגעצייכנט, האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ געמישט געפיל פון שטאָלץ און מורא . . . און ווען די גוזאַלצענע טרערן זיינען איצט גערונען פון אירע אויגן איבער אירע בלאַסע באַקן, האָט זי געפילט, ווי זיי וואַשן אַוועק די שווערע שטיינער, וואָס האָבן זיך אַוועקגעלייגט אונטער איר האַרצן . . .

זי האָט איצט געקוקט אַ געלייטערטע אויף איר מאַן, וואָס האָט אַרומגעשפּאַנט אין הויז אַ צעשטראַלטער און זיך אַזש געריבן די הענט פון גרויס נחת.

— נו, דאַרפסטו וויינען, רחל? — האָט ער כּלומרשט פאַרגעוואָרפן זיין פרוי, — אונדזער קינד לעבט און איז געזונט און איז נאָך אַ העלד דערצו! — האָט ער מיט שטאָלץ אַרויסגערעדט, — געירשנט דעם טאַטנס קעמפעריש בלוט—האָט ער איר גוטמוטיק אַריינגעזאָגט,—און איצט, אַז דו ווייסט שוין וואו ער געפינט זיך, וויל איך מער ניט זען קיין טרערן. איצט וועסטו שוין קאָנען אַ באַרואיקטע אַוועקפּאַ־ן פאַר אַ פּאָר וואָכן אין די בערג זיך אויסרוען . . .

זיי האָבן זיך ביידע געזעצט עסן און דערביי געגומען אויסרעכענען, אַז די מלחמה וועט שוין לאַנג ניט אָנהאַלטן, אַז גאָר אין גיכן וועלן מיר האָבן דעם גרויסן זיג און די קינדער וועלן אַהיים קומען בשלום.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ געפּילדער, און איידער זיי האָבן

נאָך צייט געהאַט צו עפענען די טיר, האָט זיך אַריינגעלאָזט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע פון פריינט, אייגענע און לאַנדסלייט ; מען האָט אויך באַמערקט צווישן זיי פרעמדע מענטשן ; כמעט יעדער איינער פון זיי האָט געהאַלטן אַ צייטונג אין האַנט, ווער אַ אידישע און ווער אַן ענגלישע ; אַלע האָבן גערעדט אויף אַמאָל און אַלע האָבן אָנגעוויזן אויף מעקסיס בילד אין די צייטונגען. שמואל־זעליג, דער לאַנדסמאַן, האָט דאַן אַ קאָמאַנדעווע געטאָן, אַז ס׳זאָל זיין שטיל, אַז רעדן זאָל איינער, ניט אַלע אויף אַמאָל . . . און זאָלן זיי וויסן, די טאַטע־מאַמע, אַז זייער זון, מעקסי, איז היינט דער העלד פון טאָג און איז אַ שטאָלץ פאַר אידן . . .

נאָכדעם האָט ער הויך אויפן קול אַרויסגעלייענט פון דער צייטונג, וואו עס ווערט דערציילט, ווי מעקסי גאָלדשטיין האָט ביי דער לעצטער שלאַכט, אונטער אַ האָגל פון באָמבעס, ניט פאַרלאָזט זיין פאָסטן און אַרויסגעשיקט ראַדיאָ־סיגנאַלן וואָס האָבן אויף אַזאַ אופן געהאָלפן ראַטעווען ס׳לעבן פון טויזנטער סאָלדאַטן. ווייטער ווערט דערציילט, ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט און מיט וואָס פאַר אַ צערעמאָניע ער איז דעקאָרירט געוואָרן, ווען מען האָט אים אָנגעטאָן דעם מעדאַל פאַר בראַווקייט און אים דערהויבן צום ראַנג פון ליוטענאַנט.

עס זיינען אָנגעקומען רעפּאָרטערס פון ניו־יאָרקער צייטונגען, וועלכע האָבן געוואָלט וויסן אַלע איינצלהייטן וועגן מעקסין און זיינע עלטערן. אַלע ווײַלע האָט געקלונגען דער טעלעפאָן מיט באַגריסונגען.

אין הויז איז געווען פריילעך, מען האָט געטרונקען לחיים, זיך געוואונטשן אַ שנעלן זיג און אַ גיכן סוף צו היטלערן און זיינע גענגסטערס. אַלע זיינען געווען פריילעך, אָבער ניט רחל, מעקסיס מאַמע . . . זי האָט געפּרוווט שמייכלען, נאָר עפּעס איז דאָס געווען אַ געצוואונגענער שמייכל. יעדן מאָל, וואָס מען האָט דערמאָנט איר זונס נאָמען, זיינען ביי איר די אויגן פול געוואָרן מיט טרערן . . .

שמואל זעליג האָט דאָס באַמערקט, און אַלס לאַנדסמאַן, וואָס איז געווען שטאָלץ מיט זיין לאַנדס־פּרויס זונס טאַט, האָט אים פאַרדראָסן אויף רחלען, וואָס זי נעמט־אויף איר זונס העלדישקייט מיט אַ געוויין.

— וואָס איז ? וואָס וויינסטו ? האָסט אַ זון אַ העלד, וויינסטו גאָר ? נאַ, — האָט ער איר אונטערגעטראָגן אַ גלעזל ווייַן, — מאַך אַ

לחיים און דערציילט אונדז עפּעס וועגן דיין זון מעקסעלען.

זי האָט אוועקגעשטעלט דאָס גלעזל אָן אַ זייט און דערציילט, אַז פּאַר איר מעקסן האָט זי זיך אַלעמאָל געשראָקן, אַ ווילד קינד געווען, וואָס האָט קיינמאָל ניט געוואוסט פון דעם וואָרט „מורא". ווען זי פלעגט אים אין דער פרי אָנטאָן אַ נייַ „סוטל", האָט מען עס אין אָוונט שוין ניט דערקענט, אַזוי פאַרשמירט און צעריסן איז עס געווען. ער פלעגט זיך אונטערגנבענען אויף פאַרבייפאָרנדיקע אויטאָמאָבילן, און ווען זי פלעגט מיט אים גיין אין אַ גאָרטן, פלעגט ער מיטאָמאָל נעלם ווערן און אויסוואַקסן ערגעץ אויף אַ הויכן בוים, און פון שפּיץ דאַך פלעגט ער אַרונטערקריכן ווי מען גייט אַרונטער פון שטיגן . . .

און אַז מ'איז זיך געגאַנגען באָדן, פלעגט ער אַוועקשווימען אין די שטורעמדיקע וואַסערן, ביז מען האָט מער ניט אַרויסגעזען, ווי אַ קליין פּינטעלע, און אַמאָל האָט מען קיין פּינטעלע אויך ניט אַרויסגעזען. אָן אַ האַרץ פלעגט זי דאַן בלייבן. און וויפיל זי פלעגט מיט אים איינטענהן, אַז מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק, אַז אַ מענטש מוז זיך היטן, האָט גאָר־ניט געהאָלפן, ער האָט קיינמאָל ניט גערוט, און דערפאַר שרעקט איר ס'האַרץ איצט, ווייל זי ווייסט. אַז ער וויל ניט וויסן פון קיין שרעק און פון קיין געפאַר . . .

— דו ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, רחל, — האָט שמואל זעליג זיך אַריינגעמישט, — דו דערמאָנסט מיך וואָס מען דערציילט וועגן דער אידענע, וואָס האָט געשיקט איר זון אין דער רוסיש־טערקישער מלחמה. זי האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ווען ער וועט קעמפן אויפן שלאַכטפעלד, זאָל ער זיין פאָרזיכטיק און למען־השם זיך ניט איבעראַרבעטן. מיין קינד —האָט זי צו אים געזאָגט,—שיס אַ טערק און רו זיך אָפּ, שיס אַ טערק און רו זיך ווידער אָפּ . . .

אַלע האָבן זיך צעלאַכט.

רחל האָט זיך פאַרשעמט.

זינט יענעם זונטיק זיינען שוין אַוועק אַ פּאָר טעג. רחל האָט זיך אַביסל באַרואיקט. נאָר איצט האָט זי ערשט דערפילט ווי שוואַך זי איז און ווי אויסגעשעפּט עס זיינען אירע כוחות.

און נאָכדעם, ווי איר מאַן האָט מיט איר אַ לאַנגע צייט איינגע־טענהט און איר באַוויזן, אַז מיט דעם, וואָס זי מאַכט פון זיך אַ תל,

וועט זי דערמיט אירע זין גאָרניט העלפן, נאָר פאַרקערט, עס וועט זיי פאַרשאַפן אַ סך צער, און ווען זיי וועלן אי״ה אַהיים קומען זיגרייכע פון דער מלחמה, וועלן זיי בעסער וועלן האָבן אַ געזונטע מאַמע, איידער אַ קראַנקן שאַרבן, האָט זי ענדלעך איינגעשטימט אַוועקצופאָרן אין די בערג זיך אויסצורוען.

רחל האָט מיט אַ געצוואונגענעם מוט איינגעפּאַקט אירע זאַכן. נאָכדעם איז זי אַריין אין די זינס שלאָפצימער, האָט איר אַ קלעם געטאָן ביים האַרצן . . . פון אַלץ האָט דאָ געוויית מיט אַזאַ טויטער שטילקייט, וואָס האָט אויף איר אָנגעוואָרפן שרעק . . .

זי האָט געעפנט זייער קליידער־שראַנק, אָפּגעציילט אַכט „סוטס״, זיי זיינען דאָרט געהאַנגען גלייך, ווי אויסגעצויגענע סאָלדאַטן . . . האָט זי צוגעטוליעט איר קאָפּ צו איינעם פון די מאַנטלען און מיט דער רעכטער האַנט האָט זי געגלעט דעם אַרבל, און דערביי האָט זי שטיל געשעפּטשעט:

„קינדער מיינע, טייערע, זין מיינע, איר זאָלט מיר נאָר אַהיים קומען געזונטערהייט״.

נאָכדעם האָט זי זיך אַוועקגעזעצט שרייבן בריוו צו אירע קינדער, נאָר אויפן האַרצן איז איר עפּעס געווען אַזוי שווער, אַ טיפער אומעט האָט דאָרט געדריקט. האָט זי באַשלאָסן, אַז זי וועט שוין צו זיי בעסער שרייבן פון די בערג, וואו זי האָט געהאָפט צו זיין אין אַ בעסערער שטימונג. סיי־ווי האָט איר מאַן אַוועקגעשיקט בריוו צו זיי נאָך יענעם זונטיק, ווען די גוטע נייעס איז אָנגעקומען.

זי האָט זיך פלעגמאַטיש גענומען אָנטאָן, און ווען זי איז אַזוי געבליבן זיצן פאַרן שפּיגל, האָט זי זיך דערשראָקן פאַר איר אייגענעם אויסזען. ווייַ, וויי, ווי זי האָט זיך דאָס געעלטערט אין די לעצטע עטלעכע חדשים — האָט זי אַ טראַכט געטאָן — ערשט ניט לאַנג צוריק האָט קיינער ניט געוואָלט גלויבן, אַז זי איז אַ פרוי שוין נאָענט צו די פופציקער, זי האָט גיכער אויסגעקוקט נאָענט צו פערציק. אירע רויטע האָר זיינען עפּעס ווי איבער נאַכט באַזילבערט געוואָרן. אַרום איר מויל האָבן זיך אַוועקגעלייגט טיפע קנייטשן, און אירע אויגן, וועלכע האָבן ערשט ניט לאַנג געשפּריצט מיט יוגנטלעכן פייער, זיינען

געווען ווי אויסגעלאָשן און דערציילט פון שלאָפלאָזע נעכט און טיפע איבערלעבונגען.

„אַי, רחל, רחל, וואָס איז פון דיר געוואָרן ? — האָט זי צו זיך אַליין געשעפּטשעט, — ניין, עס קאָן אַזוי ווייטער ניט גיין !" — און מיט אַ פעסטן באַשלוס און זיכערע טריט האָט זי פאַרלאָזן דאָס הויז מיטן געדאַנק צו ווערן צוריק אַ „מענטש" . . .

רחל ליגט פאַרטראַכט אין העמאַק, וואָס הענגט צווישן די בוימער . . . אַרום שפּרייטן זיך ווייטע, גרינע פעלדער. אַ שמאָלער טייך פליסט שטיל און אַ וואָסערל שפּיגלט־אָפּ די שפּעטע נאָכמיטאָג־זון, וואָס וואַרפט פון זיך גאָלדענע שטראַלן.

ערשט דריי טעג, אַז זי געפינט זיך דאָ און זי פילט שוין שטאַרקער. די רואיקייט אַרום איר ווירקט ווי אַ באַלזאַם אויף איר צעווייטיקטער נשמה. זי האָט ליב אַזוי זיך צו פאַרקלייבן איינע אַליין אין שטילן וואַלד און אומגעשטערט טראַכטן:

„אַך, ווי די יאָרן לויפן !"

עס נעמען מיטאַמאָל פאַר איר אויפשווימען בילדער פון לאַנג־פאַרשוואונדענע יאָרן. זי זעט זיך צוריק אין דער היים. זי איז יונג, שיין און געזונט, אַ גראַדואירטע קראַנקן־שוועסטער, אַרבעט אין אַ שפּיטאָל און האָט ליב די אַרבעט. דורך אירער אַ פריינדין ווערט זי אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אַך, מיט וויפיל פייער זי האָט עס געקעמפט אַנטקעגן דער צאַרישער רעגירונג, וויפיל מאָל איז זי עס געווען אין געפאַר פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר . . .

עס קומט איר אַרויף אויפן זינען יענער שבת נאָכמיטאָג, ווען זי האָט אויף דער געהיימער פאַרזאַמלונג באַגעגנט דודן, איר איצטיקן מאַן. אַן אָנגענעמער ציטער לויפט דורך איר קערפּער, ווען זי דערמאָנט זיך ווי זיי פלעגן זיך טרעפן אין געהיים, ווי שטורמיש זייער ליבע האָט געפלאַקערט, אַזוי שטורעמדיק, ווי זייער קאַמף אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג . . . ביז זיי זיינען ביידע געווען אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן און די פּאַרטיי האָט זיי געצוואונגען צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, אויב זיי ווילן ניט אַריינפאַלן אין קאַטאָרגע . . .

זי דערמאָנט זיך, ווי שווער עס איז איר געווען דאָס געזעגענען

זיך מיט טאַטע־מאַמע און איר איינציק יונג ברודערל, וועלכן זי האָט אַזוי ליב געהאַט.

דערמאָנענדיק זיך אָן אים, האָט זי אינגאַנצן אויפגעציטערט. ביז אירע זין זיינען ניט אַוועק אין דער אַרמיי, איז דער ברודער מיט זיינע צוויי קינדער ביי איר געווען די אָנגעווייטיקטסטע פּראָבלעם. ווען אירע עלטערן זיינען געשטאָרבן, האָט זי דעמאָלט געוואָלט אַריבערברענגען איר ברודער. ער האָט אָבער ניט געוואָלט קומען, ווייל ער האָט שוין געהאַט אַ כלה, מיט וועלכער ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט און זי האָט אים געבוירן צוויי קינדער, און זיי האָבן זיך געלעבט גליקלעך ביז די היטלער־האָרדעס זיינען באַפאַלן פּוילן. איר ברודער איז דעמאָלט אַוועק אין דער פּוילישער אַרמיי און איז שוין מער ניט צוריקגעקומען. און ווען זי האָט דערהאַלטן אַ בריוו פון איר שוועגערין, אַז איר מאַן איז דערהרגעט געוואָרן, קעמפנדיק אויפן שלאַכטפעלד, און זי איז געבליבן אַן אַלמנה מיט די צוויי קינדער אָן מיטלען צום לעבן, האָט זי געטאָן אַלץ זיי צו העלפן: זי האָט זיי געשיקט געלט, זי האָט אויך געפּרואווט זיי אַריבערברענגען, די אויסזיכטן זיינען געווען גוטע, זי האָט שוין געהאַט געשיקט די נויטיקע פּאַפּירן און געלט . . . מיטאַמאָל האָט אויסגעבראָכן די מלחמה מיט אַמעריקע און ס׳איז אָפּגעווישט געוואָרן יעדע האָפענונג זיי אַריבערצוברענגען אין דעם איינציקן לאַנד, וואו עס איז נאָך דאָ פרייהייט, צו לעבן, ווי עס געפעלט —

יעדעס מאָל, ווען זי לייענט אין די צייטונגען, ווי עס לעבן די אידן אין דער געטאָ אין פּוילן, זעט זי איר שוועגערין מיט די קינדער צווישן די אומגליקלעכע, און איר פאַנטאַזיע מאָלט איר שרעקלעכע בילדער, ווי מען מוטשעט זיי אָן רחמנות. איר בלוט ווערט פאַרקילט פון דעם געדאַנק.

אין די לאַנגע נעכט, ווען זי פלעגט ניט קאָנען איינשלאָפן, פלעגט זיך איר דאַכטן, אַז זיי שטייען נאָענט לעבן איר בעט, בלייכע, קראַנקע, מיט אויסגעלאָשענע אויגן און פאַרטריקנטע ליפּן און בעטן: „ראַטעווע, נעם אונדז אַרויס פון דעם לעבעדיקן גיהינום, די שמיץ ברענען אונדזער לייב, דער הונגער מוטשעט! און די קינדער, אוי שוועגערין, די קינדער, איך קאָן ניט צוזען, ווי זיי הונגערן, ווי עס איז געשוואָלן יאַנקעלעס לייב, די ליפּעלעך זיינען ביי אים פאַרטרוקנט" . . .

אַזוי בילד נאָך בילד, איין בילד נאָכן אַנדערן, און איין בילד איז שרעקלעכער פון דעם צווייטן . . .

אַ פויגל האָט זיך ערגעץ טרילנדיק צעזונגען און אַוועקגעצויגן איר געדאַנק פונם בלוטיקן קאָשמאַר.

רחל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו זען פון וואַנען דאָס געזאַנג טראָגט זיך, און דערביי געטראַכט וועגן דער נאַטור, וואָס גייט זיך איר גאַנג און וויל ניט וויסן פון קיין מלחמות, אפילו פון דער איצטיקער בלוטיקסטער וועלט־מלחמה פון אַלע צייטן, ווען אַ מענטשנס לעבן האָט אַ קלענערן ווערט, ווי דאָס מינדסטע ווערעמל דאָ אין וואַלד . . .

און דער פויגל, ניט ווייט פון איר, האָט זיך אַלץ הילכיקער צע־זונגען, זיך געגאָרגלט, געמאַכט חנדלעך, ווי אַ פּרימאַדאָנע, וואָס וויל ווייזן איר קונסט . . . פון ערגעץ האָט אַ צווייטער פויגל אָפּגעענטפערט, ווי זיי וואָלטן זיך דורך געזאַנג דורכגערעדט . . .

רחל האָט צוריק אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ און איינגעשלאָפן אונטער דעם כישופדיקן געזאַנג פון די פייגל.

ווען זי האָט געעפנט די אויגן, האָט די זון שוין געהאַט אָפּגעלויכטן איר טאָג. בלויז אַ רויטן פּאַס האָט די זון נאָך איבערגעלאָזן. שפּיצן פון בוימער האָבן זיך ערטערווייז געצונדן און ערטערווייז געלאָשן און דערביי זיך סודותדיק געוויגט. דער טאָג האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אַוועק אין זיין אייביקער רו און עס האָט זיך אַרויסגעשלייכט די נאַכט מיט שטילע, אומבאַמערקטע טריט. זי איז געקומען פון וואַלד, פון די תבואה־פעלדער, פון אומעטום.

רחל האָט זיך אַרומגעקוקט. אַ האַלבע זילבערנע לבנה האָט זיך באַוויזן אונטער אַ קליין וואָלקנדל. זי האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז זי איז אפנים לאַנג געשלאָפן, יאָ, זי איז שוין אַזוי געשמאַק ניט געשלאָפן אַ לאַנגע צייט.

אַ פרישע, אַן אויסגערוטע, האָט זי זיך געלאָזט גיין אויפן שליאַך וואָס פירט צום האָטעל.

ווען זי איז אַרויס פון וואַלד, האָט זי פון דער ווייטנס דערזען, ווי עס גייט איר אַנטקעגן די . . . וואָס קיינער ווייסט ניט צי זי איז אַ מיידל, צי אַ ווייבל ; מ׳ווייסט בלויז, אַז איר נאָמען איז באַראַד, און זי איז עפּעס אַזאַ מאָדנע, האַלט זיך פון דער ווייטנס. מען ווייסט אויך, אַז זי

איז אַ נוידס. מסתמא, האָט רחל אַ טראַכט געטאָן, איז זי אַן עלטערע מיידל . . . יעדנפאַלס ווייזט זי אויס צו זיין אַ סימפּאַטישער מענטש.

— גוד־איווינינג, מיסעס גאָלדשטיין! — האָט איר מיס בּאַראַד באַגריסט.

— גוד־איווינינג, מיס באַראַד!

— איר ווייסט, — האָט מיס באַראַד איר געלאָזט וויסן, — מען זוכט דאָך אייך אַרום. מיר האָבן מורא געהאַט, אַז איר האָט ערגעץ פאַרבלאָנדזשעט. איך האָב געוואוסט, אַז איר האָט ליב אַליין צו גייך אין וואַלד, האָב איך מיך געלאָזט אויף דעם וועג און אייך דאָ טאַקע געטראָפן. אָבער אַליין? אַבי איך האָב געמיינט, אַז איך וועל אייך פאַקן מיט אַ קאַוואַליר . . .

זיי האָבן זיךביידע צעלאַכט.

— איך האָב מיך פאַרשלאָפן, — האָט זיך רחל ווי פאַרענטפערט.

— איך בין שוין לאַנג אַזוי געשמאַק ניט געשלאָפן.

— גייט, גייט, איך גלייב אייך ניט! — האָט מיס באַראַד זיך געווייצלט.

רחל האָט דערפילט אַ נאָענטע וואַרעמקייט צו דער אומבאַקאַנטער:

— איר ווייסט, איך שטאַרב עסן.

— איר וועט שוין אָבער גאָרניט קריגן, די קיך איז שוין לאַנג געשלאָסן.

— איז דאָך טאַקע שלעכט, — האָט זיך רחל געזאָרגט, — וועל איך דאַרפן פאַסטן ביז מאָרגן פרי.

— נו, ניט געזאָרגט, מאַדאַם גאָלדשטיין, איך האָב אַ „פול" מיטן קוכער און מיטן „העד־ווייטער", וועל איך שוין זען, אַז איר זאָלט הייגט ניט הונגערן.

רחל איז געוואָרן אַנגעשטעקט פון דער מיס באַראַדס פריילעכער שטימונג און זי האָט געפילט אַזוי גוט און גרינג אויף איר געמיט . . .

זינט יענעם אָוונט איז רחל מיט דער מיס באַראַד געוואָרן נעענטער באַפריינדעט. זיי זיינען אָפט געגאַנגען אויף לאַנגע שפּאַצירן. זי האָט שוין איצט געוואוסט, אַז די באַראַד איז אַן אַלמנה און האָט צוויי דער־וואַקסענע קינדער, אַ זון אין דער אַרמיי און אַ טאָכטער אין קאָלעדזש. פון זון הערט זי גאָר ווייניק. זי אַליין האָט שטענדיק שווער געאַרבעט

און גוט פֿאַרדינט אַלס נוירס אין אַ שפּיטאָל. ניט לאַנג צוריק האָט זי זיך אָנגעשלאָסן אַלס נוירס אין דער אַרמיי, וואו זי וועט אינגיכן אָפּפֿאָרן ערגעץ צום פֿראָנט, דערפֿאַר איז זי אַהער געקומען אויף וואַקאַציע, איידער זי פֿאָרט אָפּ.

— יאָ, איך וויל זיך פֿריער אויסרוען, — האָט זי געזאָגט צו רחלען, — ווייל געזונטע נערוון און דאָס גוטע ביסעלע געזונט איז דאָס בעסטע געווער, וואָס איך קאָן מיטברענגען אויפֿן שלאַכטפֿעלד, און איך וועל עס מסתמא נויטיק דאַרפֿן . . .

רחל פֿלעגט איר אויסהערן מיט דער גרעסטער אויפֿמערקזאַמקייט און דערביי שטאַרק באַוואונדערן איר מוט און קאַלטע געלאַסנקייט. גלייכצייטיק פֿלעגט זי איר אין געדאַנק באַשולדיקן, אַז זי איז פּשוט אַ קאַלטע מאַמע, וואָס פֿילט ניט טיף, ווייל ווי אַנדערש וואָלט זי געקאָנט רעדן מיט אַזאַ גלייכגילטיקייט וועגן איר זון, וואָס געפֿינט זיך אפֿשר ערגעץ איצט אין מיטן פֿייער פֿון אַ שלאַכט. . .

אין דעם זעלבן טאָג פֿלעגט די באַראַד אויך רעדן וועגן איר מיסיע, וואָס זי האָט אָנגענומען אַלס מלחמה־נוירס. איינמאָל האָט איר רחל אָפּן באַשולדיקט, אַז זי איז אַ קאַלטע מאַמע.

דאַמאָלסט האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, ווי אַזוי די שטילע, גוטמוטיקע פֿרוי באַראַד איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווילדע. זי איז מיטאַמאָל געוואָרן אָט בלייך און אָט רויט. אירע אויגן האָבן גע־שפּריצט מיט פֿייער. זי האָט אינגאַנצן געציטערט פֿון אויפֿרעגונג און מיט אַ קול, וואָס האָט געדונערט, האָט פֿרוי באַראַד אויסגערופֿן:

— ווער איז אַ קאַלטע מאַמע, איך? איך בין פּונקט אַזאַ גע־טרייע און איבערגעגעבענע מאַמע, ווי איר, און אויב מען קאָן אַזאַ זאַך מעסטן מיטן אַרשין, האָב איך אַלס אַלמנה מער איבערגעטאָן פֿאַר מיינע קינדער, ווי איר פֿאַר אייערע . . . איך בין אַליין געוועזן דער טאַטע און די מאַמע, איך האָב ניט חתונה געהאַט צוליב מיינע קינדער, ווייל איך האָב זיי ניט געוואָלט געבן קיין שטיף־פֿאָטער. דער אונטערשיד צווישן מיר און אייך איז, וואָס איך בין ניט צעקראָכן און קוק דעם אמת גלייך אין פּנים אַריין, און אַלס באַוואוסטזיניקער מענטש ווייס איך, אַז עס איז אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. ווען מיר פֿאַרלירן, חלילה, די מלחמה, האָבן מיינע קינדער דאָ ניט קיין שום עקזיסטענץ, און אַלס

קינדער פונם אידישן פאָלק האָבן מיר גאָרניט וואָס צו פאַרלירן אין קאַמף פאַר אונדזער פרייהייט. ווייל וואָס מיינט אַ לעבן אין אַ וועלט פון פינצטערער שקלאַפעריי, מאָרד און רויב ? דערפאַר שטעל איך אין קאָן מיין אייגן לעבן און דאָס לעבן פון מיין קינד . . . איך וויל בעסער אויסקעמפן מיין פרייהייט אויפן שלאַכטפעלד, איידער שטאַרבן אין קאַנ־צענטראַציע־לאַגער, אָדער אויסגיין אין די גאַז־קאַמערן... ניין, איך וויל גאָר ניט לעבן אין אַזאַ וועלט, מוחל אַזאַ לעבן !

רחל האָט אין האַרצן געמוזט צוגעבן, אַז דער פרוי באַראַדס רייד זיינען ריכטיק ווי גאָלד, און זי האָט פאַר איר געקראַגן גרויס אָפּשיי, און אויף זיך האָט זי אָנגעהויבן צו קוקן מיט ביטול. צום הונדערטסטן מאָל האָט זי זיך געפרעגט : וואָס איז דאָ געוואָרן מיט מיר ? איך בין דאָך אַמאָל געווען אַ רעוואָלוציאָנערקע, האָב געשטורעמט די באַריקאַדן! וואו זשע איז דאָס אַלץ אַהינגעקומען ? אַפּנים איך ווער אַלט, ניטאָ מער די יונגע כוחות, — האָט זי זיך געזוכט צו פאַרענטפערן, — ניין, דאָס איז דאָך ניט ריכטיק ! ס'זיינען בלויז פוילע תירוצים ! אָט איז דאָך די פרוי באַראַד כמעט אין איין עלטער מיט מיר און זי טוט נאָך עפּעס אויף פאַר דער מענטשהייט . . .

נאָך אַ לענגערן קלערן און נאָכטראַכטן, זוכנדיק די סיבה פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי געענדערט שוין באַלד ביי איר אָנקומען קיין אַמעריקע און פאַרלוירן דעם געפיל פאַרן קאַמף, איז זי געקומען צום באַשלוס, אַז ניט אַנדערש, אַז נאָר די אַמעריקאַנער פרייהייט, וואָס זי האָט דערפילט גלייך ביים אַרויפשטעלן דעם פוס אויף דער פרייער ערד, איז אין דעם שולדיק געווען . . .

זי דערמאָנט זיך איצט דעם מאָדנעם געפיל, וואָס האָט איר אַרומ־געכאַפּט, ווען זי האָט אין ניו־יאָרק צום ערשטן מאָל זיך צוגעהערט צו אַ רעדנער, וואָס האָט גערעדט אויפן ראָג גאַס. אַ גרויסער עולם איז געווען פאַרזאַמלט. עס איז דעמאָלט געווען פאַר די וואַלן. דער רעד־נער האָט פריי און אָפן געזידלט דעם פרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן מיט די מיניסטאָרן, אָנגערופן די געזעצמאַכער כאַבאַרניקעס, מיט נאָך און נאָך אַזוינע שיינע נעמען, פאַר וועלכע מען וואָלט אין דער היים אפשר באַצאָלט מיטן לעבן . . . און צולעצט האָט דער רעדנער אויפגע־

פאָדערט די פאַרזאַמלטע צו שטימען פאַר דעם סאָציאַליסטישן קאַנ־דידאַט . . .

זי איז דעמאָלט געווען אַזוי צעשראָקן פון זיינע רייד, אַז זי האָט זיך געהאַלטן אין איין אַרומקוקן, צי קומט ניט פון ערגעץ אָן פּאָליציי צו אַרעסטירן דעם רעדנער צוזאַמען מיט די פאַרזאַמלטע . . . צו איר גרויסער איבעראַשונג האָט זי גאָר באַמערקט ווי אַ פּאָליציי־מאַן שטייט צווישן עולם און האַלט גאָר אָרדענונג, הערט זיך צו און גענעצט גאַנץ געשמאַק . . .

אָט אין יענער מינוט האָט זיך עס ביי איר אַריינגעגנבעט דאָס געפיל, אַז אַמעריקע איז אַ גענוג פריי לאַנד, וואָס האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון פרייהייט און ס'איז ניטאָ מער פאַרוואָס צו קעמפן . . .

דערווייל איז ביי איר געבוירן געוואָרן אַ קינד, און אַ פּאָר יאָר שפּע־טער נאָך אַ קינד. מיטן אָנקומען פון די קינדער איז איר גאַנצער גע־דאַנק געוואָרן פאַרנומען מיט זיי, זי האָט צוגעקראָגן גרויסע פאַראַנט־וואָרטלעכקייטן, זי האָט געמוזט איבער זיי וואַכן. אַ שווער האָדעווען האָט זי געהאַט ביי די קינדער. זיי זיינען, דאַכט זיך, דורכגעגאַנגען אַלע קראַנקהייטן, געפּאָקט און געמאָזלט, געהאַט סקאַרלאַטינע, און אָפטמאָלביידע צוזאַמען . . . דער קייך־הוסט האָט איר גאָר אַוועקגעלייגט . . . אָט אַזוי זיינען אַלע חושים אירע פאַרבונדן געוואָרן מיט דעם נאָמען „מאַמע”, פאַרגעסנדיק אין אַלע אַנדערע פליכטן.

עס זיינען געלאָפן די יאָרן. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די מלחמה אין פּוילן, האָט רחל פאַרגאָסן טייכן טרערן אויפן ביטערן מזל פון די צוויי קינדער, וואָס זיינען פאַרבליבן פון איר ברודער, און אויף דער אומ־גליקלעכער שוועגערין פון וועמען זי פלעגט קריגן האַרצרייסנדיקע בריוו. אָבער אויך בריוו האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו קומען . . . אין מוח ביי רחלען האָט אַלע מאָל געהאַמערט איין פראַגע: לעבן זיי נאָך? און אויב זיי לעבן, האָבן זיי צו עסן? און אויב חלילה קראַנק, צי קריגן זיי מעדיצין?

אָט אַזעלכע פראַגן האָבן זיך שטענדיק געשפּאַרט אין איר צע־טומלטן מוח און זי ניט געלאָזט רוען. איר מאַן און אירע זין האָבן זי געזוכט צו באַרואיקן און אויף פאַרשידענע אופנים געזוכט צו באַווייזן, אַז זי דאַרף ניט זאָרגן, זי האָט זיך אַליין אויך געזוכט צו באַרואיקן,

אַלץ געהאַפט, אַז זיי לעבן און זיינען געזונט . . . אָבער עס האָט איר ווייניק־וואָס געהאָלפן: איר שווער געוואָרן מיט די קינדער זיינען איר אויף אַ מינוט ניט אַרויס פון זינען . . .

זינט אַמעריקע איז אַריין אין דער מלחמה, זיינען אַלע אירע געדאַנקען און געפילן איבערגעגאַנגען צו אירע קינדער, אירע צוויי זין, וועלכע זיינען אויפן שלאַכטפעלד, און זעלטן ווען זי גיט אַ טראַכט וועגן אירע אייגענע אין דער אַלטער היים . . . זי מיידט אויס אפילו צו לייענען די נייעס, וואָס קומט אָן פון ביידע פראָנטן, זי ציטערט פאַר דעם . . .

ס'איז אַ גרויער נאָכמיטאָג. אין דרויסן פליוכעט אַ רעגן. אַ דעמפּע לופט הענגט איבערן האָטעל, די געסט האָבן זיך צעטיילט אין פאַרשידענע גרופּעס; איין גרופּע איז געזעסן און געשפּילט קאָרטן; אַ צווייטע גרופּע האָט זיך צוגעהערט צו אַ מוזיקאַלישן פּראָגראַם, וואָס איז געקומען פון דער ראַדיאָ; אַ דריטע גרופּע איז געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל און גערעדט פון די לעצטע נייעסן, וואָס זיינען געקומען פון פאַרשידענע פראָנטן.

צווישן אָט דער לעצטער גרופּע איז געזעסן רחל גאָלדשטיין מיט איר נייער פריינדין בערטאַ באַראַד. פרוי באַראַד האָט גענומען אַ לעבעדיקן אָנטייל אין געשפּרעך.

צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען אַ נייער גאַסט, אַן אינשורענס־אַגענט, וואָס איז ערשט אָנגעקומען פון ניו־יאָרק. ער האָט דערציילט ווי ער איז ערשט נעכטן אָוונט געווען ביי אַ גרויסן פּראָטעסט־מיטינג אין „מעדיסאָן סקוועער גאַרדן", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן קעגן היט־לערס גרוילִיקע שחיטות אויף די אידן אין פּוילן. מעדיסאָן סקוועער גאַרדן איז געווען געפּאַקט. פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן, צווישן זיי אויך ניט־אידן, האָבן גערעדט. אַלע האָבן זיי פּראָטעסטירט און פאַר־דאַמט היטלערס מערדערייען אויף אומשולדיקע, אומבאַשיצטע אידן. ער האָט דערביי איבערדערציילט די שרעקלעכע פּאַסירונגען, וואָס קו־מען פאָר אין פּוילן, רומעניע, פראַנקרייך און אומעטום, וואו עס געפינט זיך נאָר אַ אידישער ישוב, וואָס איז איצט אונטער דעם יאָך פון דער נאַצישער אָקופּאַציע.

רחלען איז געוואָרן שווער אויפן האַרצן, אויסהערנדיק אַלץ, וואָס

דער נאַרוואָס געקומענער גאַסט פון ניו־יאָרק האָט דערציילט. דורך דער גאַנצער צייט, וואָס זי האָט זיך געפונען אין די בערג, האָט זי ביי זיך אָפּגעמאַכט אפילו ניט צו לייענען קיין צייטונג, כאָטש אַ קורץ שטיקל צייט צו פאַרגעסן אַלע טרויעריקע וועלט־געשעענישן וועגן אייגענע און פרעמדע . . .

—אמת,—טראַכט רחל,—עס איז געווען אַ געצוואונגענע וואַקאַציע, אָבער אַז זי איז שוין דאָ, דאַרף זי עס אויסנוצן אויפן בעסטן אופן, זען, אַז זי זאָל קומען צו זיך, און זי מוז צוגעבן, אַז זי פילט זיך איצט פרישער און געזינטער. אַפילו וועגן אירע אייגענע קינדער, וועלכע געפינען זיך איצט אין דינסט, טראַכט זי ניט מיט אַזוי פיל אַנגסט און מורא, ווי זי פלעגט טראַכטן אין דער היים.

מאָרגן פאָרט זי אַהיים, היינט איז שוין דער לעצטער טאָג, ווייל רחל ניט איבערפירן דעם „לעצטן טאָג”, מיט צוהערן זיך צו אַזעלכע גרוילטאַטן, וואָס דער דאָזיקער מענטש דערציילט וועגן די געשעענישן אין אייראָפּע. גיט ער דאָ ניט צו אַביסל פאַרב צו זיין דערציילן? ווייל ווי קאָן גאָר געמאָלט זיין, אַז אַזעלכעס זאָל טאַקע באמת פאַסירן, עס איז דאָך אַפילו קעגן דער שוידערלעכסטער מענטשלעכער פאַנטאַזיע...

זי האָט באַשלאָסן אַרויפצוגיין צו זיך אין צימער און זיך צולייגן אַביסל שלאָפן.

ווען זי האָט זיך געלאָזט גיין אויף די שטיגן, האָט איר פרוי באַראַד אָפּגעשטעלט:

— וואו גייט איר, רחל?

— איך גיי מיך אַביסל צולייגן.

דאָ האָט זיך בערטאַ אַ כאַפּ געטאָן:

— וואַרט, איך גיי אויך, איך דאַרף דאָך איינפּאַקן מיינע זאַכן.

— און איך האָב שוין מיינע זאַכן לאַנג איינגעפּאַקט, — האָט רחל געזאָגט.

ביידע פרויען האָבן באַשלאָסן צו פאָרן מאָרגן פרי צוזאַמען קיין ניו־יאָרק.

אין האָטעל זיינען אָנגעקומען די נאָכמיטיק־צייטונגען, האָט בערטאַ געקויפט אַ צייטונג און צוזאַמען מיט רחלען זיך געלאָזט אַרויפגיין צו זיך אין די צימערן, וואו זיי זיינען געווען שכנטעס.

— נאָ, נעמט מיט די צייטונג, איך האָב ניט קיין צייט צו לייענען, איך דאַרף פּאַקן! — האָט בערטאַ געשטופּט די צייטונג רחלען אין האַנט אַריין, — נעמט וואָס קלערט איר? איר מעגט שוין אָנהויבן צו לייענען, די וואַקאַציע האָט זיך דאָך שוין געענדיקט.

רחל האָט ניט גערן גענומען די צייטונג און איז פאַרשוואונדן אין איר צימער.

בערטאַ האָט געפּאַקט אירע זאַכן, און ווען זי האָט שוין געהאַלטן אין פאַרשליסן איר וואַליז, האָט זי מיט אַמאָל דערהערט אַ יאָמערדיקן אויסגעשריי פון רחלס צימער. זי האָט דערקענט איר פריינדינס קול.

אַ צום טויט־דערשראָקענע איז זי אַריינגעפאַלן צו מיסעס גאָלד־שטיין. ווען זי איז אַריין אין רחלס צימער, האָט זי דערזען איר פריינדין ליגן אויפן בעט אַ פאַרחלשטע, מיט פאַרמאַכטע אויגן. איר פּנים איז געווען געל ווי וואַקס, אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן צו־זאַמענגעפּרעסט די צייטונג, וואָס בערטאַ האָט איר געגעבן. זי האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז די צייטונג האָט איר געבראַכט עפּעס אַ טראַגישע בשורה . . .

ווי אַ געניטע נוירס, האָט זי גלייך איר אָנגעהויבן מונטערן. זי האָט לאַנג איבער איר געאַרבעט ביז זי האָט איר צוריקגעבראַכט צום באַוואוסטזיין.

רחל האָט פּאַמעלעך געעפנט די אויגן־דעקלעך און אַ שטראָם מיט טרערן האָט זיך אַ גאָס געטאָן פון אירע אויגן.

— וואָס איז געשען? — האָט איר בערטאַ אַ צעשראָקענע אַ פרעג געטאָן, — עפּעס ניט קיין גוטע נייעס? פון וועמען?

רחל האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט מיט אַ שוואַכער שטים:

— מיין שוועגערין מיט אירע קינדער דאָרט . . . — האָט זי בערטאָן דערלאַנגט די צייטונג און זיך ווידער צעיאָמערט.

בערטאַ האָט שטיל פאַר זיך געלייענט:

„דר. שטיין, וואָס האָט זיך ווי דורך אַ נס געראַטעוועט פון די נאַ־צישע הענט און געפינט זיך איצט אין ניו־יאָרק, דערציילט פאָלגנדיקס:

אין שטעטל פּלאָוונע, וואָס געפינט זיך ניט ווייט פון וואַרשע און איז איצט אונטער היטלערס „נייעם אָרדער", זיינען אין דער נאַכט פון ניי־יאָר, דערשאָסן געוואָרן צוויי נאַצי־פּאָליציאַנטן. די צוויי נאַציס

זיינען אַריין אין אַ אידיש הויז, שיכורע און אין אַ גאָר געהויבענער שטי־מונג . . . און דאָרט צעראַבעוועט אַלץ, וואָס זיי האָבן געפונען. ווען זייערע טאַשן זיינען שוין געווען פול, די זעק אָנגעפּאַקט מיט אידיש האָב און גוטס, האָבן זיך די ווילדע בעסטיעס געוואָרפן איינער אויף פרוי גוטמאַן, און דער צווייטער האָט צוגערופן די ברידערלעך, יאַנקעלע און שלמהלע, געהייסן זיי אויסטאָן די לאַנגע קאַפּאָטקעס, דאַן האָט איינער אַרויסגעצויגן אַ רעוואָלווער און באַפוילן דער פרוי גוטמאַן צו שיסן איר עלטסטן אינגל.

ווען די מאַמע איז געפאַלן אויף די קני און געבעטן שענקען איר קינדס לעבן, האָבן בײדע באַנדיטן אויסגעשאָסן דריי קוילן, אין דעם נעקסטן אויגנבליק זיינען פרוי גוטמאַן און אירע צוויי זין געלעגן טויט אין אַ טייך בלוט. און אַזוי איז אויף אַ מערדערלעכן אופן אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער וועלט אַ יונגע מאַמע מיט צוויי קינדער".

ווען פרוי באַראַד האָט געענדיקט לייענען די צייטונג, האָט זי קלאָר פאַרשטאַנען, אַז די צוויי אינגלעך, וועלכע די נאַציס האָבן דער־מאָרדעט, זיינען עס געווען רחלס ברודערס קינדער.

בערטאַ האָט איינגעהאַלטן אירע טרערן און מיט אַ שטימע, וואָס איז געווען פול מיט סימפּאַטיע, האָט זי געזוכט צו באַרואיקן די וויינענדיקע רחל.

מיטאַמאָל האָט רחל אויפגעהערט צו וויינען . . . מיט דער שנעל־קייט פון אַ קאַץ האָט זי אַ שפּרונג געטאָן פון בעט און זיך אויסגעגלייכט אין איר גאַנצער לענג. מיט אויגן, וואָס האָבן געשפּריצט מיט פייער, האָט זי אויסגערופן:

— צום קאַמף! יאָ, מיט זיי מוז מען קעמפן! אויף לעבן און טויט וועל איך מיט זיי קעמפן, מעג איך אַפילו פאַרלירן מיין לעבן, עס לוינט זיך!

בערטאַ האָט זיך דערשראָקן און אַ טראַכט געטאָן, צי איז רחל חלילה ניט אַרונטער פון זינען פון אָט דער גרויליקער געשיכטע . . .

רחל האָט פאַרשטאַנען, וואָס בערטאַ טראַכט איצטער וועגן איר, זי האָט עס דערקענט אין אירע צעטראָגענע בליקן, און זי האָט איר גלייך באַרואיקט:

— האָב קיין מורא ניט, בערטאַ, — איז זי פּלוצלונג איבערגע־

גאַנגעֶן אויף „דו", — איך האָב מיין פאַרשטאַנד חלילה ניט פאַרלוירן, נאָר פאַרקערט — צוריקגעוואונען. שוין מער ווי אַ פערטל יאָרהונ־דערט, ווי איך בין געלעגן ווי אין אַ הינערפּלעט, אָבער היטלער האָט מיך איצט אויפגעוועקט פון מיין לאַנגיאָריקן שלאָף . . . מיט רשעים, וואָס קוילענען אומשולדיקע קינדער מיט אַזאַ רשעות, מוז זיך שלאָגן יונג און אַלט, פרוי און מאַן, אַפילו קינדער . . . אוי, קינדער, מיין שוועסטערס אומשולדיקע קינדער! — האָט זי אַרויסגעקרעכצט.

— בערטאַ, — האָט זי ווייטער גערעדט מיט עקסטאַז, — איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר אין דעם העלפן, גאָט אַליין האָט דיך אַהער גע־שיקט מיר זאָלן זיך דאָ באַקענען. דו ביסט גוט באַקאַנט מיט דער „נוירסינג"־פּראָפעסיע און דו קאָנסט אַלץ אַראַנזשירן פאַר מיר. איך בין נאָך אַ גאַנץ יונגע פרוי, איך פיל מיך צוריק שטאַרק און יונג, ווי אַמאָל אין יענע יונגע יאָרן, ווען איך האָב געקעמפט קעגן רוסישן צאַריזם. איך בין גרייט ווידער אויפצונעמען דעם קאַמף, אָנהויבן פון דאָרט, וואו איך בין געבליבן שטיין מיט אַזוי פיל יאָרן צוריק, איך האָב איצט פאַרוואָס צו קעמפן . . .

— בערטאַ, — האָט זי ווייטער גערעדט מיט היץ, — איך וויל זיך אָנשליסן אָן דער אַרמייס „נוירסעס סוירוויס", איך וויל זיין מיט דיר צוזאַמען, נאָר אויב דער גורל וועט ווילן, אַז איך זאָל פאַרשיקט ווערן אין אַן אַנדערן באַטאַליאָן, איז אויך רעכט, אַבי צום פראָנט . . . איז וואָס זאָגסטו, בערטאַ? — האָט זי איר אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט.

בערטאַ, וועלכע איז די גאַנצע צייט געזעסן שטיל און מיט שפּאַנונג נאָכגעפאָלגט איר נייער פריינדינס „דערוואַכונג", איז ניט געווען זיכער צי רחל מיינט עס טאַקע, צי דאָס איז בלויז אָן אויסברוך פון אַ פאַר־וואונדעטער נשמה, וואו היטלערס מערדערישע לאַפּעס מיט שאַרפע שפּיזן האָבן דערגרייכט . . . און עס קאָן דאָך זיין, אַז ווען די וואונד וועט זיך אַביסל פאַרהיילן, וועט זי זיך איינשטילן און בלויז אָפּקומען מיט אירע שאַרפע רייד . . .

— הער זיך איין, רחל, — האָט בערטאַ איר געענטפערט: —איך טראַכט די גאַנצע צייט וואָס דו רעדסט צו מיר, צי איז דאָס ניט אַמאָל ביי דיר אַ מאָמענטאַנער אויסברוך און דו רעדסט איצט אַזוי, ווייל עס

שוט דיר ווי? וואָלט איך דיר דעריבער געראָטן, אַז דו זאָלסט נאָך אָפּוואַרטן אַ שטיקל צייט.

— כ׳וויל מער ניט הערן,—האָט רחל אַרויפגעלייגט די האַנט אויף בערטאַס מויל, — גענוג! איך וויל גלייך אָנפאַנגען!

בערטאַ האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און האָט ערנסט אַרויסגע־רעדט:

— נו, גוט. איך וועל דיר געבן דעם אַדרעס פון אַ שפּיטאָל, וואו דו וועסט דאַרפן דורכגיין פאַרשיידענע עקזאַמענס, דורך וועלכע זיי וועלן שוין דערקענען, צי דו ביסט אַ געשטודירטע נוירס. עס קאָן זיין אַז דו האָסט שוין אַ סך פאַרגעסן. די מעטאָדן זיינען איצט אַנדערש ווי אַמאָל, נאָר עס דאַרף לאַנג ניט נעמען דורכצוגיין די רוטין. דאָס ווענדט זיך שוין אין דעם, ווי פּייאיק דו ביסט און ווי שטאַרק עס פאַר־אינטערעסירט דיך דער ענין, און ווען דו וועסט נאָך אַלץ פילן אַזוי־ענטוזיאַסטיש, דאַרף ניט נעמען לאַנג אָנצוקומען אין דער „אַמעריקען נוירס סוירוויס״. יעדנפאַלס וועל איך דאָ נאָך זיין אַ היפּשע פּאָר וואָכן, און אויב דו וועסט זיך אין עפּעס נויטיקן, לאָז מיר וויסן.

זי איז אויף אַ מינוט אַנטשוויגן געוואָרן און ניט דרייסט צוגעגע־געבן:

— זאָלסט מיר אַנטשולדיקן, רחל, איך וויל דיר נאָך עפּעס זאָגן, — האָט זיך בערטאַ גוט אַריינגעקוקט אין איר, — איך האָב מורא, אַז דו ווייזט אויס אַביסל פאַרעלטערט פאַר אָט דער אַרבעט פון אַ נוירס... און „אַנקל סעם״ וויל ניט קיין פאַרעלטערטע פרויען. . .

רחל האָט זיך אָנגעצונדן:

— ווער איז אַלט? איך פיל מיך גאַנץ יונג און פול מיט ענער־גיע. יאָ, איך פיל זיך איצט יונג און כ׳בין יונג! — האָט זי זיך כמעט ווי צעשריען.

— איך האָב ניט געמיינט דיר ווײַ צו טאָן, — האָט זיך בערטאַ ווי פאַרענטפערט, — דו דאַרפסט אָבער פאַרשטיין, אַז פילן אַליין איז ניט גענוג אין דעם פאַל. מען מוז אויסזען יונג. דו פאַרשטייסט? דו ביסט עפּעס צופיל אָפּגעלאָזן . . .

רחל האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקל און אונטערגעשפּאַרט די הענט אונטער דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט עפּעס טיף נאָכגעדענקט. עס איז

איר שווער געווען צו פֿאַרטראָגן איר פֿריינדינס שאַרפֿע רייד וועגן איר עלטער, וואָס האָבן געקלונגען כמעט ווי אַ באַליידיקונג . . . נאָר מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעגלייכט, אַ שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבער איר פּנים, און ווי אַ מענטש, וואָס האָט פּלוצלונג געפֿונען דעם שליסל צו אַ געהיימניש, האָט זי זיך ווידער געווענדט צו בערטאַן:

— איך פֿאַרשטיי דיך, בערטאַ; אַלץ וועט זיין גוט, דו וועסט זען, און איך וועל דיך פֿריער ניט זען, ביז איך וועל שוין האָבן מיין דיפּלאָמע.

— אָבי דו פֿאַרשטייסט מיך און האָסט זיך ניט געפֿונען באַליידיקט פֿון דעם, וואָס איך האָב דיר געזאָגט, בין איך צופֿרידן. פֿאַרשטייסט דאָך, אַז איך בין אויסן דיין טובה. אַלזאָ, נעם זיך צו דער אַרבעט און מאַך עס שנעל.

— מאַמע, עפּעס אַ מיידל וויל דיך זען, — האָט בערטאַס טאָכטער געמאָלדן דער מוטער.

— אַ מיידל? ווער קאָן דאָס זיין? — האָט בערטאַ פּאַרוואונדערט אַ טראַכט געטאָן, — קיינער, דאַכט זיך, דאַרף היינט ניט קומען צו מיר. נו, גוט, הייס איר אַריינקומען, — האָט זי זיך געווענדט צו איר טאָכטער.

ס'איז געווען אין אָוונט, אין הויז איז געווען טונקל. עס האָט זיך באַוויזן אַ יונגע פֿרוי נעט געקליידט.

— העלאָו, בערטאַ! — האָט די אַריינגעקומענע פֿריילעך אויסגערופֿן און אויסגעשטרעקט צו בערטאַן די הענט.

בערטאַ האָט זי אָנגעקוקט, ווי זי וואָלט איר ניט דערקענט.

— וואָס איז, בערטאַ, דו דערקענסט מיך ניט?

— אָ, רחל, — האָט זיך בערטאַ אַ כאַפּ געטאָן, דערקענענדיק איר שטים, — דאָס ביסטו? זע נאָר ווי דו האָסט זיך געענדערט, — האָט זי זיך מיט איר אַרומגעכאַפּט, — וואָס אַזוינס האָסטו געטאָן צו זיך, דו זעסט דאָך אויס ווי דיינע אַ טאָכטער? ! . . .

— „אָנקל סעם" וויל ניט קיין פֿאַרעלטערטע פֿרויען... האָסטו מיר, דאַכט זיך, אַמאָל געזאָגט.

— זע נאָר די האָר! וואו האָסטו מיטאַמאָל גענומען אַזעלכע רוי-

טע האַר, — האָט בערטאַ ניט געקאָנט קומען צו זיך פון איבעררעשונג,
— היינט די פיגור! אַלץ איז דאָך ביי דיר יונג געוואָרן . . .

— אט אַזעלכע רויטע האָר האָב איך נאָך פאַרמאָגט מיט אַ צען יאָר צוריק, האָב איך עס איצט צוריקגעקראָגן אין „ביוטי־פּאַרלאָר", און אויף מיין פּנים באַנוץ איך אַביסל „שמינק", ווי אַלע מאָדערנע פרויען טוען עס, עפּעס וואָס איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געטאָן. און וועגן מיין פיגור ווילסטו וויסן? און פון וואַנען עס קומט וואָס איך האָב פאַרלוירן אַזוי פיל וואָג? גאָר פּשוט, איך האָב די לעצטע זעקס וואָכן שווער געאַרבעט טאָג און נאַכט, ניט דערשלאָפן, ניט דערעסן, אָבער איך האָב דערגרייכט מיין ציל . . .

זי האָט אויפגעעפנט איר האַנט־בייטל און פון דאָרט אַרויסגענומען אַ פּאַפּירל.

— אָט איז עס! — האָט רחל אַ זאָג געטאָן מיט שטאָלץ, וואַרפנדיק אויף בערטאַן אַ טריאומפירנדיקן בליק.

בערטאַ האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס פּאַפּירל פון רחלס האַנט און גלייך דערקענט די גוט־באַקאַנטע דיפּלאָמע, וואָס ווערט געגעבן צו די אויסשטודירטע נוירסעס.

ניט לאַנג וואַרטנדיק, האָט איר רחל באַוויזן נאָך אַ פּאַפּירל.

—דאָס איז אַן „ענטרי" פאַר „נוירסעס סירוויס אָווער־סיס" — האָט רחל צופרידן און גליקלעך אַרויסגערעדט און אַ פריילעך פייערל האָט אַ בליץ געטאָן אין אירע אויגן, וואָס האָט איר צוגעגעבן יונג־מיידלעשן חן, — יאָ, איך פאָר אין צוויי וואָכן אַרום ערגעץ קיין אייראָפּע צום שלאַכטפעלד . . .

— ווען מיר דאָך ביידע פאָרן צוזאַמען! — האָט בערטאַ אויסגערופן מיט פרייד.

ביידע פריינדינס האָבן זיך אַרומגענומען און זיך צעקושט און דערביי געהאַט דאָס געפיל, ווי זיי וואָלטן פאַרבונדן זייער גורל צוזאַמען אויף לעבן און טויט . . .

— בערטאַ, — האָט רחל פאַרטראַכט אַרויסגערעדט, — ס'קאָן דאָך טרעפן, אַז מיר זאָלן ערגעץ וואו אויף דעם שלאַכטפעלד באַגעגענען אונדזערע זין? ווי מיינסטו, בערטאַ?

— רחל, — האָט בערטאַ ערנסט אַרויסגערעדט, — דו דאַרפסט

אַלעמאָל געדענקען, אַז מיר גייען באַגעגענען אַ סך זין און ניט קיין „איי־נעם״. יעדער יונגערמאַן, וואָס געפינט זיך אויפן שלאַכטפעלד, איז אַ מאַ־מעס אַ זון, און מיר וועלן האָבן די זכיה צו זיין זייערע מאַמעס, אויפ־פאַסן אויף זיי, היילן, באַדינען, און ווי מאַמעס וועלן מיר וואַכן איבער זיי. אַט דאָס, רחל, איז אונדזער אויפגאַבע: מאַמעס צו אַלעמען גלייך, ביז צו דעם זיגרייכן סוף פון דער מלחמה. די „באַיעס״ וועלן פאַר אַ צייט זיין אונדזערע קינדער, אונטער אונדזער השגחה, ביז זיי וועלן זיך בשלום אומקערן געזונטע צו זייערע אייגענע מאַמעס...

רחל האָט פאַרטראַכט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט צו־געשטימט צו בערטאַס רייד...

# הינטערן פאָרהאַנג

(אַ סאַטירע אין 1 אַקט)

**פּערזאָנען:**

ראָזע ראָזאַנאָוו, אַ סטאַר־אַקטריסע, 55 יאָר.
סעם ראָזאַנאָוו, איר מאַן, אַ טעאַטער־מענעדזשער, 58 יאָר
בעסי גוטמאַן, יונגע אַקטריסע, 22 יאָר.
גאָסי גאַרפינקל, אַ סטאַר־אַקטריסע, 52 יאָר.

די האַנדלונג קומט פאָר הינטער די קוליסן פון אַ טעאַטער אין אַ פּראָווינץ־שטאָט נישט ווייט פון ניו־יאָרק.

די בינע שטעלט פאָר אַ גאַרדעראָב־צימער. פוןביידע זייטן טישלעך מיט שפּיגלען. אויף די טישלעך ליגן אָנגעלייגט שמינקע, פאַרשיידענע פּאַרוקן. אויף די ווענט הענגען קאָסטיומען און אויך בילדער, וואָס שטעלן פאָר די אַקטריסע ראָזאַנאָוו אין פאַרשיידענע פּאָזעס. איבערהויפּט וואַרפט זיך אין די אויגן אַ גרויסער אַפיש פון ראָזע ראָזאַנאָוו, אויף וועלכן עס איז געדרוקט מיט גרויסע אותיות, אַז „היינט ווערט געשפּילט „די פריילעכע יתומה“, אַ קאָמעדיע־דראַמע מיט געזאַנג און טענץ, מיט ראָזע ראָזאַנאָוו אין דער הויפּט־ראָלע“.

ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, זיצן ביידע אַקטריסעס, בעסי און ראָזע, ביי די טישלעך און גרימירן זיך.

דאָס פּובליקום דאַרף זען זייער גרימירן זיך.

בעסי, די יונגע אַקטריסע, אַרבעט איבער זיך פלייסיק כדי אויסצוקוקן ווי אַן עלטערע פרוי פון אַ יאָר 55, און ראָזע, די עלטערע אַקטריסע, פון 55 יאָר, אַרבעט שטאַרק איבער איר פּנים כדי אויסצוקוקן ווי 16 יאָר.

יעדעס מאָל ווען בעסי מאַכט אַ טיפּן שטריך הינטער די אויגן אָדער

אַרום מויל, מאַכט מאַדאַם ראָזאַנאָוו אַ חן־פּינטעלעביים אויג אָדער ביים מויל.

ווען בעסי פאַרשמירט זיך די ליפּן בלאַס, פאַרשמירט זיך די ראָזאַנאָוו די ליפּן רויט.

ווען בעסי טוט אָן אַן אַלטן פּאַרוק כדי צו פאַרדעקן אירע שיינע האָר, טוט ראָזאַנאָוו אָן אַ פּאַרוק פון בלאָנדע לאָקן.

בעסי (טוט נאָך אַ מאָל אַ שמיר און זאָגט): איך שמיר און שמיר און קאָן אַלץ נישט אויסקוקן גענוג אַלט צו שפּילן אַ מאַמען (טוט נאָך אַ שמיר און גיט צו) פאַר א י י ע ר מאַמען...

ראָזע: דערפאַר אָבער קוק איך אויס גענוג יונג צו שפּילן דיין טאָכטער. אַ גוטע אַקטריסע דאַרף אַלץ קענען. איך וואָלט זיך דען געדאַרפט גרימירן? ווען איך שפּיל גלאַט אַ יונג מיידל — לאָמיר זאָגן פון אַ יאָר צוואַנציק?! נאָר גאָרנישט, די פּיעסע פאָדערט, אַז איך זאָל זיין זעכצן, מוז איך מיך שוין אַביסל צוגרימירן. נו, אַ פּופּצן יאָריק מיידל שפּיל איך דען ניט? אָט ערשט ניט לאַנג האָבן מיר אויפגעפירט די פּיעסע „דאָס האַרץ פון אַ קינד", האָב איך דען נישט געשפּילט דאָס קינד? אַ מיידעלע פון פערצן יאָר געשפּילט און מיט סוקסעס!

בעסי: אוודאי האָט איר געשפּילט. איר זענט דאָך דער סטאַר!

ראָזע: „יו בעט יור לייף" איך בין דער סטאַר! דערוויילּ, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, מאַך איך סוקסעס. „נאָק אין וואוד!" (קלאַפּט אין טישל) און אַז מען קומט אין בוטשער־סטאָר צי אין דער גראָסערי, צי אַפילו אין ביוטי־פּאַרלאָר, רעדט מען אַלץ פון ראָזע ראָזאַנאָוו און נישט פון בעטי גוטמאַן.

בעסי: אוודאי רעדט מען פון אייך, וואָס דען פון מיר וועט מען רעדן?... ווי קאָן מען רעדן פון מיר, אַז מען קען מיך נישט. איך בין דאָך אַלע מאָל פאַרשמירט. אָדער איך שפּיל אייער באָבע אָדער אין בעסטן פאַל אייער מאַמען. היינט שפּיל איךביידע — אין ערשטן אַקט אייער מאַמע און אין צווייטן אַקט בין איך שוין מיט מזל אַ באָבע.

ראָזע: זע נאָר, זע, ווער עס רעדט! וואָס־זשע ווילסט שוין שפּילן יונגע מיידעלעך? „לידינג ליידיס"?!

**בעסי:** אָ, מאַדאַם ראָזאַנאָוו, איך וויל נישט שפּילן קיין לידינג לײדיס. איך וויל בלויז האָבן די געלעגנהייט צו שפּילן פּאַסיקע ראָלן. ראָלן אין וועלכע איך קען זיך געפינען, צוגעפּאַסטע ראָלן, ניט אַזעלכע!...

**ראָזע** (שלאָגט איר איבער): בעסי, רעג מיך נישט אויף! הײַנט איז מײַן ערן־אָוונט! אַן אַנדער מאָל וואָלט איך מיט דיר אַנדערש גערעדט . . . איבערהויפּט האָב איך פײַנט, אַז מען האָט צו פיל חוצפּה... (באַהערשט איר כעס און רעדט ווײַטער) פאַרגעס נישט, בעסי, אַז דו ביזט נאָך נישט קיין יוניאָן־לײדי, און קיינער קען דיך נישט. ווען נישט מײַן מאַן וואָלט מען דיך דאָ אינגאַנצן נישט געוווען אַרײַנגענומען. נאָר ער אַנטדעקט נײַע טאַלאַנטן, און אַלע מאָל זײַנען דאָס טאַלאַנטן אין קלײדלעך . . . (כאַפּט זיך פּלוצלונג, אַז זי גייט אַריבער די מאָס) באַט, יו נאָו, בעסי, איי לאַיק יו, איי עם קרעיזי עבאָוט יו, נאָר אַז דו וועסט זיך נעמען בריקען, וועט זײַן שלעכט. דאָס טרעפט צום ערשטן מאָל אַז אַ נײַע אַקטריסע זאָל ביי מיר זײַן שוין דעם דריטן חודש. מער ווי אַ חודש האָט נאָך קיין אַקטריסע ניט אויסגעהאַלטן. (כאַפּט זיך, אַז זי איז שוין ווידער אַביסל צו ווײַט פאַרפאָרן, גיט צו) ווײַל זיי האָבן נישט קיין טאַלאַנט. „באָט איי לײַק טו גיוו אַ טשענס״.

**בעסי** (מיט אַ זיפץ): יאָ, איך האָב געהערט דערפון . . .

**ראָזע:** אוי, דו ווייסט, בעסי, עס קאָן דאָך זײַן, אַז גאָסי גאַר־פינקל זאָל הײַנט קומען צו מײַן ערן־אָוונט.

**בעסי:** ווירקלעך? אָ, איך וואָלט זי אַזוי געוואָלט קענען פּער־זענלעך!

**ראָזע:** טע־טע־טע, אַ געפערלעכע מעשה: איר קענען פּערזענ־לעך!

**בעסי:** פונדעסטוועגן איז דאָס זייער שיין פון איר, נעמען איר קרוין־ראָלע „די אָרעמע יתומה״ און אייך אויסבאָרגן די פּיעסע צו אייער ערן־אָוונט. פאַרגעסט נישט, אַז זי איז אַ באַרימטע אַקטריסע.

**ראָזע:** טע־טע־טע, טשאָ־טאָם טוט זיך! גרויסע אַקטריסע מיי איי . . . וועל איך איר טאַקע ווייזן ווי אַזוי צו שפּילן די „אָרעמע יתומה״. קודם־כל האָב איך דערפון געמאַכט „די פרײַלעכע יתומה״. אוי, בעסעניו, האָסטו געדאַרפט זען מיט וואָס פּאַראַ האַרצקלאַפּעניש זי האָט מיר געגעבן די פּיעסע. „נאָ, — זאָגט זי, — דו ביזט דאָך מײַן

בעסטע פריינדין, טאָ שפּיל און זאָל דיר גאָט העלפֿן, אַז דו זאָלסט מאַכן סוקסעס, און אויב איך וועל נאָר קאָנען זיך אַוועקרייסן פון מיין טעאַ־טער, קום איך צופאָרן צו דיין ערן־אָוונט דיך צו זען אין דער ראָלע". יאָ, אַזוי האָט זי געזאָגט, די פאַלשע קאַץ, די פאַסקודנע אידענע, אַ קרענק אויף איר. קען גאָרנישט און שפּילט אַלץ. זי ווינטשט מיר, אַז איך זאָל מאַכן סוקסעס! נאָך אין וואוד! (קלאַפּט אין טישל) איך מאַך אַלעמאָל סוקסעס. איי, ווען איך האָב מיין טעאַטער אין ניו־יאָרק אַזוי ווי זי, וואָלט זיך דאָס היינט אַביסל אָפּגעטאָן. אַ קליינינקייט! עס וואָלט געקומען די ענגלישע און אידישע פרעסע, קריטיקער פון פאַרשיידענע צייטונגען. אָבער דאָ, אומשטיינס־געזאָגט, עס קומט דאָך אַפילו נישט קיין איין קריטיקער!

**בעסי:** אָבער, מאַדאַם ראָזאַנאָוו, עס איז דאָך יאָ געקומען אַ קריטיקער, האָט איר דאָך אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אים נישט אַריינלאָזן...

**ראָזע:** וואָס דען, מען וועט אים יאָ אַריינלאָזן? הער אַ חוצפּה! קומט אין טעאַטער און ברענגט נאָך מיט זיינע פריינט און פאַרנעמען די בעסטע פּלעצער אין גאַנץ. דערנאָך באַשרייבט ער מיך אין זיין פּיי־פּער, אַז עס זאָל אַזוינס גאָרנישט געהערט ווערן. לאַכט און שפּעט אָפּ פון מיר און מאַכט גאָר חוזק פון מיין שפּילן און מאַכט מיך מיט דער בלאָטע צוגלייך. איך, ראָזע ראָזאַנאָוו, ווייס ניט ווי צו שפּילן. כ׳לעבן, ס׳איז טאַקע אַ טעאַטער! מבין מיינער! כאַ ... כאַ ... (לאַכט זיך פּלוצלונג פאַנאַנדער) אוי, בעסעניו, האָסט אים געדאַרפט אָנקוקן, דעם פּאַרשוין. אוי, אַ צורה דאָס האָט! אַ דאַר קוואַר אידל, גרין ווי אַן אַגרעס, מיט ברילן ... און אויסגעדרייטע שיך, און ער גייט מיך קרי־טיקירן ... נו, האָב איך געהייסן אַז מען זאָל אים מער נישט אַריינ־לאָזן אין מיין טעאַטער ... קען יו בלִיים מי? ...

**בעסי:** עס איז בעסער אַ שלעכטע קריטיק ווי גאָר קיין קריטיק נישט.

**ראָזע:** וויל איך גאָרנישט.

**בעסי:** האָט איר געפּועלט.

(עס הערט זיך אַ סיגנאַל)

**בעסי:** דאָס מיינט מען מיך, נאָך צען מינוט צו מיין אויפטריט.

**ראָזע:** (ווערט נערוועז) אוי גוואַלד, וואו איז ערגעץ מיין ראָלע?

בעסי: אָ, איר האָט נאָך גענוג צייט. אייער אויפטריט איז דאָך כמעט ביים שלוס פון ערשטן אַקט.

ראָזע: יעס, אָבער איך וויל איבערגיין מיין פּראָזע, מיין געזאַנג און איבערהויפּט מיין טאַנץ. (געפינט די ראָלע, קוקט אַריין אין איר און זאָגט):

איך ליב דיך, הימלישע זעלע,
דו ביזט נאָבעלער פון אַ פּרינץ
און איידעלער פון אַ גראַף, גראַף, גראַף.
(עס הערט זיך ווידער אַ סיגנאַל)

ראָזע (נערוועז): אוי, פאַר וועמען?

בעסי: פאַר מיר, פאַר מיר, צום דריטן סיגנאַל איז ערשט מיין אויפטריט.

ראָזע: יע, ריכטיק. איז וואו האַלט איך?

בעסי: ביים גראַף...

ראָזע: יעס, גראַף. איז נאָכן גראַף גייט דאָך דאָס קופּלעטל, מוז מען דאָך צופירן צום לידל, זאָג איך: „אָך, טייערער גראַף קאַזשימיר פּאָשליצקי, האָסט זיך מגייר געווען צוליב אַן אָרעמער יתומה" — טפו, מיין איך, צוליב אַ פריילעכער יתומה... אַוועקגעוואָרפן דיינע טיטולן, דיינע פערד און וועגענער און בהמות, אַלץ פאַר מיר! אָ דזשי!... און הייסן הייסטו אויף פּראָסט אידיש „שמעון", אָ, ניין, און טויזנט מאָל ניין, מיין האַרץ ווערט אין מיר צעריסן. איך קאָן דאָך נישט דערלאָזן, אַז מען זאָל אַ גראַף רופן אַזוי פּראָסט און פּשוט „שמעון", דערפאַר וועסטו ביי מיר הייסן „שמייעלע" (זינגט):

אוי, אוי, אוי, שמייע, שמייע, שמייעלע,
צו דיר ציט מיין האַרץ.
אוי, אוי, אוי, שמייע, שמייע, שמייעלע,
נאָר דו איינער קאָנסט היילן מיין שמאַרץ.
שמייע, זאָג וואָס איז דער פּלאַן,
ווי לאַנג איז דער שיעור אָן אַ ווייב צו זיין?
שמייע, שמייעלע, שמייעלע, קום און ווער מיין מאַן...

און איצט גייט דער טאַנץ. (הייבט אָן צו טאַנצן, נאָר עס גייט איר נים. ווענדט זיך אַביסל אין פאַרלעגנהייט צו בעסין) בעסעניו, ווי אַזוי גייט

עס דאַרט דער טאַנץ ? אַז עס איז מיר אינגאַנצן אַרויס פון קאָפּ. אַ קליייניקייט ! אַז דאָס גאַנצע טעאַטער טראַג איך דאָך אויף מיינע פּליי־צעס. אַלץ, אַלץ — אויף מיר ! . . .

בעסי : איך האָב דאָך אייך שוין געהאַט אויסגעלערנט דעם גאַנצן טאַנץ. פאַרגעסן, האַ ? אַלרייט, וועל איך אייך ווייזן נאָך אַמאָל (הייבט אָן) אַט אַזוי : איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי. (טאַנצט אויס אַ שיינעם טאַנץ, און ווען זי ענדיקט, הערט זי ווי עמיצער פּאַטשט בראַוואָ)

(אין דער צייט ווען בעסי האָט געטאַנצט איז אומבאַמערקט אַריינ־געקומען דער טעאַטער־מענעדזשער סעם ראָזאַנאָוו).

סעם : בראַוואָ, בראַוואָ, בעסי, איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז דו קענסט אַזוי שיין טאַנצן.

בעסי : אַ דאַנק. פון וואַנען האָט איר עס געזאָלט וויסן ?

ראָזע (וואַרפט אויף אים אַ בייזן בליק) : ווער האָט נאָך דיר גע־שיקט ? און וואָס דאַרפסטו דאָ האָבן ?

סעם : ראָזע דאַרלינג, רעג זיך נישט אויף : עס איז היינט דיין ערן־אָוונט און עס איז אַן אויספאַרקויפט הויז, בין איך בלויז געקומען זען צי דו ביזט גרייט, ווייל דו וועסט באַלד דאַרפן אויפטרעטן.

ראָזע : איך האָב פּלענטי צייט, פּלענטי, איך גיי ערשט אפשר אַ האַלבע שעה נאָך בעסין, טאָ צו וואָס קומסטו אַהער שמעקן מיטן נעזל ? (ס׳הערט זיך אַ סיגנאַל)

בעסי : פאַר מיר. (אָפּ)

סעם : זיי אַביסל מער פאַרזיכטיק מיט בעסין. זי איז אַ פייאיק מיידל און מיר דאַרפן איר האָבן אין דער קאָמפּאַניע.

ראָזע : ווער דאַרף איר האָבן ? דו אפשר, נישט איך ! וואָס, סעמקעלע, האָסט שוין דערזען אַ ניי פּנימל, אַ פרישע ספּאָדניצע, און עס ברענט שוין אויף דיר די הויט. פּעטער, מען קען אייך . . . הו אין די העל איז שי ? דער סמאַרק ! אַ קאַליקע אַ וויסטע ! קען דאָך אַפּי־לו קיין אידיש נישט ריידן, און דו . . . דו רעד איר נאָר נישט איין קיין פייגעלעך אין בוזעם, ווייל זי קאָן נאָך טאַקע מיינען, אַז זי איז „עמי־צער״, ווייל דער „עמיצער״ בין איך, איך, איך, איך (שרייט אַלץ העכער) איך, דו הערסט, איך !

סעם: דו, דו, דו, איבעראַל דו. דראַמע — דו, קאָמעדיע — דו, אָפּערעטע — דו, פֿאַרס — דו און טראַגעדיע נאָך אַמאָל דו. ווי גייט דאָרט דאָס לידל (זינגט מיטן ניגון פֿון „דודעלע"):

העלדין דו,
גרעפֿין דו,
פּרינצעסין דו,
מכשפֿה דו,
דו . . . דו . . . דו . . . דו . . . דו . .

ראָזע (שלאָגט אים איבער): דו, דרעקטאָר מיינער, קנאַקער אָן אַ נון, יונגע טאַלאַנטן ווילט זיך אים, מיט ליטעראַרישע פּיעסן, מיינסט, אַז איך האָב שוין פֿאַרגעסן די ליטעראַרישע פּיעסע, וואָס דו האָסט אויפֿגעפֿירט „ווייכע ווינטן"? אַז אָך און ווי וואָלט דאָך געווען ווען איך שטעל נישט אַריין אַ פּאָר סאָנגס . . . דאָס פּובליקום וואָלט דאָך איינגעשלאָפֿן. מען האָט אַזוי אויך געגענעצט. עקספּערימענטן ווילט זיך אים מאַכן מיט טשאַרליס געלט, אָבער נאָ מאָר, דו הערסט, נאָ מאָר. איך וויל מער נישט קיין נייע טאַלאַנטן און וויל מער נישט בעסין.

סעם: וואָס האָסטו צו בעסין? פֿאַרוואָס ווילסטו ניט בעסין? אדרבא, זאָג מיר פֿאַרוואָס?

ראָזע: דערפֿאַר ווייל איך וויל נישט, און אויב דו ווערסט זיך איינשפּאַרן, אַז בעסי מוז דווקא מיט אונדז שפּילן, גיי איך אַרויס און עס איז אויס געשעפֿט . . .

סעם: רייזעלע, דו פֿאַנגסט שוין ווידער אָן? דו ברענגסט דאָך אום דאָס טעאַטער, דו לאָזט דאָך נישט צו קיין שום יונגע אַקטריסע (קוקט אויף איר דורכדרינגענדיק) איי, רייזעלע, רייזעלע, דו ווערסט אַלט . . .

ראָזע: אוי, מיין האַרץ! (כאַפּט זיך פֿאַרן האַרץ) אוי, עס איז מיר נישט גוט! אַ גלאָז וואַסער! פּליז, וואַסער! איך חלש . . . (פֿאַרוואַרפֿט דעם קאָפּ און בלייבט ליגן אַ פֿאַרחלשטע).

סעם (בלייבט אַ מינוט שטיין און קוקט אויף איר גלייכגילטיק, גיט אַ צי מיט דער פּלייצע, אַ מאַך מיט דער האַנט און גייט אַוועק).

(עס הערט זיך אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר, באַלד אַ שטאַרקערער קלאַפּ).

ראָזע (הייבט אויף דעם קאָפּ און קוקט זיך אַרום גנביש און ווען זי זעט קיינעם ניט, טוט זי אַ רעווע אַרויס הויך אויפן קול ווי עס וואָלט געאַרנישט פּאַסירט) : קאָם אין!

גאָסי (אַ פרוי פון אַ יאָר 52, אָנגעשמירט און אויסגעפּוצט לויט דער לעצטער מאָדע, אָבער זייער שרייענדיק, קומט אַריין.ביידע אַק־טריסעס כאַפּן זיך אַרום און צעקושן זיך).

ראָזע : גאָסי, דאַרלינג, האַו אַר יו, האָני, אַזאַ גאָסט, אַזאַ גאָסט! איך האָב דאָך נאָר וואָס גערעדט וועגן דיר. איך האָב זיך דאָ געשפּאַרט מיט אַן אַקטיאָר און אים געזאָגט, אַז דו ביזט גרעסער פון דער קאַליש.

גאָסי : אָ, יו אַר אַ דאַרלינג.

ראָזע : זאָג מיר ווי אַזוי האָסטו געקאָנט אָוועקפּאַרן, און ווי אַזוי וועט מען קאָנען אויסקומען אָן דיר ? ! . . .

גאָסי : עס איז היינט נישט קיין וויכטיקער אָוונט. עפּעס אַ בע־נעפיט פאַר אַ סאָסייעטי, שפּילט די הויפּט־ראָלע יאַנקעלע פאַרד. איך האָב שוין אַזוי מאַנעווורירט, אַז איך זאָל זיין פריי היינט אָוונט (קוקט זיך אום צי ראָזע איז אַליין) ווייסט, כ׳בין ניט אַליין . . . נאָך דער פאָרשטעלונג קומט ער אַהער.

ראָזע : ווער ?

גאָסי : אַך, ראָזאַ, איך בין פאַרליבט, פאַרליבט איבער די אויערן.

ראָזע : נו, ווייס איך דאָך.

גאָסי : פון וואַנען ווייסטו, אַז קיין מענטש אין דער וועלט ווייסט עס נישט. עס איז אַ סוד.

ראָזע : האָסט עס דאָך מיר אַליין דערציילט . . .

גאָסי : ווי אַזוי האָב איך דיר געקאָנט דערציילן, אַז איך האָב דיך לעצטנס נישט געזען ? !

ראָזע : וואָס הייסט, דו האָסט מיך לעצטנס נישט געזען ? האָסט דאָך מיך געזען צוריק מיט דריי מאָנאַטן אין ניו־יאָרק אין קאָפּע, איידער איך בין געפאָרן אויף דער ראָוד. ביזט דאָך דאַן אַרומגעגאַנגען און גע־קוקט אויף דער לבנה ווי אַ זעכצן יאָריק מיידעלע און יעדן צווייטן טאָג ביזטו געפלויגן קיין פילאַדעלפיע.

גאָסי : אָ, יענעם מיינסטו גאָר ? !

ראָזע : נו, יאָ, מר. פלאָמשטיין פון פילאַדעלפיע.

גאָסי: אָ, דאָס איז דאָך שוין אַן אַלטער אָפּגעבליאַקעוועטער ראָ־מאַן . . . אַלט ווי די פּיראַמידן . . .

ראָזע: שנעל אַלט געוואָרן! איך געדענק ווי דו האָסט געוואָלט אַרויסוואַרפן די סוברעטין פון דיין קאָמפּאַניע דערפאַר ווייל עס האָט זיך דיר אויסגעוויזן, אַז זי האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן . . .

גאָסי: פּליז, ראָזע, זאָג מיר נישט קיין מוסר, ווייל איך האָב פּיינט מוסר. נו, אוודאי, ווער קאָן זיין אַזוי אָנשטענדיק און אַזוי גוט ווי דו און זיך האַלטן ווי דו מיט טשאַרלין שוין דאָס צווייטע יאָר?! אָבער מיך אינטערעסירן נישט קיין מאַני־מענער, ווייל ביי מיר איז דאָס ליבע, אמתע, הייליקע ליבע . . . (ווערט פּלוצלונג סענטימענטאַל) אָ, ראָזע דאַרלינג, דו דאַרפסט זען מיין איצטיקן . . . עדוואַרד הייסט ער...

ראָזע: נאָכן ענגלישן קעניג, האָ . . . דער אַכטער, עדוואַרד טהי העיט . . .

גאָסי: שיין, געבילדעט, קלוג ווי אַלע וועלטן און סעקס־אַפּיל, אוי האָט ער סעקס־אַפּיל . . .

ראָזע (נייגעריק): ווער מיינסטו האָט מער סעקס־אַפּיל, דער פילאַדעלפיער אָדער דיין איצטיקער עדוואַרד?

גאָסי: איי, וההאט איז די מעטער וויטה יו? אַ פאַרגלייך אַביסל! עדוואַרד איז אַן אמתער קאַוואַליער. זיין שטעל, זיין גאַנג, זיינע מאַ־ניערן, היינט זיינע זיסע רייד . . .

ראָזע (שלאָגט איר איבער): אָ, פּונקט אַזוי באַגייסטערט ביזטו געווען פאַר דעם פילאַדעלפיער מר. פלאַמשטיין.

גאָסי: פּליז, דערמאָן מיר נישט זיין נאָמען!

ראָזע: פאַרוואָס ביזטו אַזוי בייז אויף אים? פאַרקערט, איך מיין, אַז ער איז געווען אַ זייער פיינער מאַן.

גאָסי (קרימט איר נאָך): זייער אַ פיינער מאַן . . . ס׳מזל אויף אים . . .

ראָזע: איך פאַרשטיי נישט וואָס האָט פאַסירט?!

גאָסי: צוריק מיט אַ פאָר וואָכן האָב איך אים צופעליק באַגעגנט, צו אַ באַנקעט, האָט ער דאָך מיך נישט דערקענט . . .

ראָזע: מסתמא ביזטו געווען אָנגעטאָן . . .

גאָסי: ניין, נישט דאָס, ער איז געקומען מיטן ווייב . . .

בעסי (קומט אַריין, זעצט זיך ביי איר טישל און נעמט זיך גרי־מירן).

גאָסי (שטיל, מיט אַ וואונק): ווער איז זי?

ראָזע (סאַרקאַסטיש): וויל ווערן אַן עקטערקע . . .

גאָסי: אַהאַ, זי וויל שלאָפן שפעט.

ראָזע (שטעלט זיי פאָר): באַקענט זיך, די גרויסע גאָסי גאָר־פינקל און בעסי גוטמאַן.

גאָסי: האַו דו יו דו!

בעסי: עס פרייט מיך זייער צו האָבן דאָס פאַרגעניגן אייך צו קענען פערזענלעך. איך האָב אַ סך געהערט פון אייך און האָב אויך גע־לייענט אין די צייטונגען וועגן אייך. עס מוז זיין אַ וואונדערלעך געפיל צו קאָנען זיך אויסלעבן קינסטלעריש.

גאָסי: ע, דאָס אַלץ איז גאָרנישט וויכטיק, מיידל.

בעסי: וואָס קאָן נאָך זיין וויכטיקער פאַר אַ שוישפּילערין?

גאָסי: ליבע. ליבע איז די הויפּט־זאַך. זאָג מיר בעסער, מיידל, האָסט אַ געליבטן?

בעסי (פאַרשעמט): יאָ, איך האָב . . .

גאָסי: עפּעס אַ רעכטער?

ראָזע (וועלכע האָט די גאַנצע צייט בעת זייער געשפּרעך אַריינ־געקוקט אין איר ראָלע, ווערט אויך נייגעריק): טאַקע, ווער איז ער?

בעסי (שטיל): אַ פּאָעט!

ביידע: אַ וואָס?

בעסי: אַ פּאָעט, אַ שרייבער.

ראָזע: אין וועלכן פּייפּער שרייבט ער?

בעסי: ער שרייבט נישט אין קיין צייטונג.

ראָזע: איז פון וואַנען מאַכט ער אַ לעבן?

בעסי (אין אַ פאַרלעגנהייט): ער פּעדלט אַביסל צו מיט שניפּסן.

גאָסי (צו ראָזען): הי פּעדלס וויטה טייס.

ראָזע: זאָג־זשע, אַז ער איז אַ פּעדלער! איי, וואָס טויג דיר דאָרטן אַן אָרעמער פּעדלער? אַן אַקטריסע דאַרף טאַקע האָבן אַ גע־ליבטן, ווייל פון וואַנען וואָלטן מיר גענומען אינספּיראַציע ווען נישט פון אַ קאָפּעטשקע ליבע? נאָר — אַז מען האָלט שוין אין פאַרליבן זיך,

דאַרף מען אין איין וועגס זען, אַז דאָס זאָל שוין זיין אַ ליבע מיט אַ באַנק־ביכל . . .

בעסי (באַליידיקט): איך וויל, אַז איר זאָלט וויסן, אַז מיין פריינט איז נישט קיין פּעדלער, נאָר אַ דיכטער, אַ קינסטלער. זיין נאָמען איז גרינבלאַט. ער האָט שוין אַרויסגעגעבן צוויי ביכער און איז אָנערקענט געוואָרן פון די גרעסטע קריטיקער, און איך האָב אים ליב אָן אַ באַנק־ביכל . . .

גאָסי: בראַוואָ, בעסי, בראַוואָ! ליבע איבער אַלעס! פּרעגן אויף באַנק־ביכלעך גאָר! פּע! (מיט אַ זיפץ) אוי, איך האָב נאָך אַוועקגעגעבן באַנק־ביכלעך . . .

(מ׳הערט אַ סיגנאַל)

ראָזע (שטעלט זיך אויף): אוי, באַלד איז מיין אויפטריט, זאָלסט אַרויסקומען, גאָסי!

גאָסי: איך ווינטש דיר סוקסעס.

ראָזע: איך מאַך אַלעמאָל סוקסעס, נאָך אין וואָוד (וויל אַ קלאַפּ טאָן און האָט נישט וואו. בעסי באַמערקט עס און טראָגט איר אונטער אַ בענקל אין וועלכן ראָזע קלאַפּט) טהענק יו.

(פון הינטער די קוליסן הערט זיך דאָס געזאַנג פון אַ מאַן, וועלכער זינגט אַ דועט מיט ראָזען: ער פון הינטער די קוליסן און זי ענטפערט פון דער בינע).

ער: מיין גאָלדעלע, מיין כלהלעכל.
זי: טראַלאַלאַלאַלאַלאַללאַ.
ער: מיין שיינער, זיסער מלאכל.
זי: טראַלאַלאַלאַלאַלאַללאַ.
ער: נאָר דו אַליין ביזט מיין באַגער,
איך שווער, איך שווער.
זי: טראַלאַלאַלאַלאַלאַללאַ.
(אָפּ).

גאָסי: אוי, אַ מין קוויטשען, אַ מין זינגען. פאַלש ווי אַלעמאָל. און מיינט, אַז זי איז די גרעסטע אַקטריסע. יאָ, איך האָב שוין טאַקע מער גאָרנישט וואָס צו טאָן נאָר זיך אַוועקזעצן און זען ווי זי דערלאַנגט איר קונצעניו (פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און קוקט זיך גוט איין אין

בעסין) מיין געניט אויג זעט, אַז דו ביזט אַ שיין מיידל אַפּילו מיטן פאַרשמירטן פּנים. נו, איז דיר מסתמא גוט, מען לויפט דיר נאָך, האַ ?

בעסי : יאָ, פון מענעדזשער ביזן דזשעניטאָר, אַלע.

גאָסי : און אַלע זאָגן דיר צו, אַז זיי וועלן דיך מאַכן גרויס ?

בעסי : ריכטיק.

גאָסי : נו ?

בעסי : עס איז מיר דערווידער. עס עקלט מיך פון זיי אַלעמען.

גאָסי : וואָס־זשע, דו מיינסט טאַקע, אַז דו וועסט קאָנען ווערן אַן אַקטריסע און נישט דורכגיין די מענעדזשערס שלאָפצימערן ? זיסע חלומות . . .

בעסי : אויב מען האָט טאַלאַנט, דאַרף מען דאָס נישט, און אויב מען האָט נישט קיין טאַלאַנט, וועט עס נישט העלפן.

גאָסי : וועסט עלטער ווערן, וועסטו קליגער ווערן. דערציייל מיר בעסער פון דיין פּאָעט ! ביזט פאַרליבט ? האַ ? איז ער עפּעס אַ שיינער ?

בעסי : וואָס איז דאָ צו דערציילן ? אַז מען איז פאַרליבט, האָט מען געוויינלעך ליב צו טראַכטן דערפון אין דער שטיל.

גאָסי : פאַרוואָס אין דער שטיל ? איך זע נישט איין פאַרוואָס מען קאָן דערפון נישט רעדן אין דער הויך ? פאַרקערט, ביי מיר — אַזוי שנעל ווי איך האָב אַ ליבע, מוז איך דאָס דערציילן, אַז נישט פּיל איך פּשוט ווי איך ווער צעפּלאַצט. פאַרשטייט זיך, אַז איך דערצייל דאָס נישט קיין פרעמדע מענטשן, נאָר אַן אייגענער, אַן אַקטריסע, מיין בעסטער פריינדין.

בעסי : יאָ, אָבער עס קאָן דאָך אַמאָל טרעפן, אַז אייער בעסטע פריינדין דערציילט עס איר בעסטער פריינדין און איר בעסטע פריינדין דערציילט עס גלאַט אַזוי צו אַ פּאָר פון אירע גוטע פריינט און אַזוי אַרום ווערט דאָס אַ פריינטלעכער סוד פאַר דער גאַנצער טעאַטער־פּראָפעסיע...

גאָסי : ביזט נישט קיין נאַריש מיידל. אַ שאָד וואָס דו ווילסט ווערן אַן אַקטריסע . . .

בעסי : אַ שאָד ? פאַרוואָס אַ שאָד ?

גאָסי : ווייל דו וועסט פּטרן אַ שיין, יונג לעבן.

בעסי : שפּילן טעאַטער ? שאַפן ראָלן ? דאָס מיינט פּטרן אַ לעבן ?

**גאָסי**: יאָ, אויף דער אידישער בינע — יאָ. אָט בין איך שוין אַ סטאַר. נו, איז וואָס? וועהער אין טהי העל דיט איט געט מי? וואו ווייט בין איך אַוועק?

**בעסי**: פּונקט אַזוי ווייט ווי עס איז אַוועק דאָס גאַנצע אידישע טעאַטער, אַזוי ווייט, אַז ווען מיין באָבע שטייט איצט אויף פון איר קבר און קומט אַריין אין איינעם פון די אידישע טעאַטערס — לאָמיר זאָגן צום צווייטן אַקט, וואָלט זי געמיינט, אַז זי איז געווען אַוועק בלויז פאַר „אינטערמישן". מען פּליט דאָך שוין מיט עראָפּלאַנען, אָבער אין אידישן טעאַטער האַלט מען נאָך, אַז „עס וועט קומען אַ צייט פון אייזנבאַנען"...

**גאָסי**: דו טראַכסט אַביסעלע צו טיף. קאָנסט נאָך קריגן גרויע האָר און אַלט ווערן פאַר דער צייט. אָסור, אויב עס לוינט זיך, איבערהויפּט דאַרף מען נישט נעמען זאַכן צו ערנסט . . . ווי לאַנג לעבט מען אינגאַנצן? איבערהויפּט אַקטריסעס?! בלויז אַזוי לאַנג ווי מיר קאָנען אָנהאַלטן אונדזער אויסזען, איז זשיווי פּאָקאַ זשיוויאָטסיאַ! ווהאַט טהי העל, איי עם אַ סטאַר עניוועי. איך האָב שוין אַלץ געזען און אַלץ געשפּילט, פון „כינקע פינקע" ביז דעם אומשטערבלעכן גאָרדינס רעפּערטואַר. און מיין נאָר נישט, אַז עס איז מיר אַזוי גרינג אָנגעקומען. איך בין געגנוג אַדורכגעגאַנגען. אָהאָ! . . . אָבער געשפּילט, אַפילו די „קאַמעליען דאַמע" אויך געשפּילט.

**בעסי** (שפּרינגט אויף): אָ! די „קאַמעליען דאַמע"! אָט אַזעלכע ראָלן וואָלט איך געוואָלט שפּילן: „מאַדאַם עקס", „זאַזאַ", „קאַמעליען דאַמע".

**גאָסי**: דאָס אַלץ? נו, און שעקספּירס רעפּערטואַר האָסטו דאָך פאַרגעסן! וואָס הערט זיך עפּעס מיט „ראָמעאָ און דזשוליעט"? שאַ, ווייסט גאָר וואָס, גיב פאַר מיר אַ שפּיל אָפּ אָט־די סצענע, ווי דזשוליעט נעמט איין סם, און לאָמיך זען וואָס דו קענסט. (פּויזע) נו, אַנטרע דזשוליעט! (פאַרבייגט זיך קאָמיש) נו, איך וואַרט!

**בעסי**: אויב איר זענט אויפריכטיק, איז גוט, קאָן איך פאַר אייך אָפּשפּילן די סצענע, ווייל איך וואָלט זייער געוואָלט הערן אייער מיינונג . . .

**גאָסי** (פאַרוואונדערט): דו קענסט טאָקע די ראָלע פון אויסנווייניק?

**בעסי**: נישט בלויז די ראָלע פון דזשוליעט, נאָר איך קען אויך די ראָלן פון זאַזאַ, קאַמעליען דאַמע, קרייצער סאָנאַטאָ און . . .

**גאָסי** (שלאָגט איר איבער): דו קענסט אַביסל צו פיל. איך האָב מורא, אַז עס קאָן דיר נאָך שאַדן צו דיין קאַריערע, איבערהויפּט קענסטו צופיל פאַר ראָזע ראָזאַנאָווס טעאַטער ! . . .

**בעסי** (שטראַלט אויף): נו, איז אפשר אין ניו־יאָרק? אפשר ביי אייך אין טעאַטער?

**גאָסי**: ביי מיר? ע . . . (שטאַמלט) וועל, בעסי, ביי מיר שפּילן שוין יאָרן אַקטריסעס מיט גרויס דערפאַרונג. איך האָב אַזוי אויך צוויי איבעריקע אַקטריסעס, קריגן באַצאָלט און טוען גאָרנישט . . . ניש־טאָ קיין פּלאַץ פאַר קיין נייע . . . אַ שאָד, ווירקלעך אַ שאָד . . .

(ס׳הערט זיך אַ סיגנאַל)

**בעסי**: דאָס מיינט, אַז איך דאַרף מיך גרייטן צום צווייטן אַקט. יאָ, איך דאַרף מיך גרייטן אויפצונעמען מיינע אייניקלעך. איך בין שוין מיט מזל אַ באָבע.

**גאָסי**: און איך מוז אַרויסלויפן זען ווי אַזוי ראָזע דערהרגעט דעם שלום קורטן. וועל, סאָלאָנג, און ליסן, בעסי, אַז דו וועסט קומען קיין ניו־יאָרק, מעגסטו קומען מיך זען שפּילן. ס׳וועט דיר צונוץ קומען. דו ביזט אַ וואויל מיידל און דו געפעלסט מיר. וועל, צום ווידערזען ! (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט און לאָזט זיך גיין. בלייבט אָבער שטיין ביי דער טיר) און הער זיך איין, בעסי, ווען דו וועסט קומען אין מיין טעאַטער מיך זען שפּילן, וועסטו נישט דאַרפן צאָלן פאַר קיין טיקעט. איך וועל דיר געבן אַ פּעס . . .

**בעסי**: אַ דאַנק.

**גאָסי** (גיט זיך אַ נויג. אָפּ.)

**בעסי** (נאָכטראַכטנדיק): זי וועט מיר געבן אַ פּעס (נעמט זיך גרימירן כדי אויסצוקוקן עלטער).

**סעם** (קומט אַריין מיט אַ בוקעט בלומען): בעסי, דאַרלינג, בלו־מען פאַר דיר.

**בעסי**: אַ דאַנק. (דרייט זיך נישט אויס און נעמט ניט די בלו־מען אין דער צייט וואָס סעם רעדט צו איר. טוט זיך אָן אַ טיכל איבערן קאָפּ און פאַרבינדט עס הינטער די אויערן. טוט אָן אַ פּאָר שפּאַקולן אויפן שפּיץ נאָז, אַזוי, אַז ווען זי רעדט, קוקט זי אַריבער די ברילן).

**סעם**: היינט, דו הערסט, היינט נאָכן שפּילן, וועסטו מיך באַגעג־ גענען אין לאָרענס האָטעל. דו הערסט, בעסי, איך פאַנג אָן צו פאַרלירן מיין געדולד. איך שלאָג מיך איבער דיר מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע, קריג זיך מיטן ווייב און דו גאָרנישט! וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? איך, סעם ראַזאַנאָוו, זאָל נאָכלויפן אַ יונגע אַקטריסע, נאָך גאר אַן אומ־ באַקאַנטע, שוין דעם פערטן חודש, און אָן רעזולטאַטן. מיינע פריינט וואָלטן דאָך געלאַכט אין די פויסטן ווען זיי ווייסן דאָס! (ווייכער) הערסט, בעסי דאַרלינג, איך האָב דיך ליב, איך פּגר אַוועק נאָך דיר. אַלץ וועל איך פאַר דיר טאָן. דו וועסט נאָך ביי מיר ברענען אין עלעקטרישע לעמפּלעך: בעסי גוטמאַן, אַ סטאַר, אַ גרויסע באַרימטע אַקטריסע. בעסי דאַרלינג, איי לאָוו יו, און איך, נאָר איך קאָן דיך מאַכן גרויס. אַלזאָ, היינט איינס ביינאַכט.

**בעסי** (דרייט זיך אויס, גרימירט ווי אַן אַלטיטשקע אידענע): האָ? (שטעלט אונטער אַן אויער) איך בין אַביסל טויבלעך אויפן געהער.

**סעם**: איך בעט דיך, בעסי, הער אויף צו שפּילן טעאַטער. איך בין איצט צו ערנסט פאַר דעם . . .

**בעסי**: (רעדט מיט דעם אַקצענט פון אַן אַלטער אידענע): איך וויל נישט אַרויסגיין פון דער ראָלע.

**סעם**: אַלזאָ, בעסי, זאָג שנעל איידער עס קומט אָן מיין ווייב. וועסט וואַרטן?

**בעסי**: איי, וואָס טויג אייך אַן אַלטע אידענע? איך בין דאָך שוין אַ זקנה. דאָרט (ווייזט אויף דער טיר, וואו ראָזע איז אַוועק) איז די יוגנט, די זעכצן יאָריקע! (ס׳הערט זיך אַ סיגנאַל) מיין אויפטריט (כאַפּט זיך אויף און לאָזט זיך גיין פּאַמעלעך, איינגעבויגן ווי אַן אַלטע זקנה, חזרט די ראָלע) איי, גאָט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, זאָלסט אונדז געבן אַ געזונטע וואָך, מיט ברכה, הצלחה און פּרנסה, זאָלסט אָפּהיטן מיינע קינדער, מיינע קינדס־קינדער, מיינע אייניקלעך, מיין רייזעלען, מיין שימעלען און מיין ליטל דזשימי (אָפּ).

**סעם** (וועלכער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען און איר נאָכגעג־ קוקט, צעטומלט, כאַפּט מיט כעס דעם בוקעט בלומען און וויל אים אַ קנאַק טאָן צו דער ערד. אין דער מינוט קומט אַריין זיין פרוי ראָזע. בלייבט ער מיט די בלומען אין דער לופטן און גיט עס ראָזען): נאַ, פאַר דיר.

(פאָרהאַנג)